געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון
מײַן מאַמען, מײַן שוועסטערל
רײַעלען און מײַן ברודערל רוועלען.



מאשע ראָלניקײַטע אין א האלב יאָר נאָכן אומקערן זיך פון לאגער קיין ווילנע

מ. ראָלניקײַטע

# איך מוז דערציילן

פאַרלאַג
„סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע—1988

ББК84 Е7
Р68

אין זײַן פאָרעדע צו דער פראנצויזישער אויסגאבע פון מ. ראָלניקײַטעס דאָקומענטאלער דערציילונג „איך מוז דערציילן" האָט איליא ערענבורג געשריבן, אז אין איר איז „ווערטפול ניט דעם אווטאָרס פאנטאזיע, נאָר די וואָרהאפטיקע באשרײַבונג פונעם לעבן אין געטאָ און וועגן אלץ, וואָס עס האָט איבערגעלעבט א פערצניאָריק מיידל, וועמען דאָס לעבן האָט ניט לויטן עלטער געצוווּנגען קלערן, באַאָבאכטן, שווײַגן".

אָט די דאָזיקע מײַלעס האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאמקײַט צו די פארנאָטירונגען אין טאָגבוך פון מ. ראָלניקײַטע — די קאצעטלערן פון ווילנער געטאָ און נאָך צוויי היטלעריסטישע קאָנצלאגערן. דער בוך איז פאר א קורצער צײַט איבערזעצט געוואָרן אף אכצן שפראכן.

די וועזנטלעכע מײַלעס פון דער דערציילונג — לאקאָניזם באַם באשרײַבן געשעענישן, טרעפלעכע, אויסדריקלעכע שילדערונג פון די העלדן, פסיכאָלאָגישע מאָטיווירונג פון די האנדלונגען.

באַם לייענען קומט אויף ניט ווילנדיק דער געדאנק: ווי שטארק ס'איז דער מענטש, ווען זײַן גײַסט בלײַבט ניט אײַנגעבראָכן און ער פארלירט ניט דעם גלויבן אינעם טריומף פונעם לעבן.

אינעם זאמלבוך זײַנען אײַנגעשלאָסן צוויי פובליציסטישע פארצייכענונגען — „וועגן דעם מוז מען נאָך אלץ דערציילן" און „ניט נאָר ערן דעם אָנדענק". מיט אומרו און לײַדנשאפט זײַנען פול די מאכשאָוועס פונעם אווטאָר וועגן דער פאראנטוואָרטלעכקײַט פון די נאָכמילכאָמעדיקע דורות פארן גורל פון דער וועלט.



Р $\frac{4702200000-274}{083(02)-88}$ 406—87

**ISBN 5—265—00149—2**

# אַרײַנפיר

אין דער זעלבער צײַט, ווען עס האָט געפירט איר ברייט באַרימטגעוואָרענעם טאָגבוך אנא פראנק, האָט אין ווילנע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער פאשיסטישער אָקופאציע, אַן אנדער מיידעלע, מאשע ראָלניק (מאריא ראָלניקײַטע), קימאט אין איין עלטער מיט אנען, אויך געשריבן אירע באַאָבאכטונגען, מאכשאָוועסן, איבערלעבונגען.

בא אונדז אין ליטע זײַנען ביז דער מילכאָמע טאָגביכער געווען א „מאָדע־זאך" בא די שול־קינדער. איך געדענק, אז די מערהײַט מיידעלעך פון מײַן קלאס האָבן געהאט טאָגביכער. אָט די העפטן, וועלכע פלעגן שטארק אויסגעהיט ווערן פון פרעמדע אויגן, סײַ פון היימישע, סײַ פון כאווערטעס, האָבן די מיידעלעך אָנגעטרויט זייערע „סוידעס פון דער ערשטער ליבע", די ערשטע שפראָצלינגען פון זייער פארשטיין די ארומיקע וועלט, זייערע ערשטע „כאטאָים".

די טעקסטן פון די מיידלשע טאָגביכער זײַנען אָפט געווען אָנגעשפיקעוועט מיט נאַיווע צייכענונגען: קווייטן, שפּראָצנדיקע צווײַגעלעך פון ביימער אין פרילינג־צײַט, פייגעלעך... דאָס זײַנען געווען אומשולדיקע ראָמאנטישע טרוימען, נאָך האלב קינדערשע אינערלעכע אימפולסן. די טאָוועלעך פון די העפטן זײַנען מערסטנס געווען באפארבט מיט פריילעכע בונטע פארבן.

מאשע איז ניט געווען קיין אויסנאם. איר טאָגבוך האָט זי אָנגעהויבן פירן אף דער שול־באנק, ווי אלע אירע שול־כאווערטעס. די פרייד פון לעבן, האָפענונגען, טרוימען וועגן דער צוקונפט, ליבע צו טאטע־מאמע, צום ברודערל און צו די שוועסטערלעך... זי האָט געהאט א גוטן לערער — הענריקאס יאָנײַטיס, וועלכער האָט געפלאנצט אין איר ליבע צו וויסן, צו ליטעראטור. אינעם מיידעלע האָבן אָנגעהויבן אופוואכן ליטעראַרישע פעיִקײַטן. אָבער אירע ערשטע שעפערישע פרווון האָט זי אָנגעטרויט בלויז דעם טאָגבוך. אף זײַנע בלעטלעך האָט מאשע מיט ליכטיקע, מילדע פאסטעל־פארבן באשריבן די אומקאָמפּלי־

צירטע געשעענישן אין איר לעבן. זי האָט דעמלט ניט געקאָנט פאָרויסזען, אז זי וועט אָט די נאָטיצן פאָרזעצן מיט איר אייגענעם בלוט...

ווילנע האָט זיך געטרייסלט פון די אופרײַסן פון די באָמבעס, וועלכע זײַנען געפאלן פון די דײַטשישע עראָפּלאנען. עס איז אויסגעבראָכן דער קריג. די שטאָט איז געוואָרן אָקופּירט דורך דער דײַטשיש־פאשיסטישער ארמיי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן העריגעס. די טפיסעס זײַנען געווען פול מיט ארעסטירטע. דאָס גאנצע לעבן איז איבערגעקרייצט געוואָרן מיט שטעכלדראָט.

פאר די ייִדן האָבן די דײַטשן אײַנגעפירט א ספּעציעלן רעזשים. די פארצײַטיקע, פּראכטפולע ווינקעלעך פון ווילנע, ווו עס האָבן זיך פארהיט אין זייער פולער אומבארירלעכקײַט די דענקמעלער פון דער מיטלאלטערלעכער גאָטיק, האָבן די אָקופּאנטן ארומגעצאמט מיט שטעכלדראָט, די שמאָלע קרומע געסעלעך פארמויערט מיט ציגל, פארקלאפּט מיט ברעטער. אָט אזוי איז געשאפן געוואָרן די געטאָ. דאָ האָט מען, ארויסרײַסנדיק און איזאָלירנדיק פונעם לעבן, באזעצט די מענטשן פון דער „נישט־ארישער ראסע", די מענטשן פון „נידעריקן סאָרט".

צווישן די פּאָגראָמען, אינעם קיניגרײַך פונעם צעווילדעוועטן קוילערגעסל, אין אָט דעם עמעסן גענעם האָט מאשע, ווי פריִער, אָנגעטרויט דעם טאָגבוך אירע קינדערשע געדאנקען.

אנא פראנק האָט געלעבט איזאָלירט, ניט ארויסגייענדיק פון איר באהעלטעניש. דערפאר זײַנען אין איר טאָגבוך ווייניק געשעענישן, מער פערזענלעכע איבערלעבונגען. א סאך פּארדראָס, הארצווייטיק, פילאָסאָפישע מאכשאָווען פון א פרי רײַפגעוואָרן קינד.

דער טאָגבוך פון מאשע ראָליניק איז ברייטער לויטן פארנעם פון די געשעענישן. צווישן די העלדן פונעם טאָגבוך זײַנען פאראן ניט בלויז קאָרבאָנעס, נאָר אויך קעמפער. דאָ זעען מיר פּאָרטרעטן פון מענטשן. מיט עטלעכע שטריכן, מיט אלגעמיינע קאָנטורן האָט זי אָנגעמאָלט דעם „מייסים־אינדזל", וועלכער האָט צו דער גרויסער שאנד פון XX יאָרהונדערט, געטראָגן דעם מיטלאלטערלעכן נאָמען „געטאָ"...

פון יענעם טאָג אָן, ווען מאשע איז ארײַנגעפאלן אין אָט דעם „מייסים־אינדזל", איז פון די זײַטלעך פון איר טאָגבוך אף שטענדיק פארשוווּנדן די העלע, פריידפולע שטימונג. אָנשטאָט איר האָט זיך פארשפּרייט א וואָלקן פון טרויער, צאר און יעסורים. און פון יעדן וואָרט האָט גענומען רינען בלוט... א קינד, וואָס האָט געקאָנט עס באשרײַבן, האָט אינערלעך, אין הארצן, באדארפט שוין פילן זיך ווי א רײַפער, גרוי געוואָרענער מענטש...

דער גרויסער דײַטשישער דיכטער געטע האָט מיט די ליפּן פֿון זײַן העלד פֿאוסט אויסגערופֿן: „רעגע, בלײַב שטיין! דו ביסט אזוי שיין...". דער גרויסער דיכטער־הומאַניסט האָט געוואָלט אין יעדער רעגע שעפּן גליק פֿאַרן מענטשן.

אָבער יענע לאַנדסלײַט פֿון געטען, וועלכע האָבן אָנגעטאָן די ברוינע פֿאַשיסטישע אוניפֿאָרם, האָבן געוואָלט יעדע רעגע פֿון מענטשלעכער עקזיסטענץ אָנזעטיקן מיט פּײַן און דערנידעריקונג. ארומגעהאנגען מיט גראַנאַטן און פּיסטאָלעטן, האָט איבערן ווילנער געטאָ געשפּאַנט, ווי א פּולער באַלעבאָס, דער באַפּולמעכטיקטער פֿון הימלערס בלוטיקער געסטאַפּאָ — דער סאַדיסט פֿראַנץ מורער. אים האָבן געהאָלפֿן די פֿאַרעטער פֿונעם ליטווישן פֿאָלק, די מערדער, אויסוואורפֿן און רויבער פֿון דער באַנדע פֿונעם טאַליען אימפּוליאַוויטשוס.

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די אַזויגערופֿענע „אַקציעס"... די מענטשן האָט מען געפּײַניקט מיט הונגער, פֿאַרפֿאָלגט פֿאַרן מינדסטן ברעכן די אומענטשלעכע דראַקאָנישע „קלאָלים", געשיקט אויף שווערסטער שקלאַפֿן־אַרבעט. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס סאַמע שוידערהאַפֿטע. קינדער האָט מען אָפּגעריסן פֿון די עלטערן, פֿרויען — פֿון די מענער... ניט ווײַט פֿון ווילנע, אין פּאָנאַר, האָבן געקנאַלט די שיסערײַען... עס זײַנען געוואַקסן די גיגאַנטישע מאַסן־קבֿרים... מע האָט באַגראָבן די מענטשן נאָך לעבעדיקערהייט...

אין מאַשעס טאָגבוך לייענען מיר געדאַנקען פֿון א „גרוי־געוואָרן קינד", וועלכע רופֿן זיך טראַגיש איבער מיט די ווערטער פֿון געטע. „די נאַכט ציט זיך זייער לאַנגזאַם, — שרײַבט מאַשע. — און זאָל זי זיך ציִען. ווען די צײַט זאָל זיך איצט אינגאַנצן אָפּשטעלן, וועט דאָך ניט קומען דער פֿרימאָרגן און מיר וועלן ניט דאַרפֿן שטאַרבן".

נאָר די צײַט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

יעדע מינוט איז די שטילקײַט צעריסן געוואָרן פֿון אווטאָמאַטן־זאַלפּן.

עס זײַנען געוואַקסן נײַע און נײַע קבֿרים פֿון לאַכלוטן אומשולדיקע מענטשן.

אין פּאָנאַר זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן הונדערט טויזנט מענטשן.

פֿון די בלעטלעך פֿון מאַשעס טאָגבוך רײַסט זיך א דערשטיקנדיק געשריי פֿון א ריין קינדעריש האַרץ:

„צי מעג מען דען האַרגענען בלויז פֿאַר נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג? פֿונוואַנען נעמט זיך אַזאַ ווילדע סינע צו אונדז? פֿאַרוואָס?"

פֿאַרוואָס מאָרדעט מען אומשולדיקע קינדער, פֿרויען, מאַנצבלעט, זקנים? פֿאַרוואָס?

מאַשע האָט ניט געפֿונען קיין ענטפֿער אויף אָט דער פֿראַגע. קיין ענטפֿער האָט ניט געפֿונען קיין איין אָרנטלעכער מענטש, וואָס איז באַם פֿולן זינען.

באזירנדיק זיך אף דער ראסן־„טעאָריע”, האָט דער פאשיזם גערייצט אינעם מענטשן כײַזשע אינסטינקטן. די צווייפיסיקע כײַעס, באהערשט פון דער לײַדנשאפט צו אויסראָטן, שיקער פון פליסנדיקן מענטשלעכן בלוט, האָבן געטאנצט דעם ווילדן „טויטן־טאנץ”.

אין דער פאנאָראמע פון XX יאָרהונדערט האָבן מיט א בלוטיקן שטורעם זיך דורכגעטראָגן פארבלענדטע, ווילדע האָרדעס, לאָזנדיק נאָך זיך כורוועס און הארוגים.

די קלייניקע מארטירערן פון געטאָ, דאָס מיידעלע מאשע, האָט באשריבן די בלוטיקע וואקכאָנאליע פון אָט דעם „טויטן־טאנץ”. לעכאטכילע האָט זי געשריבן אין העפט. דערנאָך האָט קיין העפטן ניט געסטײַעט. די געטאָ איז געוואָרן פארניכטעט. דאָס מיידעלע האָט מען אוועקגעפירט אף קאטאָרגע־ארבעט אין א קאָנצענטראציע־לאגער. זי האָט פאָרגעזעצט אירע פארנאָטירונגען אף אָפגעריסענע שטיקלעך פון פאפירענע צעמענט־זעקלעך. ווען אויך דאָס איז שוין ניט געווען, האָט זי פאָרגעזעצט אירע „נאָטיצן” אין געדאנק. א טויט־נעפל האָט פארהילט די אויגן, נאָר מאשע האָט, ליגנדיק אף די הילצערנע נארעס, נאָך אלץ קאָנסטרויִרט אין די געדאנקען פראזעס, געשלײַפט יעדעס וואָרט.

זי האָט געוואָלט ארויסטראָגן פונעם דאָזיקן גענעם דעם עמעס, ווי מע מאכט דעם מענטשן ווילד און פאר אן אומענטש, דערציילן אָט דעם עמעס אלעמען, אלעמען, אלעמען... קעדיי דאָס זאָל זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאזערן. קעדיי דאָס זאָל זײַן א ביטערע לעקציע פאר די קינפטיקע דוירעס. דערפאר האָט זי געשריבן דעם טאָגבוך. און אויך דערפאר, וואָס זי האָט ניט געוואָלט פארלירן אלע מענטשלעכע ווערטן, זי האָט לײַדנשאפטלעך געשטרעבט צו בלײַבן א מענטש, קעגנשטעלן זיך דער כײַזשער קראפט.

אירע הענט האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן, געמוזט אויספילן די שווערע שקלאפן־ארבעט. נאָר איר גײַסט האָט זיך ניט אונטערגעגעבן, ווי בא דער מערהײַט אײַנוווינער פון געטאָ. ווי באם קאָמוניסט וויטענבערג, ווי בא די העלדן, וועלכע האָבן אָרגאניזירט אין געטאָ אן אונטערערד און האָבן זיך געשטעלט אין אומגלײַכן פארטיזאנישן געראנגל מיטן סוינע.

דער גײַסט פונעם מיידעלע איז ניט אײַנגעבראָכן געוואָרן. איר טאָגבוך — דאָס איז איר גײַסט, וואָס האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. איר טאָגבוך — דאָס איז איינע פון די שוידער־בלעטלעך פון דער מיט בלוט געשריבענער געשיכטע פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט. דאָס איז ניט קיין בעלעטריסטיק. דאָס איז אן עמעסער דאָקומענט, וווּ עס זײַנען קאָנספעקטארטיק באשריבן די ליידן פונעם מענטשן און זײַן גרויסער ווידערשטאנד, טראגיזם און העראָיזם. דאָס איז, ענדלעך, א דאָקומענטאלע באשולדיקונג קעגן יענע, וואָס טראָגן די פאראַנט־

וואָרטלעכקייט פארן דערמאָרדן אומשולדיקע מענטשן, פאר די כייִשע רע־ציכעס.

ווען מע לייענט דעם דאָזיקן בוך, קאָן מען ניט פארבלייבן רויִק. עס ווילט זיך, אז דעם דאָזיקן טאָגבוך זאָלן לייענען יענע מענטשן אין עסטרייך, וועלכע האָבן באפרייט פון טפיסע דעם געוועזענעם באלעבאָס פון ווילנער געטאָ דעם טאליען פראנץ מורער.

עס וואָלט זיך וועלן, אז דעם דאָזיקן טאָגבוך זאָלן לייענען אין די פארייניקטע שטאטן יענע מענטשן, וועלכע האָבן ארויסגעגעבן א פאספאָרט, און דאָס באטייט דאָס רעכט פון אמעריקאנער בירגערשאפט, דעם פארעטער פונעם ליטווישן פאָלק, דעם מערדער אימפּוליאוויטשוס.

און עפשער נייטיקן זיך אָט די מענטשן גראָד אין אזעלכע באשיידענע באנק־אָנגעשטעלטע, אין אזעלכע „בירגער פון די פארייניקטע שטאטן"?.. עפשער איז דאָס טאקע אזוי?

אין אונדזערע הערצער וועט זיך פאר אזעלכע „אָנגעשטעלטע" און „ביר־גער" ניט געפינען קיין טראָפּן מיטלייד. זיי מוזן באשטראָפט ווערן פאר זייערע פארברעכנס. דאָס פאָדערט דער הומאניזם.

...מאשע ראָלניק האָט זיך אומגעקערט אין דער באפרייטער ווילנע. באַ־פרייט זי פון טויט האָבן די סאָוועטישע קריגסלייט. א סאָוועטישער סאָלדאט האָט צו איר געזאָגט: „וויין ניט, שוועסטערל, מיר וועלן מער ניט לאָזן דיך באאוולען!" און ער וועט קיינמאָל ניט לאָזן.

ע ד ו א ר ד א ס מ ע ז ש ע ל ײַ ט י ס

העלד פון דער סאָציאַליסטישער מי, לאורעאט
פון דער לענין־פּרעמיע.

# איך מוז דערציילן

אזונטיקדיקער באַגינען. די זון שײַנט פריילעך. מיסטאָמע פון שטאָלץ, וואָס זי האָט אויפגעוועקט די גאַנצע שטאָט. אומעטום רודערט זיך און עס איז לעבעדיק. איך שטיי אויף דער וואַך בײַ אונדזער טויער (ניט אַליין, נאָר מיטן שאָכן פון דער אַכטער דירע). די לעצטע צײַט דעזשורען אַלע. אַפילע מיר, שילער. ווען עס דערהערט זיך אַ פּרוווּ־אַליאַרעם, מוזן די, וואָס שטייען אין דער צײַט אויף דער וואַך, פאַרהאַלטן די באַוועגונג, און הייסן די פאַרבײַגייער ארײַנגיין אין טויער.

איך האָב געמיינט, אַז דעזשורען וועט זײַן טשיקאַווע, נאָר כ'האָב געהאַט אַ טעות. דעם שאָכן איז, מיסטאָמע, ניט אינטערעסאַנט צו שמועסן מיט מיר, ער לייענט אַ זשורנאַל. איך האָב קיין בוך ניט גענומען: געניג זיך אָנגעלייענט אין דער צײַט פון די עקזאַמענעס.

איך קוק אויף די פאַרבײַגייער, פּרוּוו טרעפן, וווּהין זיי אײַלן זיך, וועגן וואָס טראַכטן זיי. פון צײַט צו צײַט וואַרף איך אַ בליק אויפן האַנט־זייגערל — באַלד ענדיקן זיך שוין מײַנע צוויי שעה און איך וועל גיין צו נעיאָלען. מיר האָבן אָפּגערעדט גיין זיך באָדן.

פּלוצעם האָט גענומען פּײַפן אַ סירענע, אַ צווייטע, אַ דריטע. יעדע אויף איר אויפן. דער שאָכן איז אַרויס אויף דער גאַס. איך לויף נאָך אים. איך רוף אַלעמען אין הויף ארײַן, נאָר קיינער פאָלגט ניט. כאָטש גוט, וואָס זיי פאַרהאַלטן זיך ניט, אײַלן ווײַטער. אין אַ ווײַלע אַרום איז די גאַס געוואָרן פּוסט.

אַ מידע שטיי איך אין הויף, אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט, און וואַרט, עס זאָל זיך ענדיקן דער פּרוווּ־אַליאַרעם. איך באַטראַכט מײַנע „געסט", הער זיך צו, וועגן וואָס זיי ריידן. אוי, זיי ריידן דאָך וועגן אַ מילכאָמע! ווײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז ניט קיין פּרוווּ־אַליאַרעם, נאָר אַן עמעסער! קאָווּנע האָט מען שוין באָמבאַרדירט.

איך בעט באם שאָכן, ער זאָל מיך אָפּלאָזן. איך לויף אַריַין אין שטוב. אַלע ווייסן שוין...

מילכאָמע... ווי לעבט מען אין דער צײַט פון א מילכאָמע?

וועט מען קאָנען גיין אין שול?

דער אַליאַרעם האָט געדויערט לאַנג. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט אף א שלום־סירענע.

דערנאָך האָבן די סירענעס ווידער זיך צעפּיַפּט. ס׳האָבן זיך דערהערט עטלעכע פאַרדומפּטע קלעפּ. דער פּאפּא זאָגט, אז דאָס באָמבאַרדירט מען שוין די שטאָט, נאָר די באָמבעס פאַלן, מיסטאמע, ערגעץ הינטער דער שטאָט. בלײַבן אין שטוב, וואָס געפינט זיך אפן דריטן שטאָק, איז א סאַקאָנע, מע דאַרף אַראָפּגיין אין הויף.

אפן הויף שטייען שוין אַלע שכיינים מיט זייערע קינדער. אנדערע אפילע מיט גרייטע פּעק און קלומעקעס. וווהין קלייבן זיי זיך פאָרן אין אזא טאָג? די מאמע זאָגט, אז זיי וועלן אינערגעץ ניט פאָרן. זיי האָבן פאַרשעט גענומען מיט זיך די נייטיקסטע זאכן: אויב א באָמבע טרעפט אין שטוב, זאָלן זיי ניט בלײַבן נאקעט־הויל. אויב אזוי, איז פאַרוואָס האָבן מיר גאָרנישט ניט גענומען?

כ׳האָב זייער מוירע פאַר באָמבעס. ווי נאָר איך דערהער א פּיַיף פון א באָמבע, שטעלט זיך בא מיר אָפּ דער אָטעם: מיר דוכט, אז זי פליט פונקט אין אונדזער דאָך.

קוים דערלעבט דעם סאָף פונעם אַליאַרעם. מיר זײַנען אַריַין אין שטוב עסן פרישטיק. איך עס און האַלט קוים אײַן די טרערן: עס קאָן זײַן, אז דאָס איז שוין אונדזער לעצטער פרישטיק. אויב מע וועט אונדז אפילע ניט דערהארגענען, וועט מיסטאמע ניט זײַן וואָס צו עסן, — די קראָמען זײַנען דאָך פאַרמאַכט...

און — ווידער פּײַפן די סירענעס. מיר גייען ווידער אַריַין אין הויף. דאָס מאָל האָט מען ניט באָמבאַרדירט.

סאַראַ לאַנגער טאָג!..

פאַרנאַכט זײַנען די פאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען געוואָרן האָזעדיקער. ניט לייגנדיק קיין אַכט אף אונדזערע זעניטקעס, זײַנען זיי פרײַ אַרומגעפלויגן איבער דער שטאָט און געשלײַדערט באָמבעס. ווען איך האָב אַרויסגעשטעקט די נאָז און א קוק געטאָן אין הימל, האָב איך דערזען, ווי די אַעראָפּלאַנען שיטן, ווי הויפנס ניסלעך, קליינע באָמבעלעך.

מיטאמאָל האָט זיך דערהערט אזא טראסק, אז עס האָבן געצומען פּלאצן די שויבן. אונדזער שאָכן, אַן אינזשעניער, האָט געזאָגט, אז דאָס איז אראָפּ־געפאַלן א באָמבע נאָענט, מיסטאמע אַף ברייטער גאס.

עס איז געוואָרן פינצטערלעך. אַף דער ערד איז אראָפּ די נאכט, נאָר קיינער קלײַבט זיך ניט גיין שלאָפן.

פון צײַט צו צײַט לעכערן דורך די שווארצע טוך פון נאכט פּראָזשעק־טאָרן. זיי גליטשן זיך איבערן הימל, ווי זיי וואָלטן אים אונטערזוכן. אנדערע באטאפּן אים לאנגזאם, אנדערע שימערן שנעל ארום — פון לינקס אַף רעכטס, פון רעכטס אַף לינקס. דער פּאַפּאַ זאָגט, אז דאָס זוכן זיי דעם סוינעס אעראָפּלאנען. איך פארמאך שטארק די אויגן און קוק ניט אַפן הימל. דאָן שפּירט זיך גאָרניט, אז עס איז א מילכאָמע. ס'איז ווארעם, ווי אין א געוויינלעכער זומער־נאכט. עמעס, געוויינלעך וואָלט איך אין אזא שפּעטער שאָ שוין לאנג געשלאָפן.

א שטילע הודזשערײַ פון אעראָפּלאנען. א לאנגער, דורכדרינגענדיקער פײַף. אלץ נעענטער, נעענטער. מיטאמאָל ווערט זייער ליכטיק און... א זעץ! א פײַף! ווידער א טראסק! ווידער א פײַף! א קלאַפּ! נאָך איינער! עס דונערן די זעניטקעס, עס פײַפן באָמבעס, עס שיט א געדיכטער שטויב. א טומל און ראַש, ווי אין גענעם.

סאָפקאָלסאָף ווערט שטיל.

עס נעמט טאָגן. מילכאָמע איז מילכאָמע, און די זון גייט זיך אויף. מע האָט געצומען ריידן, אז דאָ איז ניט גענוג זיכער. מע דאַרף אראָפּגיין אין טיפן בעטאָן־קעלער, וואָס געפינט זיך אין דער אנטקעגנדיקער שטוב.

די גאס דאַרף מען אריבערלויפן איינציקווײַז. איך בעט די מאַמע, זי זאָל לויפן צוזאמען מיט מיר. נאָר ניין, זי וועט לויפן מיט רײַעלען און דער פּאַפּאַ — מיט רוועלען. איך און מירע זײַנען שוין גרויסע און דאַרפן לויפן אליין. איך צי ארײַן דעם קאָפּ אין די אקסל און לאָז זיך איבערן וועג.

אין קעלער איז טאקע ניט אזוי שרעקלעך: עס הערן זיך ניט אזוי שטארק דאָס פײַפערײַ און די אויפרײַסן. אָבער ס'איז שמוציק, שטויביק און די לופט איז זייער א שווערע. די, וואָס זיצן לעבן טיר, גייען יעדע ווײַלע ארויף אויבן, קעדיי זיך דערוויסן, ווי איז די לאַגע.

נאָך עטלעכע שאָ זיצן האָבן זיי געזאָגט, אז עס איז שוין געוואָרן רויק. די דערוואקסענע האָבן געצומען איינציקווײַז ארויסקריכן פון קעלער, לויפן אין שטוב און נעמען פון דאָרט עסנוואַרג.

די מאמע מיטן פאפא זײַנען אויך אַרײַן אין שטוב.

אין אַ ווײַלע אַרום איז די מאמע געקומען צוריק אַ פאַרווייגטע און געזאָגט, אַז מיר קאָנען שוין אַרויסגיין, מער וועט מען שוין, ווײַזט אויס, ניט באָמבאַרדירן. דאָס סאָוועטישע מיליטער טרעט אָפּ, און די שטאָט וועלן אָט־אָט פאַרכאַפּן די היטלעריסטן. דאָס איז אַ גרויסער אומגליק, ווײַל זיי זײַנען שרעקלעכע כײַעס און באַזונדערס באַגייען זיי זיך שלעכט מיט ייִדן. אויסער דעם, האָט דער פאפא אַקטיוו מיטגעאַרבעט בײַ דער סאָוועטן־מאַכט. ער איז אַן אַדוואָקאַט. מע פלעגט אים נאָך אין סמעטאַנעס צײַטן אָפּט דראָען דערפאַר, וואָס ער טרעט אַרויס אין די געריכטן אַלס פאַרטיידיקער פון די קאָמוניסטן — טוער פון דער אונטערערד, דערפאַר, וואָס ער איז אַ מיטגליד פון מאָפּר (אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר העלפן רעוואָלוציאָנערן). איז וואָס וועט שוין זײַן מיט אים איצט, בײַם דער הערשאַפט פון די פאַשיסטן?

די מאמע פירט אונדז צוריק אין שטוב. זי הערט אויף צו וויינען און זאָגט, אַז די פאַשיסטן וועלן דעם פאפא קיין זאַך ניט קאָנען טאָן, ווײַל מיר וועלן אַוועקפאָרן טיף אין לאַנד, וווּהין זיי וועלן ניט דערגיין. דער פאפא וועט אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. ווען עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועלן מיר זיך אַלע אומקערן אַהיים.

די מאמע פאַקט אײַנגיך אײַן פאַר יעדערן צו אַ פעקל וועש; זי נעמט אַרויס פון די פאַרטפעלן אונדזערע ביכער און לייגט אַהין אַרײַן שיך. פאַר זיך מיטן פאפא פאַקט זי גרויסע קלומעקעס און בינדט צו זיי צו אונדזערע ווינטערדיקע מאַנטלען.

מיר וואַרטן אויפן פאפא. ער איז אַוועק נאָך בילעטן.

דורך דער פוסטער גאַס, אין דער ריכטונג צו „אַסטראַבראַמע״, פאָרן סאָוועטישע טאַנקען, מאַשינען, האַרמאַטן.

שוין פאַרבײַ עטלעכע שעה, ווי דער פאפא איז אַוועק, און ער איז נאָך ניטאָ. מיסטאַמע איז שווער צו קריגן בילעטן, — אַלע ווילן אַוועקפאָרן. און עפּשער האָט מיט אים עפּעס געטראָפן? מאַדנע, פאַר דער מילכאָמע האָב איך קיינמאָל ניט געקלערט, אַז ווען אַ מענטש גייט אַרויס פון שטוב, קאָן מיט אים עפּעס געשען... און איצט, קריגס־צײַט איז אַלץ אַנדערש...

אַלץ ווייניקער מאַשינען פאָרן פאַרבײַ. עס הערט זיך אַ שיסערײַ. מע טאָר שוין מער ניט וואַרטן. מע דאַרף זיך דורכרײַסן צום וואָקזאַל, צום פאפא.

יעדערער פון אונדז נעמט זײַן פּעקל און מיר גייען אַרויס. לויפנדיק פון איין טויער צום צווייטן, דערקלײַבן מיר זיך קוים מיט צאָרעס צום וואָקזאַל. נאָר דאָ דערוואַרט אונדז ניט קיין גוטס: אַ שרעקלעך געפּילדער פון אָן אַ שיר מענטשן, טרויעריקע יעדיעס, אַז דער לעצטער צוג איז אַוועק מיט עטלעכע שאָ צוריק. מע זאָגט, אַז גלײַך הינטער דער שטאָט האָט אין אים געטראָפן אַ באָמבע. מער קיין צוגן וועלן ניט גיין.

מיר האָבן געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, אָבער דעם פּאַפּאַ אינערגעץ ניט געפונען. אייניקע האָפן, אַז מע וועט זיך עפּשער דערוואַרטן אויף אַ באַן. אַנדערע קלײַבן זיך גיין צופוס און אין וועג זעצן זיך אויף אַ צופעליקער מאַשין. די מאַמע דערמאָנט זיך, אַז דער פּאַפּאַ האָט אויך עפּעס גערעדט וועגן אַ מאַשין. מע דאַרף פּרוּוון גיין.

מיר לאָזן זיך צופוס צוזאַמען מיט אַנדערע מענטשן. די זון ברענט. עס מאַטערט דער דאָרשט. מיר זײַנען אָפּגעגאַנגען נאָך זייער ווייניק, עס זעט זיך נאָך די שטאָט.

רוּוועלע בעט זיך אָפּשטעלן, אָפּרוען. די מאַמע נעמט בײַ אים צו זײַן פּעקעלע, אָבער דאָס העלפט ניט — ער כליפּעט. און נעמען אויף די הענט אַ פּיצפּיאָריק יינגעלע איז ניט אַזוי לײַכט. אויך רײַעלע, כאָטש זי איז אויף צוויי יאָר עלטער, איז ניט קליגער פון אים, — זי וויינט אויך. מיר ווילט זיך אויך זייער אָפּרוען, נאָר איך שווײַג.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט. אַנדערע, שטאַרקערע, יאָגן אונדז אַריבער.

די מאַמע האָט אײַנגערעדט די קינדער צו גיין ווײַטער. נאָר אינגיכן האָבן זיי ווידער גענומען בעטן, מע זאָל זיך אָפּשטעלן.

מיר זיצן. דאָס מאָל שוין ניט אַליין: נאָענט פון אונדז רוען נאָך עט־לעכע מישפּאָכעס.

ווײַטער גייען מיר שוין צוזאַמען. עס יאָגן אונדז אַריבער איבערגעפּול־טע אויטאָס. נעמען אונדז קאָנען זיי ניט, זיי ראַטן, מיר זאָלן זיך צוײַלן, ווײַל די היטלעריסטן זײַנען שוין גאָר נאָענט. נאָר ווי אײַלט מען זיך?

וואָס טוט מען? אייניקע זאָגן, אַז מע דאַרף גיין ווײַטער — בעסער פאַלן אין וועג פון מידקייט און הונגער, איידער פון דער האַנט פון אַ פאַשיסט. אַנדערע טײַנען, אַז די דײַטשן זײַנען גאָר ניט אַזעלכע כײַעס, ווי מע מאָלט זיי.

די קינדער בעטן זיך אהיים. מירע זאָגט, אז מע דאַרף גיין ווײַטער. איך שווײַג. די קינדער וויינען. די מאַמע קערט זיך אום... מיר זײַנען ניט די איינציקע, וואָס קערן זיך אום אין שטאָט.

דער הויזוועכטער דערציילט, אז נאָך אונדזער אוועקגיין איז געקומען דער פּאַפּאַ. ער האָט געבעטן איבערגעבן, אז ער זוכט א מאַשין.

מיר זײַנען ווידער אין שטוב. די צימערן זעען אויס ווי פרעמדע. דאָס האַרץ קלעמט. מיר געפינען זיך ניט קיין אָרט, דרייען זיך אַרום פון ווינקל צו ווינקל, שטייען בײַ די פענצטער. אַלץ איז טויט, ווי אין שטאָט וואָלט ניט געבליבן קיין לעבעדיקער נעפעש. אפילע קיין קעצעלע לויפט ניט אַריבער די גאַס. עפשער זײַנען מיר דאָ טאַקע די איינציקע?

אויף די טראָטואַרן שטייען פוסטע אויטאָבוסן. מע האָט זיי דאָ אוועקגעשטעלט בײַם אָנהייב פון ערשטן אַליאַרעם. ווי מאָדנע — דער ערשטער אַליאַרעם איז געווען סאַכאַקל מיט אָנדערהאַלבן טעג צוריק.

א טויטע שטילקײַט. זעלטן הערן זיך איינזאַמע שאָסן... דורך דער גאַס, זיך יאָגנדיק נאָך א רויטאַרמייער, לויפן פאַרבײַ עטלעכע יונגען מיט ווײַסע בענדער אויף די אַרבל. איינער יאָגט זיך ווײַטער, די איבעריקע שטעלן זיך אָפּ בײַם מאַגאַזין לעבן קינאָ „קאַזינאָ", האַקן אויס די שויבן און שלעפּן פון דאָרט גרויסע קאַסטנס. שווידערלעך הילכן אָפּ אין דער שטילקײַט די טריט פון די רויבער.

צוגעפאַלן די נאַכט. די מאַמע פאַרשליסט די טיר, אָבער לייגן זיך שלאָפן האָבן מיר מוירע. און עס ווילט זיך גאָר ניט שלאָפן. נאָר רעוואָלווערן און ריוועלן האָט די מאַמע ניט קיין אויסגעטאָנענע אוועקגעלייגט אין קאַבינעט אויף דער סאָפע. איך מיט מירען שטייען בײַם פענצטער און קוקן מיט א פוסטן בליק אויף די אָפּגעשוואַרצטע פון דער נאַכט הײַזער.

וואָס וועט זײַן ווײַטער? מיר דוכט זיך, אז איך האָב מוירע מער פון אַלעמען. די מאַמע איז עפעס גאָר אן אַנדערע, א פאַרלוירענע. מירע איז די זעלבע, ווי געווען.

אינמיטן נאַכט האָבן אין גאַס זיך דורכגעטראָגן מאָטאָציקליסטן. היטלעריסטן!

עס טאָגט. עס פאָרן טאַנקען! פרעמדע! אויף פיל פון זיי — לייוונטן מיט דער שרעקלעכער שוואַרצער שפּין, מיטן פאַשיסטישן האַקנקרייץ.

די גאַס ווערט אַלץ מער פאַרפּלייצט פון אויטאָס, מאָטאָציקלען, פון סאָלדאַטן אין גרינע אוניפאָרמען, וואָס ריידן אויף א גאָרגלדיקער שפּראַך. שוידערלעך איז צו זען, ווי די אָקופּאַנטן שפּאַנען איבער אונדזער ווילנע...

מיר האָבן ניט געטאָרט זיך צוריקקערן...

און דער פּאַפּאַ איז נאָך אַלץ ניטאָ.

די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעגעבן א באַפעל, אַז מע זאָל עפענען אַלע רעסטאָראַנען און קאַפעען, אָבער מיט אַן אויפשריפט:

“Für Juden Eintritt verboten”

“Juden” — דאָס זײַנען מיר. און די אָקופּאַנטן האַלטן, אַז מיר זײַנען ערגער פאַר אַנדערע: „פאַר ייִדן דער אַרײַנגאַנג פאַרבאָטן”. מע וואָלט באַדאַרפט צוגיין, אויסהאַקן די שויב און מיט א פאַרבלוטיקטער האַנט צערײַסן דאָס דאָזיקע נידערטרעכטיקע פּאַפּירל!

אָבער אַרויסגיין פון שטוב איז שרעקלעך. אפּאָנעם ניט בלויז אונדז, די גאַסן זײַנען פול מיט היטלעריסטן און יונגען אין ווײַסע האַנט־בענדער.

מירע זאָגט, אַז מע דאַרף גיין אין שול אָפּנעמען איר אַטעסטאַט און אונדזערע מעטריקעס, ווײַל דאָרטן קאָן מען זיי פאַרניכטן. גיין דאַרף איך: מיך, א קליינינקע, וועט מען ניט פאַרהאַלטן. אָבער איך האָב מורע. איך פאַרשטיי ביכלאַל ניט, צוליב וואָס דאַרף מען עס. די מאַמע האַלט אָבער אונטער מירען. די דאָקומענטן זײַנען נייטיק. מירען גייט שוין דאָס זיבעצנטע יאָר; זי קאָן מען פאַרהאַלטן, בעטן א פּאַס. מוז איך גיין. קעדיי עס זאָל זײַן זיכערער, הייסט די מאַמע, איך זאָל אָנטאָן די שול־אוניפאָרם און אפילע דאָס אוניפאָרם־היטעלע.

כ׳גיי אַרויס. באַם טויער קוק איך זיך אַום. וויפל פאַשיסטן! און אויב עמעצן פון זיי וועט אײַנפאַלן מיך אָפּצושטעלן?.. צום גליק, באַמערקן זיי מיך ניט.

מיט א ציטערנדיק האַרץ גיי איך איבער דער גאַס. כ׳שלעפּ זיך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און קוק זיך אויף קיינעם ניט אַום. איך צייל די טריט. אין דער וואָלענער אוניפאָרם איז שטאַרק הייס.

באם אריבערגיין די געדימינא־גאס ווארפט זיך מיר אין די אויגן די גרויסע צאָל אוטאָס און מיליטערלײַט אין גרינע, ברוינע און שווארצע בגאָדים. איינער פון זיי איז דורכגעגאנגען הארט לעבן מיר. איך האָב דער־זען אָף זײַן ארבל א באנד מיט א האקנקרייץ.

נו, אָט איז די שול. א כאאָס, אן אומאָרדענונג. שמוציק. אָף די טרעפּ האָט מיך באגעגנט קאוקאָריוס פון נײַנטן קלאָס.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען? מארש פונדאנען!

איך בעט אים, ער זאָל מיך דורכלאָזן. נאָר ער רײַסט מיר אראָפּ פון קאָפּ דאָס אוניפאָרם־היטעלע.

— אוועק פונדאנען! און שטינק דאָ ניט אין אונדזער שול!

איך גיי צוריק און שטויס זיך אָן מיטן לערער הענריקאס יאָנײַטיס. כ'האָב מוירע, ער זאָל מיך אויך ניט אָפּזידלען און אײַל זיך פארבײַגיין. אָבער דער לערער שטעלט מיך אָפּ, גיט א האנט און פרעגט, נאָך וואָס בין איך געקומען. ער גייט מיט מיר אין קאנצעלאריע, העלפט אופזוכן דעם אטעסטאט און די מעטריקעס. באם ארויסגיין באגלייט ער מיך, קעדיי קאָוקאָריוס זאָל מיך ווידער ניט פארהאלטן. ער זאָגט צו אין אָוונט קומען צו אונדז.

זײַן וואָרט האָט ער געהאלטן. די מאמע וואונדערט זיך: א ווייניק באַ־קאנטער, בלויז א לערער, נאָר באציט זיך ווי אן אייגענער מענטש, און לייגט אפילע פאָר זײַן הילף.

אין דער פאָרשטאָט שניפעשיק איז געווען א פאָגראָם. באנדיטן האָבן אָנגעצונדן א שײַטער, געבראכט אהין צו שלעפּן דעם היגן ראָוו און נאָך עטלעכע זקיינים מיט לאנגע בערד, ארויסגעטראָגן פון די שולן די סייפער־טוירעס און באפוילן די ייִדן צו ווארפן זיי אין פײַער. ווײַטער האָט מען געצוווּנגען די זקיינים, זיי זאָלן זיך אויסטאָן נאקעט, נעמען זיך פאָר די הענט, טאנצן ארום דעם שײַטער און זינגען די סאָוועטישע ליד „קאטיושא". נאָכדעם האָט מען די זקיינים אונטערגעסמאליעט אפן פײַער, געצופּט זיי בא די בערד, געשלאָגן און געצוווּנגען ווידער צו טאנצן.

איז דאָס עמעס? צי קאָן מען דען אזוי זיך איזדיעקעווען איבער מענטשן?

אף נאָוואָגראָדער גאַס איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָגראָם.

כּוץ דעם, האָבן די אָקופּאַנטן אויפגעהאַנגען עטלעכע מענטשן פאַר די פּיס. עמעצער האָט געמאָסערט, אַז זיי האָבן געוואָלט עוואַקויִרן זיך אין דער טיף פון סאָוועטנפאַרבאַנד, נאָר זיי האָבן ניט באַוויזן און זיך אומגעקערט צוריק.

וואָס וועט זײַן, אויב דער הויזוועכטער וועט אַף אונדז אויך מאָסערן? ער האָט דאָך געזען, ווי מיר זײַנען אַוועק פונדערהיים.

אַף די גאַסן האָט מען אַרויסגעהאַנגען אַ באַפעל: קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן מוזן זיך רעגיסטרירן. מענטשן, וועלכע ווייסן, ווו עס געפינען זיך מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון קאָמיוג, פון מאָפּר, וואָס מײַדן אויס די רעגיסטראַציע, מוזן טייקעף מעלדן אין געסטאַפּאָ.

איך בין אַ פּיאָנערקע. נאָר וועגן פּיאָנערן איז אין באַפעל ניט געשריבן. די מאַמע זאָגט, אַז זי וואָלט מיך סײַווי ניט רעגיסטרירט, נאָר דעם פּיאָנערישן האַלדזטוך דאַרף מען באַהאַלטן. עפּשער אויסשמירן אים אין סאַזשע? אין קיין פאַל ניט! מע האָט מיר אים אַזוי פײַערלעך אויסגעבונדן, כ'האָב געגעבן אַ שוווּע און מיטאַמאָל — סאַזשע! ניין! מיר האָבן באַשלאָסן אַרײַננייען אים באַם פּאַפּאַ אין ראָק, אינעם אונטערשלאַק. ווען די מאַמע האָט גענייט, האָב איך זיך געשפּילט מיט די קינדער, זיי זאָלן ניט זען. זיי זײַנען נאָך קליינינקע, קאָנען זיי אויספּלאַפּלען.

דאָס מאָפּר־צייכנדל פונעם פּאַפּאַ האָט די מאַמע באַהאַלטן אַפן בוידעם. אונדז האָט זי געהייסן דורכקוקן דעם פּאַפּאַס פּאַפּירן. ד'אָרט זײַנען דאָ אויך איניאָנים פון קאָמוניסטן, וועלכע ער האָט פאַרטיידיקט. אויב מע וועט דאָס געפינען, וועט מען אונדז דערשיסן.

אַגעוו, זײַנען די איניאָנים זייער פאַרשיידענע. אַנדערע לייענען זיך, ווי אינטערעסאַנטע ביכער. שווער אָפּצורײַסן זיך פון זיי. איך ליג זיי אָפּ אין אַ זײַט — כ'וועל זיי איבערלייענען נאָכאַמאָל.

אין די גאַסן הענגט נאָך אַ באַפעל: אין שטאָט מוז זײַן שטיל און רויִק. אַלס אָרוועס־לײַט זײַנען גענומען געוואָרן 100 מענטשן. אין פאַל פון קלענסטע אומאָרדענונגען אָדער אומגעהאָרכזאַמקײַט וועלן אַלע אָרוועס־לײַט דערשאָסן ווערן.

די אָקופּאַנטן האַלטן זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן לאַנג דאָ צו בלייבן. זיי פירן איין אייגענע געלט — מאַרקעס. זיי טוען אַ טויווע און לאָזן צייטווייליק זיין גילטיק אויך די סאָוועטישע רובלס, אָבער די פּרייז פון אַ רובל באַשטימען זיי סאַכאַקל צען פּעניג. דאָס הייסט, אַז 10 רובל איז גלייך אינגאַנצן צו איין מאַרקע.

זיי האָבן אויסגעהאַנגען אַ נייעם באַפעל: אַלע (דאָ שוין אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, אַן אויסנאַם זיינען נאָר דייטשן און „פאָלקס־דויטשע") מוזן אָפּגעבן זייערע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. פאַרן באַהאַלטן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, פאַר הערן סאָוועטישע אָדער אויסלענדישע טראַנסליאַציעס — טויט־שטראָף!

די מאַמע מיט מירען האָבן איינגעוויקלט דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט אין אַ טישטעך און אוועקגעטראָגן.

אפן ראַדיאָ־טישל האָב איך אויסגעלייגט מיין אַלבאָם מיט לידער, דעם טאָגבוך, אַ טינטער, אַ בלייער. איצט וועל איך אויך, ווי דערוואַקסענע, האָבן אַן אייגענעם שרייבטיש.

שוין עטלעכע טעג, ווי די היטלעריסטן גייען איבער די הייזער און קאָנטראָלירן, ווי מע פּילט אויס זייער באַפעל. נעכטן זיינען זיי געווען אויך בא אונדז. ניט געפונען קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַט, האָבן זיי צוגענומען דעם פּאַפּאַס שרייב־מאַשינקע און דעם טעלעפאָן, בא די שכיינים האָבן זיי אויך צוגענומען די טעלעפאָנען, וועלאָסיפּעדן און שרייב־מאַשינקעס.

היינט איז געקומען צו אונדז גאָובענע. זי האָט דערציילט, אַז סאָלאָ־מעיאַ נעריס איז „אַנטלאָפן צו די רוסן". זי וואָלט געקאָנט רויק לעבן, אויב זי וואָלט נאָר געשריבן לידער און זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק. אָך, ווי זי, גאָובענע, האָט דעמלט איינגערעדט די פּאַעטעסע ניט אַרויסצוזאָגן זיך פאַר דעם, אַז ליטע זאָל אַריינטרעטן אין באַשטאַנד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, ניט פאָרן מיט דער דעלעגאַציע קיין מאָסקווע.

איך האָב שטענדיק געטראַכט, אַז גאָובענע איז אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש, אויב זי איז באַקאַנט מיט אַזאַ פּאַעטעסע, ווי סאָלאָמעיאַ נעריס. איצט זע איך, אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסן טאָעס. גאָובענע, זעט אויס, האָט ליב צו כאַווערן זיך מיט אַלעמען, ווער עס איז באַרימט. מיט וויפל שטאָלץ דערציילט זי, אַז בא איר לעבט אַ דייטשישער אָפיצער! אַגעוו, ער בעט נאַטורעלע קאַווע. אין דייטשלאַנד איז שוין לאַנג ניטאָ אַזאַ קאַווע.

ער וואָלט וועלן קויפן אויך אַ ביכל מיט היינעס לידער. אין דײַטשלאַנד איז היינע פאַרבאָטן (ווײַזט זיך אַרויס, אַז היינע איז אויך אַ ייִד), און גאַנ־בענעס שאַכן האַלט, אַז היינע איז דער בעסטער דיכטער און יענער וואָלט וועלן קריגן אַ זאַמלבוך מיט היינעס לידער.

די מאַמע האָט אָפּגעגעבן סײַ די קאַווע, סײַ היינען. גאַובענע האָט צו־געזאָגט ברענגען פאַר דעם געלט.

די פּאַשיסטן גייען ווידער איבער די ייִדישע הײַזער. אַמאָל אַליין, אַמאָל, עס זאָל האָבן אַ „געזעצלעך" פּאָנעם, טרײַבן זיי מיט זיך אויך די הויז־וועכטער. זיי פאַרשרײַבן דאָס מעבל און פאַרזאָגן שטרענג, אַז אַלץ מוז בלײַבן אויפן אָרט. מע טאָר ניט ניט אַרויספירן, ניט פאַרקויפן. אויב עס וועט פאַרפאַלן ווערן כאָטש איין שטול, וועט מען דערשיסן די גאַנצע מישפּאָכע.

נאָר שיין מעבל פירן זיי גלײַך אוועק, ניט פאַרשרײַבנדיק ביכלאַל. עמעסע רויבער!

עס זײַנען נאָך קיין צוויי וואָכן ניט אַוועק, זינט די אָקופּאַנטן זײַנען אַרײַן אין שטאָט, און ווי עס האָט זיך אַלץ געענדערט!

אין שטאָט זײַנען אויסגעהאַנגען נײַע באַפעלן: אַלע ייִדן — דערוואַק־סענע און קינדער — מוזן טראָגן לאַטעס: אַ ווײַס שטיקל שטאָף פון 10 סאַנטימעטער די לענג, אויף דעם אַ געלער קײַלעך, אין קײַלעך אַ געלער בוכשטאַב J

די לאַטעס דאַרף מען צונייען צו די אייבערשטע בגאָדים, פון פאָרנט און אויפן רוקן.

די אָקופּאַנטן האַלטן אונדז אפילע פאַר קיין מענטשן ניט און צייכענען ווי שאָף. דערמיט טאָר מען אין קיין שום פאַל ניט אײַנשטימען! צי דען וועט קיינער ניט וואַגן צו געבן אַ ווידערשטאַנד?

די מאַמע הייסט העלפן נייען די לאַטעס. זי צעשנײַדט אַ געלן אונטער־שלאַק פון אַן אַלטער דעקע און מיר נעמען נייען אונדזערע שאַנד־צייכנס. עס קומען עטלעכע שכיינעס, וועלכע האָבן ניט קיין געלן שטאָף.

די אַרבעט גייט גאַנץ שווער: דאָ איז צו ברייט, דאָ צו קרום. קיינער רעדט ניט, מע זיפצט.

אוועקגייענדיק, זאָגט איין שכיינע, אז מע דארף די לאַטעס טראָגן מיט שטאָלץ. געפונען, מיט וואָס צו שטאָלצירן... וואָס שייַעך מיך, וועל איך מיט זיי אין גאַס ניט ארויסגיין — איך שעם זיך צו טרעפן א לערער אָדער אפילו א כאַווערטע.

ס'איז דאָ נאָך א באַפעל פון די היטלעריסטן: אַלע ייִדן מוזן אָפּגעבן זייער געלט, צירונג און אַלע גאָלדענע כפייצים. פאַר זיך מעג מען לאָזן גאָר 30 מאַרק, ד.ה. 300 רובל.

פּיאַווקעס! אַפּאָנעס, אז אין זייער פאַרשאָלטענער געסטאַפּאָ זיצט עפּעס א שעד, וואָס טראַכט ספּעציעל צו פאַר אונדז אַלץ נייַע צאָרעס.

די לאַטעס און קאָנפיסקאַציע פון געלט — איז נאָך די קלענסטע צאָרע. זיי דערהארגענען אומשולדיקע! באַוואָפנטע פאַטרולן פאַרהאַלטן אַף דער גאַס מאַנצבלען און טרייַבן זיי אין לוקישקער טפיסע.

די מאַנצבלען האָבן מוירע ארויסצוגייִן אין גאַס. אָבער דאָס ראַטעווע זיי ניט: די באַנדיטן רייַסן זיך ארייַן באַנאַכט אין די הייַזער און נעמען צו אפילו ייִנגלעך.

פון אָנהייב האָבן אַלע געגלייבט, אז פון טפיסע פירט מען אוועק אין אן ארבעטס־לאַגער אין פּאָנאַר. איצט אָבער ווייסן מיר שוין: אין פּאָנאַר איז ניטאָ קיין שום לאַגער. דאָרטן דערשיסט מען! די דערשאָסענע וואַרפט מען ארייַן אין צעמענטירטע גריבער.

איז עס מעגלעך? דאָס איז אזוי שרעקלעך!!! פאַר וואָס, פאַר וואָס הארגעט מען?!

די „כאַפּערס" — אזוי רופט מען זיי — הערן ניט אוף זייער מיִעסע מעלאָכע. אין יעדער דירע זייַנען געמאַכט מאַלינעס, ווו די מאַנצבלען ליגן באַהאַלטן טאָג און נאַכט.

עפּשער איז גאָר ניט שלעכט, וואָס דער פּאַפּא איז ניטאָ. עפּשער איז ער דאָרטן?.. ער קעמפט אפן פראָנט און וועט אונדז באַפרייַען. ווען דער לערער יאָנייַטיס דערציילט די נייַעס פון מאָסקווער ראַדיאָ (ער האָט זייַן ראַדיאָ־אַפּאַראַט ניט אָפּגעגעבן, נאָר באַהאַלטן אין האָלץ־שטעלכל), דוכט זיך מיר, אז ער וועט דערציילן עפּעס אויך וועגן דעם פּאַפּא. די מאַמע האָט דאַפקע דערפאַר זייער מוירע. זי וויל, פאַרשטייט זיך, אויך דערוויסן זיך

וועגן דעם פּאַפּאַ, אָבער ניט דורך ראַדיאָ, ווײַל דאַן וועט מען אונדז דער־שיסן, ווי אַ פֿאַמיליע פֿון אַ רויטאַרמייער.

און עפּשער וועט מען ניט דערשיסן? אָט לעבן דאָך די פֿאַמיליעס פֿון סאָוועטישע אָפֿיצערן. מע האָט זיי פֿאַרשפּאַרט אין צוויי הײַזער אויף סובאָ־טשער גאַס און מע האַלט זיי דאָרטן. נאָר ווער קאָן וויסן, וואָס וועט מיט זיי ווײַטער זײַן? די פֿאַשיסטן קאָן מען ביכלאַל ניט פֿאַרשטיין: אין דער גאַנצער וועלט האַרגעט מען ניט קיין קריגסגעפֿאַנגענע, און זיי האָבן אין פּאָנאַר דערשאָסן פֿיר טויזנט.

דערשאָסן... מע האָט די מענטשן געבראַכט צו טרײַבן צו די גריבער, צו יעדערן אויסגעשטרעקט אַ ביקס, פּונוואַנען עס פֿליִען אַרויס קלייניקע קוילן, שנײַדן זיך אַרײַן אין די הערצער, און מענטשן פֿאַלן טויט. ניין, ניט יעדערן טרעפֿט גלײַך אין האַרצן אָדער אין קאָפּ, פֿיל פֿאַרוווּנדעט מען נאָר, און זיי קומען אום אין שוידערלעכע גסיסע־ייִסורים. עס זײַנען איבערגעריסן געוואָרן פֿיר טויזנט לעבנס, פֿאַרשניטן געוואָרן אַזויפֿיל יונגע פֿרייִלעכע מענטשן, און דאָס אַלץ רופֿט מען מיט איין וואָרט „דערשאָסן!". כ׳האָב גאָר קיינמאָל ניט פֿאַרגעשטעלט זיך דעם זין פֿון דעם דאָזיקן וואָרט. „פֿאַשיזם", „מילכאָמע", „אָקופּאַציע" זײַנען דאָך געווען בלויז ווערטער, וועלכע זײַנען דערמאָנט געוואָרן אינעם לערנבוך פֿון געשיכטע.

אַפֿאָנעם, אַז אויך איצט, אין אַנדערע שטעט און לענדער, וווּ עס איז ניטאָ קיין מילכאָמע און פֿאַשיזם, שטעלן זיך מיסטאָמע מענטשן ניט פֿאָר דעם עמעסן זין פֿון אַזעלכע ווערטער. דעריבער מוז מען פֿאַרשרײַבן אין טאָגבוך אַלץ, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ. אויב איך וועל בלײַבן לעבן, וועל איך אַליין דערציילן, אויב ניט — וועלן אַנדערע איבערלייענען, אָבער זאָל מען וויסן! אומבאַדינגט!

ווײַטער אַ נײַס: ייִדן דאַרפֿן טראָגן שוין אַנדערע צייכנס: ניט קיין קוואַדראַט, נאָר אַ ווײַסן באַנד און אינמיטן אַ געלן מאָגינדאָוויד. דעם באַנד דאַרף מען טראָגן אויף דער לינקער האַנט.

די גאַנצע צײַט ווילט זיך מיר עסן. מיר ריידן וועגן דעם מיט מירען נאָר צווישן זיך, קעדיי די מאַמע זאָל ניט האָבן קיין איבעריקן האַרצווייטיק, אָבער די קלענערע קינדער קלאָגן זיך שטענדיק, די מאַמע לעבט דאָס שטאַרק איבער. טיילנדיק אונדז דאָס ברויט, זיפֿצט זי אָפּט. זיך, פֿאַרשטענד־

לער, נעמט זי דאָס קלענסטע שטיקל. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס אויף די ברויט־קאַרטלעך גיט מען זייער ווייניק, און נאָר אין עטלעכע, ספּעציעל פֿאַר אונדז אויסגעטיילטע, קרעמלעך. די רייען זײַנען שרעקלעכע. מע שטייט צו־מאָל א גאַנצן טאָג און מע קערט זיך אום אַהיים מיט ליידיקע הענט. מיר עסן דאָס, וואָס דער מאַמען געלינגט אויסצובײַטן בײַ פּויערים פֿון דאָרף. איך האָב זיך זייער פֿאַרבענקט נאָך מילך.

די טעג האָט דער לערער יאַנײַטיס געבראַכט א שטיקל כאַזער־פּעטס. א פֿאַרשעמטער האָט ער לאַנג דערקלערט, אז ער האָט דאָס באַקומען אויפֿן קאַרטל, נאָר ער דאַרף דאָס ניט: א דערוואַקסענער מענטש קאָן זיך באַגיין אָן פּעטס, פֿאַר קינדער אָבער, וואָס האַלטן אין וואַקסן, איז פּעטס אומבאַ־דינגט נייטיק. די מאַמע איז געווען דערפֿון זייער גערירט, און מיר איז געווען א בושה, וואָס מע ברענגט אונדז א נעדאָווע. אָבער דער לערער איז באַשטאַנען אויף זײַנס. די קינדער האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען א גע־שמאַקן אָונטברויט.

אָבער די גוטע שטימונג איז צעשטערט געוואָרן דורך דער טרויעריקער ידיעה: אין שול איז אויסגעהאַנגען געוואָרן א באַפֿעל, אז אַלע קאָמיוגיסטן (י. טיטליוס, א. טיטליוטע און אַנדערע) און אַלע ייִדן ווערן אויסגעשלאָסן.

הייסט עס, איך בין מער ניט קיין שילערן... איז וואָס וועל איך טאָן ווינטער? צי דען וועל איך בלײַבן אָן בילדונג?

איך האָב מיט מירען שוין לאַנג זיך דערעדט, אז יעדע פֿון אונדז זאָל איבער א נאַכט שלאָפֿן אויפֿן באַלקאָן, וואָס איז פֿון הויף, ווײַל אונדזער דירע, איבערהויפּט דער שלאָפֿצימער, איז ווײַט פֿון טויער, און מיר הערן קיינמאָל ניט, ווען עס קלאַפּן די „נאַכט־געסט". מיר כאַפּן זיך אויף, ווען זיי זײַנען שוין אין הויף. אויפֿן באַלקאָן קאָן מען אַלץ דערהערן באַצײַטנס.

דער ערשטער נאַכטלעגער אונטערן פֿרײַען הימל פֿאַלט אויס אויף מיר. די נאַכט איז א פּרעכטיקע. אין הימל שימערירן אָן א שיר שטערנדלעך. איצט וועל איך אַלעמאָל שלאָפֿן דאָ: א כּעס! איך וועל פּרוּוו דאָס אַלץ באַשרײַבן אין לידער. געיאָלען און בירוטען געפֿעלן מײַנע לידער, אָבער זיי פֿאַרשטייען אין דעם ניט מער, ווי איך. לודאַ ליבט אויך. נאָר ווי שרײַבט זי אַליין?

אַ־האַ־האַ,
דאָרט, בא לימפּאָפּאָ,
לעבט אַן אלטער דאַנזשואַן,
א נילער קראָקאָדיל.

אָבער אויב פּאָרט פּרובירן באַשרײַבן אָט די נאכט?..

עס ווינקען מיר שטערנדלעך קלײנע
זײ זײַנען, ווי איך, איצטער וואך.
נאָר זעען זײ דען, ווי מיר וויינען,
ווי שרעקלעך ס׳איז אונדז יעדע נאכט?

ס׳טויג ניט. מאָרגן וועל איך זיך אוועקזעצן און גוט א טראַכט געבן, אז די ליד זאָל זיך באקומען ווי עס באדאַרף צו זײַן. עס מוז שמעקן מיט הײַנטיקער נאכט, אָבער גוט וואָלט געווען אַן א מילכאָמע. טויגן דען אין לידער שוידערלעכע זאכן? שוין בעסער שרײַבן וועגן פרילינג, וועגן א פריילעך טײַכעלע...

מע קלאַפּט! בא אונדז אין טויער!!

איך לויף ארײַן אין שלאָפצימער, וועק אויף די מאמע. צוזאמען מיט מירען העלפן מיר אָנטאָן די קינדער. רוּוועלע פּרוּווט וויינען, אָבער ער הערט גלײַך אויף: ער פארשטייט אויך, אז מע טאָר ניט.

מע קלאַפּט שוין אין אונדזער טיר. די מאמע גייט זײ ארײַנלאָזן. מיר שלעפּן זיך נאָך איר.

עס פאלט ארײַן א באנדע שיקערע סאָלדאטן. זײ גייען איבער אלע צי־מערן. איינער בלײַבט אונדז היטן. ער באפעלט, מיר זאָלן זיך ניט באוועגן, אניט וועט ער שיסן.

זײ זוכן אין די שאפעס, ווארפן אלץ ארויס פון די טישקעסטלעך, פרעגן, ווו איז דער פאפא. די מאמע ענטפערט, אז מע האָט אים צוגענומען אין די ערשטע טעג, גלײַך נאָך די אַרוועס־לײַט. „דו לײַגסט!" — האָט א געשריי געטאָן דער סאמע שלעכטער, מיסטאמע זייער עלטסטער. — „ער איז געווים אנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס! איר זײַט אלע באָלשעוויקעס, און אינגיכן וועט איַיך זײַן קאפוט!"

און ווײַטער זוכן זײ, נישטערן, צעוואַרפן אלץ. די מאמע ציטערט און הייסט אונדז שטיל זײ נאָכקוקן, אז זײ זאָלן ניט אונטערוקן קיין געווער אָדער פראָקלאמאציעס. נאָכדעם וועלן זײ זיך מאכן, אז זײ האָבן געפונען,

און דערשיסן אונדז. אָבער ווי קוקט מען נאָך, אז עס איז פאַרווערט אפילו זיך א ריר צו טאָן?

גאָרנישט ניט געפונען, נאָכאַמאָל אָנגעשראָקן, אז אינגיכן וועט אונדז שוין זײַן „קאַפּוט", האָבן די סאָלדאַטן זיך אָפּגעטראָגן.

מיר לייגן זיך שוין ניט. דער מאַמען גייען ניט ארויס פון קאָפּ דעם דײַטשס ווערטער, אז דער פּאָפּא איז געוויס אנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס. עפּשער ווייסט ער עפּעס? עפּשער איז דער פּאַפּא טאקע דאָרטן — און לעבט, שלאָגט זיך מיטן סוינע!

אפן באַלקאָן וועל איך מער ניט שלאָפן. און וועגן מײַן „פּאָעזיע" מיט די שטערן וועל איך אפילו קיינעם ניט דערציילן...

אין „געביטסקאָמיסאַריאַט" האָט מען ארויסגערופן די מיטגלידער פון יודענראַט (דער יודענראַט איז געשאַפן געוואָרן ערשט ניט לאַנג פון די שטאָטישע פּניי. צו זיי האָבן די היטלעריסטן, מיסטאמע, מער צוטרוי. קיי־נער האָט דעם יודענראַט ניט געקליבן, כאָטש ער הייסט קלוימערשט „ראַט"). מע האָט זיי ארויסגערופן און געזאָגט, אז אף די יִדן פון ווילנע ווערט ארופגעלייגט א קאָנטריבוציע — פינף מיליאָן רובל. די דאָזיקע סומע מוז ווערן צונויפגעקליבן און ארײַנגעטראָגן ביז מאָרגן 9 אזייגער אינדערפרי. אויב ניט — וועט מען שוין האלב צען אָנהייבן אומברענגען אלע יִדן פון שטאָט. די פינף מיליאָן מעג מען ארײַנטראָגן ניט נאָר מיט געלט — אויך מיט גאָלד, זילבער און אנדערע ווערטפולע כפייצים.

די מאַמע האָט צונויפגעקליבן ביזן לעצטן גראָשן, די רונגען, א קייטע־לע און איז אוועק.

איך שטיי באַם פענצטער, קוק און וויין: עס איז שרעקלעך צו טראַכטן, אז מאָרגן וועל איך דאַרפן שטאַרבן. נאָך ערשט ניט לאַנג זיך געלערנט, ארומגעלאָפן איבער די שול־קאָרידאָרן, געשטאַנען באַם טאָוול, און פּלוי־צעם — לייג זיך און שטאַרב! און אויב איך וויל ניט? כ׳האָב נאָך אזוי ווייניק געלעבט! און מיט קיינעם זיך ניט געזעגנט. אפילו מיטן פּאַפּא. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען ארויסקריכנדיק פון קעלער. מער וועל איך אים ניט זען. כ׳וועל בכלל שוין קיינמאָל מער ניט זען, ניט הערן, ניט פילן און ניט וועלן. איך וועל זײַן ניט איך. דאָס ארומיקע וועט אלץ זײַן ווי געוועזן — די פעלדער וועלן בלײַען, אין די וועלדער וועלן פיי־

געלעך זינגען, אין די שטעט וועט קאָכן דאָס לעבן, אין שול וועלן גיין די לימודים. אָבער איך וועל אינערגעץ ניט זײַן — ניט אין שטוב, ניט אפֿן גאַס, ניט אין שול... זוכט מיך גיט — איר וועט אינערגעץ מיך ניט געפֿי־נען... און עפּשער וועט גאָר קיינער ניט זוכן? מע וועט פֿאַרגעסן. פֿאַר זיך, פֿאַר די היימישע בין איך א „פֿערזאָן". אָבער צווישן טויזנטער בין איך א זעמדעלע, אײנע פֿון א סאַך. וועגן מיר, מײַנע שטרעבונגען און טרוימען, וועט עפּשער עמעצער אמאָל דערמאָנען מיט איין וואָרט — „גע־וועז". געוועזן און אומגעקומען אין איין זוניקן זומער־טאָג, ווען די מענטשן האָבן ניט געקאָנט אויפֿקלײַבן פֿאַר די אָקופּאַנטן א קאָנטריבוציע. און עפּ־שער וועט מען די דאָזיקע צײַט אויך פֿאַרגעסן? לעבעדיקע מײַדן דאָך אויס צו ריידן וועגן טויטע. צי דען וועל איך זײַן צווישן די טויטע?..

עמעצער גייט אין קאָרידאָר... דער לערער יאַנײַטיס. כ'האָב אפֿילע ניט געהערט, ווען ער איז אַרײַן. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבן מיר, אוועק־געלייגט די האַנט אף דער פּלייצע און שווײַגט. אָבער איך קאָן זיך ניט באַרויקן.

ס'איז געקומען די מאמע. זי האָט אָנגעזאָגט, אז זי וועט אפֿן הויף פֿון יודענראַט וואַרטן, ביז מע וועט איבערציילן דאָס גאַנצע אופֿגעקליבענע געלט. דאָרט וואַרטן א סאַך מענטשן.

יאַנײַטיס האָט אויסגעליידיקט דעם טײַסטער און געבעטן, די מאמע זאָל אוועקטראָגן אויך זײַן געלט. די מאמע נעמט ניט: 400 רובל — דאָס איז, מיסטאמע, זײַן גאַנץ געהאַלט. אָבער דער לערער מאַכט מיט דער האַנט: ער וועט ווי־ניט־איז אויסקומען, און דאָ קאָן דאָס געלט ראַטעווען כאָטש איין מענטשנס לעבן.

די מאמע איז אוועק און באַלד געקומען צוריק. אַלע זײַנען זיך פֿאַנאַנ־דערגעגאַנגען און גאַרניט דערוווּסט זיך: מע האָט ניט געענדיקט ציילן, ווי עס איז שוין געוואָרן אכט אָוונט. און נאָך אכט טאָר מען אין גאַס ניט גיין (אַגעוו, איך אין דעם זײַנען מיר אַן אויסנאַם — ניט־ייִדן מעגן אַרומ־גיין ביז צען). די מיטגלידער פֿון יודענראַט וועלן ציילן א גאַנצע נאַכט. אָבער ס'ווײַזט אויס, אז קיין פֿינף מיליאָן וועט זיך ניט אָנקלײַבן...

עס איז אָנגעקומען, הייסט עס, די לעצטע נאַכט... יאַנײַטיס איז גע־בליבן בא אונדז נעכטיקן. די מאמע האָט אים אויסגעבעט אין קאַבינעט, און מיר, ווי געוויינלעך, האָבן אַלע צוזאַמען זיך אײַנגעאָרדנט אין שלאָף־צימער.

די קינדער זײַנען אײַנגעשלאָפֿן. ווי גוט זיי איז, וואָס זיי פֿאַרשטייען גאָרנישט. די נאַכט ציט זיך זייער לאַנגזאַם. און זאָל זי זיך ציִען. ווען די צײַט זאָל זיך איצט אינגאַנצן אָפּשטעלן, וועט דאָך ניט קומען דער פֿרימאָרגן, און מיר וועלן ניט דאַרפֿן שטאַרבן.

אָבער די זון איז יאָ אויפֿגעגאַנגען...

די מאַמע איז אויפֿגעלאָפֿן אין יודענראַט. דערוווּסט זיך, אַז מע האָט צונויפֿגעקליבן ניט מער ווי דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן, וועלכע מע האָט נאָרוואָס אײַנגעפּאַקט אין קלומעקעס און אוועקגעפֿירט אין „געביטסקאָמיסאַריאַט".

זיי וועלן פֿאַרלענגערן דעם טערמין, צי ניט? עפּשער האָבן נעכטן נאָך ניט אַלע געוווּסט און וועלן ברענגען הײַנט?

די מאַמע האָט יעדערן דערלאַנגט זײַן פּעקעלע וועש. מיר וואַרטן...

אַף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס קערט זיך אום דער אינזשעניער פֿריד (ער וווינט אין דער שכנישעסדיקער דירה, און איז אַ מיטגליד פֿון יודענראַט). די מאַמע איז אַרײַן צום שאָכן. זיך אומגעקערט אַ שטראַלנדיקע: די אָקופּאַנטן האָבן צוגענומען די קאָנטריבוציע, אַפֿילו ניט ציילנדיק.

הייסט עס, מיר וועלן לעבן!

אַלע באַהאַלטן בא באַקאַנטע ליטווינער זייערע זאַכן: די פֿאַשיסטן קאָנען זיי אויך אָפּשרײַבן, ווי דאָס מעבל. דאַן וועט ניט זײַן פֿון וואָס צו לעבן.

די מאַמע האָט אוועקגעפֿירט צום לערער יאַנײַטיס דעם פּאַפּאַס ביכער, אַ מאַנטל, אָנצוגן, שיך און צוויי נײַע זײַדענע דעקעס. טראָגן צו אים מער האָט זי מורא געהאַט: דער לערער איז אַ באָכער און אויב מע וועט בא אים געפֿינען פֿרויען־קליידער אָדער קינדער־בגאָדים, קאָן דאָס זײַן פֿאַרדעכטיק. צווישן די ביכער האָב איך אַרײַנגערוקט אויך דאָס ערשטע העפֿט פֿון מײַן טאָגבוך. די איבעריקע זאַכן האָט די מאַמע אַראָפּגעטראָגן אין קעלער.

מענטשן זוכן אַרבעט, ווײַל מע רעדט, אַז די, וואָס אַרבעטן, גיט מען אַרויס אַרבעטס־שײַנען מיטן דײַטשישן אָדלער, און די „כאַפּערס" וועלן זיי ניט טשעפּען.

א סאך ארבעטן שוין באם רעמאָנטירן די וועגן, אפן אעראָדראָם און נאָך ערגעץ־ווו. נאָר די צוזאָגענישן פון די דייטשן זיינען גאָרנישט ניט ווערט. די מערדער צערייסן ארויסגעגעבענע שיינען און פירן סיַווי אוועק.

סאַראַ העפקיירעס דאָ הערשט! און קלאָגן זיך איז ניטאָ פאַר וועמען. זאָגן א וואָרט קעגן טאָר מען ניט. איין פרוי האָט ניט געלאָזן צונעמען איר מאַן, האָט מען זי דערשאָסן אפן אָרט, אין דעם מאַנס אָנוועזנהייט...

הײַנט איז דער 21 יול, קימאַט א כוידעש נאָכן אָנהייב פון דער מיל־כאָמע און מײַן געבורטסטאָג. מיר איז געוואָרן פערצן יאָר. באגריסנדיק און ווינטשנדיק לאַנגע יאָר, האָט די מאַמע זיך פאנאנדערגעוויינט. וויפל מאָל האָב איך געהערט דעם פאָשעטן ווונטש און קיין איין מאָל האָב איך ניט א טראַכט געטאָן וועגן זײַן גרויסן באַטײַט...

לעקאָוועד דעם געבורטסטאָג הייסט מיר די מאַמע אָנטאָן דאָס העל־בלויע זײַדענע קליידל. דאָס קליידל איז אָן די געלע לאַטעס. ווי פײַן איך זע אויס אין דעם! א שאָד נאָר, וואָס די האָר זײַנען צו לאַנג.

פּלוצעם האָט מיר א בליץ געטאָן אין קאָפּ א גלענצנדיקער געדאַנק.

כ'האָב געזאָגט דער מאַמען, אַז איך וויל ארײַנגיין צו דער שכיינע, צו דער מומע בערטע, און ווײַזן איר דאָס קליידל. שטיל ארײַנגערוקט די האַנט אין שאַפע (דאָרט אונטערן וועש ליגט געלט) און — נעלעם געוואָרן. ווי דערשפּירנדיק עפּעס ניט גוטס, שרײַט מיר די מאַמע נאָך, איך זאָל ניט וואגן ארויסגיין אין גאַס אָן די געלע לאַטעס.

און דאַפקע דאָס האָב איך זיך געקליבן צו טאָן. אראָפּגעשפּרונגען פון די טרעפּ, לויף איך ארויס דורכן טויער, און דרייסט, זיך ניט ארומקוקנדיק, שפּרײַז איך מיר אף דער ברייטער גאַס. כ'גיי ארײַן צו א פריזירער. ערשט דאָ כאַפּט מיך אָן א שוידער: וואָס האָב איך אָפּגעטאָן?!

מע בעט מיך זיך זעצן: איך וויל אויסזען רויִק און ניט קוקן אפן פרי־זירער. אָבער ער, אונטערבינדנדיק א ווײַס סערוועטל, שמייכלט צו מיר אין שפּיגל. ער האָט מיך דערקענט! איך קוק אף אים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. איך לאָז אראָפּ דעם קאָפּ, עס זאָל זיך ניט זען דאָס פּאָנעם. דאָס האַרץ קלאַפּט, און דער פריזירער, ווי אף צולאָכעס, פּאָרקעט זיך לאַנג. עפּשער ארויסלויפן? מע טאָר ניט... זאָל כאָטש ניט ארײַנגיין קיין היטלעריסט!

גאָט צו דאַנקען! איך באַצאָל און לויף ארויס.

איצט בין איך איינגאנצן רויק און וווּנדער זיך אַליין, פאַרוואָס האָב איך באַם פריזירער זיך אַזוי געטרייסלט. קיינער קוקט אַפילו ניט אויף מיר.

פון דער מאַמען האָב איך געקראָגן דעם עמעסן פּסאַק. געמוזט צוזאָגן, אַז מער וועל איך אַזעלכע קונצן ניט פּראָווען.

די מאַמע האָט צוגענייט צו אַלע קליידלעך לאַטעס...

מיר טאָרן ניט גיין אויפן טראָטואַר. מיר מוזן גיין נאָר אויפן ברוק, לעבן רעכטן טראָטואַר. אַגעוו, יידן טאָרן זיך ניט באַנוצן מיט קיין שום פאַר־בינדונגס־מיטלען, ווי אויטאָס, אויטאָבוסן און אַזוי ווײַטער. אַפילו באַלע־גאָלעס מוזן אויף זייערע דראָזשקעס אויפהענגען אַ ברעטל, אַז יידן באַדינען זיי ניט.

ווידער אַנדערע לאַטעס. דער זעלבער מאָגינדאָוויד, אָבער ניט אויפן אָרבל, נאָר אויף אַ קוואַדראַט פון ווײַסן שטאָף, צוגענייט פון פאָרנט און אויפן רוקן.

מע קאָן מיינען, אַז עפּעס אַ פאַשיסט וויל ניט גיין אויפן פראָנט, באַמיט ער זיך מיט זײַנע אומענדלעכע צוטראַכטענישן דערווײַזן, אַז ער איז אויך דאָ זייער טעטיק און נייטיק.

געסטאַפּאָ האָט ווידער געשיקט רופן די מיטגלידער פונעם יודענראַט. וואָס וועלן זיי איצט צוטראַכטן? ווידער אַ קאָנטריבוציע?

אין גרויס שרעק וואַרטן מיר אויפן שאָכן.

ער האָט זיך צוריקגעקערט ערשט פאַרנאַכט.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז אים און נאָך איין מיטגליד פון יודענראַט האָט מען אַרויסגעלאָזן און די איבעריקע אוועקגעפירט אין טפיסע. פאַרוואָס? און וואָס באַשולדיקט מען יענע און פאַר וועלכע מײַסים־טויווים האָט מען אַרויסגעלאָזט די?

אַ הייסער אויגוסט־זונטיק.

אינמיטן טאָג האָבן מיר דערהערט אַ טומל.

מיר זײַנען צוגעלאָפן צום פענצטער. אַ באַנדע שיקערע היטלעריסטן שלאָגן אַ יידישן באָכער, טרײַבן אים צום ראָטהויז, שטעלן אוועק מיטן

פּאָנעם צו דער וואנט און מיימעסן. און ער, נעבעך, ווארט מיסטאמע אף א שאָס, ווײַל ער צאַפּלט זיך מאָדנע.

עס האָט זיך אופגעקליבן אן אוילעם. איין פאשיסט דערקלערט, אז דער יודע האָט ערשט אף געדימינא־גאס געשאָסן אין א סאָלדאט פון ווער־מאכט. דערפאר וועלן ענטפערן אלע יודען. איין סאָלדאט פון גרויסן רייַך איז טײַערער פון טויזנטער אזעלכע, ווי דער. זאָל יעדער, וועד עס וויל, שלאָגן דעם פארברעכער, דערמיט וועט ער אריינטראָגן א כיילעק אינעם אויסראָטן די סאָנים פון דײַטשישן פאָלק.

אייניקע שמייכלען אונטער צופרידענע, אנדערע גייען פארבײַ, ניט באהאלטנדיק זייער צאָרן.

די היטלעריסטן פארהאלטן א פארבײַפאָרנדיקן אוטאָ, ווארפן אין אים אריין זייער פארבלוטיקטן קאָרבן און פאָרן אוועק.

ווי פון א דונער געשלאָגן, זײַנען מיר פארגליווערטע געשטאנען באם פענצטער. דער פאשיסט האָט געזאָגט: „דערפאר וועלן ענטפערן אלע יודען..."

נאכט...

עס האָט אָפּגעהילכט א שאָס. עמעצער האָט א געשריי געטאָן. מע לויפט. געשרייען „האלט!"

מיר וועקן אוף דאָס קליינוואַרג. דאָס הארץ טוט מאָדנע ווײ בא יעדן קלאפּ. פון אופרעגונג טרייסלט אין קעלט. ווידער א שאָס. עמעצער שרײַט. עס גייען א סאך, זייער א סאך מענטשן. די טריט דערווײַטערן זיך...

מיר עפענען די פאָרטקע. עס זעט זיך גאָרנישט. פאָשעט א קילע שטערנ־דיקע נאכט. שטיל. ערגעץ פײַפט א לאָקאָמאָטיוו. און ווידער קיין שום קלאנג... אזוי ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט געשען.

די מאמע לייגט אײַן די קינדער שלאָפן. מיר זיצן...

פּלוצעם רײַסן זיך אריין אין דער שטילקייט שרעקלעכע קוילעס. צי דען הייבט זיך ווידער אָן? די שטימען הערן זיך גאָר נאָענט, אָבער צוגיין צום פענצטער לאָזט די מאמע ניט — מע קאָן באמערקן. נאָר מיך ציט — די אומבאוווּסטקייט איז נאָך שרעקלעכער. איך באהאלט זיך הינטער דער גאַרדין און גיב א קוק. אונטן, אף דער גאס, שטעלן די היטלעריסטן אויס מענטשן, וועלכע מע טרײַבט פון יאטקעווער גאס.

ווײנענדיקע ווײַבער מיט נאַקעטע, פֿאַרוויקלטע אין קאָלדרעס, קינדער... מענער, געהויקערטע אונטער דער שווערקייט פֿון פּעק און קלומעקעס... קינדער קלאַמערן זיך אין די קליידער פֿון דערוואַקסענע... מע שטופּט זיי, מע שלאָגט, מע יאָגט. עס צינדט זיך אָן א טאַשן־לעמפּעלע און באַלייכט צעשראָקענע פּנימער. דאָס לעמפּעלע ווערט פֿאַרלאָשן און ס׳באַוועגן זיך ווידער נאָר סילועטן...

אין אונדזער טויער, ווײַזט אויס, קלאַפּן זיי נאָך ניט, כאָטש מאַמע־טע־ווײַז דאַכט זיך, אַז זיי קריכן שוין אױף די טרעפּ.

מע האָט די מענטשן־מאַסע אַוועקגעיאָגט... ווידער שטיל.

עס הייבט אָן צו טאָגן.

אינדערפֿרי דערוויסן מיר זיך: הײַנטיקע נאַכט האָט מען צוגענומען אַלע אײַנוווינער פֿון יאַטקעווער גאַס, פֿון אָשמענער, דיסנער, שאַוולער, פֿון סטראַשון־גאַס און פֿון אייניקע אַנדערע.

מענטשן זאָגן, אַז פֿון די דאָזיקע גאַסן זעצט מען אַרויס ליטווינער און פּאָליאַקן, דאָרט וועט זײַן אונדזער געטאָ.

וואָס הייסט געטאָ? ווי לעבט מען דאָרטן?

פֿרײַטיק אין אָוונט איז די שטאָט פֿאַרפּלייצט געוואָרן פֿון פּאַטרולן. זיי האָבן ווידער עפּעס צוגעטראַכט... און ווי אַפּצולאָכעס איז אויך דער לערער יאַנײַטיס הײַנט ניט געווען. די מאַמע וואָלט אים געבעטן בלײַבן בײַ אונדז נעכטיקן.

איך זאָג, אַז איך וועל צוגיין צו אים. אָבער די מאַמע דערמאָנט, אַז עס איז שוין אַכט. איז וואָס, וועל איך גיין אָן די לאַטעס. די מאַמע וויל וועגן דעם אַפֿילע ניט הערן. און דאָך איז קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ. איך גיי.

ווער וועט גאָר אײַנפֿאַלן, אַז אין אַזאַ צײַט גייט אױפֿן טראָטואַר אָן לאַטעס א ייִדיש קינד?

אָט איז די באַן־גאַס. איך קוק זיך אום, צי שפּירט מיך קיינער ניט נאָך. כ׳גיי אַרײַן. קלאַפּ אָן. ס׳איז שטיל... איך קלאַפּ שטאַרקער. קיינער ענטפֿערט ניט. ער איז ניטאָ! וואָס זאָל איך טאָן? מע דאַרף וואַרטן.

איך קריך אַרײַן אין אַ ווינקל הינטער דער טיר און שטיי. איך כאַפּ אויף יעדן קלאַנג, וואָס דערטראָגט זיך פון גאַס. פון שווערן טופּען פון שטיוול פאַרכאַפּט דער אָטעם, פון רויִקע טריט נעמט פרייִלעכער קלאַפּן דאָס האַרץ. די טריט דערנעענטערן זיך, אָבער באַלד דערווײַטערן זיי זיך ווידער. יאַנײַטיס איז נאָך אַלץ ניטאָ. עס מוז שוין זײַן צען. ווי וועל איך אויסשטיין אַ גאַנצע נאַכט? מע קאָן מיך דערזען. און די מאַמע וועט דאָך ניט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן...

אומגעריכט באַווײַזט זיך יאַנײַטיס!

דערוווּסט זיך נאָך וואָס איך בין געקומען, ווערט זײַן פּאָנעם פאַרטרויערט: צום באַדויערן, איז שוין פינף מינוט פאַר צען. גיין טאָר מען שוין ניט...

ער בעט מיר אויס אויף דער סאָפע, פאַרמאַכט די לאָדן און הייסט שלאָפן. אָבער ווי שלאָפט מען, אַז די מאַמע ווייסט ניט וווּ איך בין.

ווען ער האָט מיך אויפגעוועקט, האָב איך ניט גלײַך פאַרשטאַנען, ווו איך געפין זיך. יאַנײַטיס האָט זיך אײַנגעבויגן צו מיר: „איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך בײַ אײַך, דו פאַרשליס זיך און שלאָף נאָך".

ער האָט זיך אומגעקערט זייער גיך. בײַ אונדז איז ער ניט געווען. מע לאָזט ניט דורך. אויף רודניצקי־גאַס בויט מען אַ צוים. דאָרטן וועט זײַן אַ געטאָ. מע יאָגט שוין מענטשן.

„וואָס וועסטו טאָן?" — פרעגט ער מיך. „כ'ווייס ניט. ווי מיינט איר?" ער ווייסט אויך ניט. „אַלע גייען, עפּשער זאָלסטו אויך גיין? אָבער אויב דו ווילסט ניט, בלײַב בײַ מיר". נאָר ווי וועל איך דאָ לעבן אַליין, אָן דער מאַמען? ניין, כ'וועל גיין...

יאַנײַטיס ליידיקט אויס זײַן פּאָרטפעל און לייגט אין אים אַרײַן אַלץ, וואָס עס איז דאָ בײַ אים אין בופעט, — אַ האַלב לעבל ברויט, אַ שטיקל כאַזער־פלייש, אַ געטריקנט קעזל און אַ סלאָיִקל קאָנפיטור. ער נעמט אַרויס פון טײַסטער דאָס גאַנצע געלט, וואָס ליגט דאָרט, דערלאַנגט מיר און זאָגט: „באַהאַלט גוט!" פון געלן פּאַפּיר שנײַדן מיר אויס לאַטעס, איך ניי זיי צו: איצט אָן די לאַטעס טאָר מען זיך שוין אין גאַס ניט באַווײַזן.

מיר גייען אַרויס. יאַנײַטיס וויל, מיסטאָמע, ניט, אַז איך זאָל זיך פילן דערנידעריקט און ער גייט אויך אויפן ברוק... אויב איך זאָל איצט פאַרמאַכן די אויגן און זיך פאָרשטעלן, אַז איך גיי אין שול? ס'איז דאָך ענלעך — די שילער־אוניפאָרם, אַ פּאָרטפעל, דער לערער... ניין, מע דאַרף

ניט פאַרמאַכן די אויגן. איך בין אין די לאַטעס, איך גיי אפן ברוק — אין געטאָ...

אף רודניצקי־גאַס, לעבן קלויסטער, קלאַפּט מען פון ברעטער צונויף א צוים. דורך א ספּעציעלן אַרײַנגאַנג יאָגט מען מענטשן. מיר גייען צו. דער לערער דערמונטערט מיך מיט א דריק פון דער האַנט, און איך שלײַך זיך אַרײַן דורכן אַרײַנגאַנג אף יענער זײַט צוים.

וווּהין זאָל איך גיין? עפּשער פּרוּוון דערקלײַבן זיך אהיים? ווײַטער גיין לאָזט מען אָבער ניט. אומעטום בויט מען צוימען.

מע יאָגט אהער נײַע און נײַע מענטשן. פאַרלוירענע, פאַרמאַטערטע, וואַרפן זיי אַראָפּ פון זיך די פּעק און זעצן זיך אף זיי, טאַקע דאָ גופא, אף דער גאַס, אין די הויפן. אומעטום איז פול מיט מענטשן. איך דריי זיך אויך אַרום צווישן זיי, גיי איבער די הויפן, אָבער די מאַמע איז אינערגעץ ניטאָ. און קיין איין באַקאַנטן טרעף איך ניט.

איך שטיי באַם אַרײַנגאַנג, קעדיי צו זען די נײַע אַרײַנגעטריבענע. כ׳פרעג, פון וועלכע גאַסן זײַנען זיי? פון אַלע גאַסן זײַנען דאָ פאַראַן, נאָר ניט פון אונדזערער. איינע א פרוי זאָגט, אז פון דער דײַטשישער גאַס האָט מען אַלעמען אַוועקגעיאָגט אף לידסקער געסל. לויף איך אהין. אָבער דאָרטן בויט מען א צווייטן צוים: דאָס געסעלע בלײַבט הינטערן געטאָ. דאָרטן איז פול מיט מענטשן, נאָר מײַניקע זײַנען צווישן זיי ניטאָ.

בלאָנדזשע איך ווידער, פרעג און זוך. עמעצער זאָגט מיר, אז זיי מוזן זײַן אין דער צווייטער געטאָ, ערגעץ אף גלעזער־גאַס און גאָון־גאַס.

גיי איך צום אַרײַנגאַנג און בעט בא א סאָלדאַט, ער זאָל מיך אַרויס־לאָזן. איך פאַרזיכער אים, אז כ׳וועל ניט אַנטלויפן, בלויז איבערגיין אין דער צווייטער געטאָ, וווּ עס געפינט זיך מײַן מאַמע. נאָר דער סאָלדאַט מאַכט זיך ניט הערנדיק. איך כאַזער איבער מײַן ביטע און קריג פון אים אַזאַ זעץ, אז איך האַלט זיך קוים אײַן אף די פיס. פּלוצעם באַמערק איך איינעם א שילער פון מײַן שול, נאָר פון נײַנטן קלאַס. ער טראָגט א ביקס; מיסטאַמע „האָרעוועט" ער אויך. ווי מעגלעך העפלעכער בעט איך אים, ער זאָל מיר העלפן אַריבערגיין אין דער צווייטער געטאָ. „מאַרש" — שרײַט ער.

איך גיי אַרויס. ער פירט מיך, ווי אַן אַרעסטירטע, די פּיקע פון זײַן ביקס קימאַט אײַנגעשפּאַרט אין מײַן רוקן. זאָל זײַן אַזוי, אַבי ער פירט. מיר גייען צו צו דער גלעזער־גאַס. דער צוים איז שוין א גאַנץ הויכער.

„ווּעסט אַריבערקריכן?". „יאָ, יאָ!" — אײַל איך זיך ענטפֿערן: ער העלפֿט מיר אַרופֿקלעטערן און איך פֿלי צום בּרוּק.

דאָ איז די שטופּערײַ נאָך גרעסער. די גֿעסעלעך שמעלערע, די הויפֿן קלענערע און פֿינצטערע. מענטשן אַ יאַם, אָבער פֿון אוּנדזער גאַס — ווידער קיין איינער. ווי אַלע אײַנוווינער פֿון אוּנדזער גאַס וואָלטן פֿאַרזונקען געוואָרן.

אַף איין הויף האָב איך פּלוּצעם דערזען די מומע פֿראַנע. וואָס טוט זי דאָ? ווײַזט זיך אַרויס, זי האָט דאָ געוווינט, און איצט קלײַבּט זי זיך אַריבּער אין אַן אַנדער דירע, ווײַל דאָ וועט זײַן אַ געטאָ. אַפֿן וואָגן איז שוין אָנגעלאָדן איר האָב און גוטס. איך האָב זי געבּעטן אַרײַנגיין צו אוּנדז און, אויב די מאַמע איז נאָך אין שטוב, זאָגן איר, ווּ איך בּין.

די מומע פֿראַנע האָט מיר פֿאַרגעלייגט בּלײַבּן אין איר דירע. צו וואָס דאַרף איך אַ דירע? אָ, יאָ, כ'וועל דאָך איצט דאַרפֿן וווינען דאָ. אָבער ווי וווינט מען אָן אַ בּעט און אָן מעבּל? די מומע פֿראַנע לאָזט מיר אַ בּענקל. כ'זעץ זיך אַוועק און זיץ אַליין אין פּוסטע, פֿרעמדע צימערן...

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרײַן עפּעס אַ מאַנצבּל. זיך אַרומגעקוקט און אַרײַנגערוּפֿן זײַן מישפּאָכע. ס'זײַנען אָנגעגאַנגען אַ סאַך מענטשן מיט קינדער, פּעקלעך, אַפֿילע אַ קינדער־וועגעלע, אָנגעלאָדן מיט קישעלעך, טעפּ און פֿענדלעך. גאָרנישט געפֿרעגט, האָבּן זיי פֿאַרנומען איין צימער.

ס'זײַנען געקומען אויך אַנדערע. זיי האָבּן פֿאַרנומען דעם ערשטן צימער, „מײַנס". וואָס נעענטער דער אָוונט, אַלץ אָפֿטער עפֿנט זיך די טיר. אין יענעם צימער האָבּן זיך שוין אַרײַנגעשפּאַרט דרײַ מישפּאָכעס, אין דעם — צוויי. מיר האָט מען געהייסן אַרויסגיין אין קיך: איך בּין איינע, און אַף דעם אָרט קאָן זיך אויסלייגן אַ גאַנצע מישפּאָכע. בּין איך אַרויס. אָבער די קיך איז שוין אויך פֿאַרנומען. כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט בּאַ דער טיר...

ס'איז געוואָרן פֿינצטער. ס'איז מיר זייער הייס, ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען. אָבער אַרויסגיין אַפֿן הויף האָב איך מוירע, — כ'וועל אינגאַנצן בּלײַבּן אָן אַן אָרט.

מענטשן קלײַבּן זיך לייגן שלאָפֿן. מאַנטלען און קישנס בּעט מען אונטער די קינדער, אַליין לייגט מען זיך אַפֿן הוילן דיל. עפּעס אַן אַלטיטשקער בּורטשעט, אַז אַפֿילע אין קייווער איז גערֿאַמער.

מיר ווילט זיך ניט אײַנשמוצן די שול־אוניפאָרם, דעריבער לייג איך זיך ניט. ס'איז קאַלט. די פיס זײַנען פארגאנגען פון זיצן. די, וואָס ליגן אין די צימערן, גייען אַפּט ארויס אין הויף און, זוכנדיק אין דער פינצטער די טיר, שטויסן זיי זיך אומגערן אָן אויף מיר. די נאכט איז אזא לאנגע...

קוים מיט צאָרעס דערוואַרט זיך ביז טאָג.

איך שלאָף זיך ווידער איבער די עטלעכע געסלעך, זוכנדיק די מאמע. מענטשן זאָגן, אז מײַניקע דאַרפן זײַן אין דער ערשטער געטאָ, נאָר אנדערע טײַנען, אז פון אונדזער גאס האָט מען אַלעמען פאַריאָגט גאָר אין טפיסע. מיר גלייבט זיך ניט, אז איך בין געבליבן אַליין. זיי וועלן זיך אָפּזוכן! זוך איך ווידער.

שוין באַלד נאכט. איך גיי ארײַן אין עפּעס א שטוב, קריך ארויף אפן צווייטן שטאָק און זעץ זיך אין א פינצטערן פאָדערצימער אפן דיל. קיינער לייגט אויף מיר קיין אכט ניט, קיינער יאָגט מיך ניט.

איך לייג אונטער אונטערן קאָפּ דעם פאָרטפעל און צי זיך אויס. אין נאָז קיצלט אן אָנגענעמער און זייער באקאנטער רייעך. ווײַזט זיך ארויס, אז דאָס שמעקט דער פאָרטפעל. ווי האָב איך גלײַך ניט פארשטאנען, אז עס שמעקט די קאָנפיטור. איך האָב דאָך שוין דעם צווייטן מעסלעס נאָך גאָרנישט ניט געהאַט אין מויל.

איך רוק ארײַן די האַנט. שפּליטערס! דאָס האָט דאָס סלאָיִקל געפּלאַצט. דער גאנצער פאָרטפעל איז פון אינווייניק אויסגעשמירט מיט קאָנפיטור פון טריסקאווקעס. אויך דאָס כאַזער־פלייש איז קלעפּיק. אַלציינס, איז דאָס זייער געשמאַק. איך זיץ אין דער פינצטער און שטאָפּ אין מויל אַלץ צוזאַמען — ברויט, פלייש, קאָנפיטור, קעז. ווען עס איז מער גאָרנישט געבליבן, האָב איך זיך ווידער געלייגט שלאָפן.

אינדערפרי בין איך ארויס אין גאס. דאָ זײַנען אויסגעהאנגען געשרייבענע מעלדונגען: עס ווערט אָרגאניזירט א געטאָ־פּאָליציי. פרײַוויליקע רעגיסטרירן זיך און אזוי ווײַטער.

פרײַוויליקע האָבן זיך געפונען. מע האָט זיי אָנגעטאָן בענדער אויף די הענט און זיי שרײַען, מאכנדיק דעם אָנשטעל פון גרויסע קנאַקערס.

די מאמע מיט מירען און די קינדער האָב איך נאָך אַלץ ניט געפונען, כאָטש איך בין שוין אויסגעווען אין אַלע הויפן צו עטלעכע מאָל... מענטשן

ראטן אריבערגיין צוריק אין דער ערשטער געטאָ, — עפשער זײַנען זיי פּאָרט דאָרטן. די פּאָליציי קלײַבט זיך פונקט צו מאכן מיטן ערשטן געטאָ א בײַט מיט אזעלכע „פּארבלאָנדזשעטע”, ווי איך.

מיר זײַנען ניט וויניק. די פריש אויסגעבאקענע פּאָליציאנטן שטעלן אונדז אויס, ציילן איבער און הייסן, מיר זאָלן זיך ניט פאנאנדערגיין. אליין ווערן זיי ערגעץ פארפאלן און באווײַזן זיך לאנג ניט. נאָכדעם קומען זיי צוריק און ציילן אונדז ווידער. קוים דערלעבט, מע זאָל אונדז ארויספירן.

עס באגלייט אונדז א באוואָפנטע וואך.

בא דער ערשטער געטאָ עפנט מען לאנג ניט דעם טויער. מיר שטייען און טרייסלען זיך, אז מע זאָל אונדז ניט אוועקיאָגן אין טפיסע. לויפן צו־ריק לאָזן די סאָלדאטן ניט.

דעם טויער האָט מען געעפנט. איך דערזע די מאמע — א לעבעדיקע, א שמייכלענדיקע! און מירעןן! און דאָס שוועסטערל מיטן ברודערל. ווײַזט זיך ארויס אז די מומע פראנע האָט געהאלטן וואָרט און איבערגעגעבן, ווו איך בין. און וועגן דעם, אז מע קלײַבט זיך בײַטן מיט די „פּארבלאָנד־זשעטע” האָט די מאמע אויך געוווסט.

רייד און פרייד איז בא אונדז אָן א סאָף. אפילע די טעג פון איינזאמ־קײַט און זוכעניש זעען איצט ניט אויס אזעלכע שרעקלעכע.

די מאמע האָט, פארשטייט זיך, איבערגעלעבט ניט וויניק.

ניט דערוואַרט זיך אין יענעם אָוונט אף מיר און אפן לערער יאָנײַטיס, האָט זי באשלאָסן, אז מע האָט מיך דערקענט און ארעסטירט. די גאנצע נאכט האָט זי געוויינט. און אינדערפרי דערזען, אז מע בויט א צוים, האָט דאָס הארץ נאָך מער גענומען קלעמען.

אומגעריכט איז געקומען פראנע, און די מאמע האָט זיך גענומען קלײַבן פרײַוויליק גיין אין געטאָ. פונקט אין דער צײַט זײַנען אין שטוב ארײַנגע־פאלן סאָלדאטן. געהייסן אין 5 מינוט זײַן פארטיק און נעמען מיט זיך נאָר דאָס, וואָס מע קאָן אליין טראָגן. די מאמע האָט אָנגעוואָרפן אין א קינדער־וואנעצע אונדזערע קליידער און מאנטלען, פון די ציכלעך זײַנען שוין גע־ווען געמאכט פאר מיר מיט מירען רוקזעקלעך, געפּאקטע מיט וועש, אפילע די קינדער האָט זי געגעבן יעדן א רוקזעקעלע, א פעקעלע און א פּאָרטפעל מיט צוגעבונדענע שיכלעך.

שווערער פון אַלץ איז געווען אַרויסצוגיין... די סאָלדאַטן האָבן אַרויס־געשטויסן אַף די טרעפּ רייעלען מיט רווועלען. די מאַמע האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך זיי. בײַ דער טיר זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט...

אַפן הויף זײַנען שוין געשטאַנען די איבעריקע שכיינים, אויך אָנגע־לאָדענע מיט פּעק און ווינטער־מאַנטלען. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז מאַנטלען האָט מען ניט געדאַרפט נעמען: ביז ווינטער וועט די מילכאָמע זיך ענדיקן.

מע האָט זיי אַרופגעטריבן אַף רודניצקי־גאַס. די מאַמע האָט זיך געריסן אין יענער געטאָ, נאָר גוט, וואָס זי איז געבליבן דאָ. יענע, וועלכע מע האָט פון אונדזער גאַס געזאָלט טרײַבן אין דער צווייטער געטאָ, האָט מען פאַר־יאָגט אין לוקישקער טפיסע, ווײַל ביידע געטאָס זײַנען שוין געווען איבער־פולט. אין טפיסע זײַנען שוין געווען פאַרשפּאַרט אַ פינף־זעקס טויזנט מענטשן. אַרויסגעלאָזט האָט מען נאָר עטלעכע מישפּאָכעס פון גוטע ספּע־ציאַליסטן, נאָך וועלכע עס זײַנען געקומען אין טפיסע זייערע אַרבעטס־געבער — די אָקופּאַנטן. די אַרויסגעלאָזענע דערציילן שרעקלעכע זאַכן — אין טפיסע איז אַזוי ענג, אַז מע האָט אַפילע ניט געקאָנט זיך זעצן; מענטשן זײַנען די גאַנצע צײַט געשטאַנען צוגעשפּאַרטע איינער צום צווייטן. וועגן אַרויסגיין אַף נאַטירלעכע באַדערפענישן איז אַפילע ניט געווען וואָס צו טראַכטן.

מיר וווינען אין דער ערשטער שטוב לעבן טויער, אַף רודניצקי 16. אין אונדזער דירע שטייען עטלעכע בעטן, וועלכע זײַנען דאָ פאַרבליבן פון די פריערדיקע באַלעבאַטים. אין די בעטן שלאָפן אַלטע לײַט און קליינע קינדער. מיר זאַלבעפינפט באַנוגענען זיך מיט אַ שטיקל דיל צווישן די צוויי פענצטער. באַטאָג נעמט מען די געלעגערס צונויף, קעדיי עס זאָל זײַן אַ דורכגאַנג. באַנאַכט קלעקט ניט פאַר אַלעמען קיין אָרט אַפילע אַפן דיל. איין מיידל שלאָפט אַפן טיש, אַ צווייטע — אין וואַנע. איין מישפּאָכע האָט זיך צוגעטוליעט אין קיך. אײַנגאַנצן לעבן אין אונדזער דירע אַכט מישפּאָכעס.

צוביסלעך פאַרגייט דאָס געפיל פון צײַטווײַליקײַט. צו צאָרעס געוווינט מען זיך צו. די געטאָ, וווּ מיר געפינען זיך, איז גרעסער איידער די צווייטע געטאָ. דאָ זײַנען פאַראַן מער געסלעך: רודניצקער, יאַטקעווער, סטראַשון,

שאוולער, דיסנער און שפּיטאַלנע, און דאָרטן זייַנען נאָר געציילטע (דעם גאָענס, די ייִדישע, גלעזער־גאַס).

דעם טויער פון אונדזער געטאָ „באַפּוצט" פון יענער זייַט אַ גרויסע אויפשריפט: „אַכטונג! דאָ איז אַ ייִדישער קוואַרטאַל. מע קאָן זיך אָנשטעקן מיט אַ קרענק. פאַר זייַטיקע איז דער אַרייַנגאַנג פאַרבאָטן!"

אין אונדזער געטאָ האָט זיך פון די ערשטע טעג געגרינדעט אַ „מאַכט": פּאָליציי און אַ נייַער יודענראַט (בעראָש פון אים האָט זיך געשטעלט דער לעבן געבליבענער מיטגליד פון דעם ערשטן יודענראַט א. פריד). אויף רודניצקי, שפּיטאַלנע און סטראַשון־גאַס האָט מען אין געוועזענע קרעמלעך געעפנט פּאָליציי־צירקלען. אויף רודניצקי־גאַס 6, אין דער געוועזענער רעאַל־גימנאַזיע, געפינט זיך, צוזאַמען מיטן יודענראַט, אויך די קאָמענדאַטור, בעראָש מיטן שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי יאַנקעוו גענס. מע זאָגט, אַז ער איז געווען אַן אָפיצער פון דער סמעטאָנאָ־אַרמיי און האָט געאַרבעט אין קאָוונער טפיסע.

די געטאָ־פּאָליציי דאַרף מען, מיסטאַמע, דערפאַר, זי זאָל אונדז איבערגעבן די באַפעלן פון די הערשער און וואַכזאַם נאָכקוקן, ווי פּילט מען זיי אויס. און די באַפעלן שיטן זיך, קיין אייַנהאַלט, ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק. ערשטנס, מוז מען אָפּגעבן דאָס גאַנצע געלט און גאָלד (צום וויפלטן מאָל!), באַ זיך מעג מען לאָזן נאָר 300 רובל. צווייטנס, מעג מען אין געטאָ אַרומגיין נאָר ביז 19 אַזייגער; נאָכדעם הייבן זיך אָן די אַזייגערופענע „פּאָליציי־שטונדן". דריטנס, מוזן אַלע גיין צו דער אַרבעט, ווו יעדערער האָט געאַרבעט ביז דער געטאָ. אָבער איינציקווייַז אַרויסגיין אין שטאָט איז פאַרבאָטן. עס מוז זיך צונויפקלייַבן די גאַנצע בריגאַדע און גיין אָרגאַניזירט. פערטנס, איז קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו גיין אָן די לאַטעס — סייַ אין געטאָ, סייַ אין שטאָט (איצט איז די לאַטע — אַ פולער געלער מאָגינדאָוויד. אַלע זעקס ווינקלען מוזן זייַן פעסט צוגענייט צו די בגדים: איין לאַטע — פון פאָרנט, איינע — אויפן רוקן). פינפטנס, איז פאַרווערט פערזענלעך צו ווענדן זיך אין וועלכע־ניט־איז שטאָט־אַנשטאַלטן: מיט אַלע ענינים דאַרף מען זיך ווענדן בלויז אין דער קאָמענדאַטור פון דער געטאָ־פּאָליציי. און אַזוי ווייַטער און דאָס גלייַכן.

לויטן באַפעל פון די אָקופּאַנטן איז אין געטאָ געגרינדעט געוואָרן אַ ייִדישער „אַרבייַטס־אַמט", וועלכער מוז רעגיסטרירן אַלע אַרבעטספעיִקע אייַנוווינער. אויב עמעצער אין שטאָט דאַרף האָבן ייִדן אויף אַרבעט, דאַרף

ער אָנשרײַבן אַ פֿאָדערונג אין דײַטשישן „ארבײַטס־אמט“, יענער באַשטע־טיקט און שיקט איבער אין „אַרבײַטס־אַמט“ פֿון געטאָ, וועלכער טיילט אויס די נייטיקע צאָל אַרבעטער.

אַלס לייטער (שעף) פֿון „אַרבײַטס־אַמט“ פֿון געטאָ האָט געגנס באַשטימט זײַן ברודער סאָלאָמאָן געגנס, און אַלס פֿאַרבינדונגס־מאַן צווישן די „אַר־בײַטס־אַמטן“ פֿון שטאָט און געטאָ איינעם אַ ברוידע.

די, וואָס אַרבעטן, קריגן שײַנען — „אַאוסווייס“. אין זיי איז אָנגעשריבן, אַז "Der Jude" אַזאַ און אַזאַ (אַ לײַדיק אָרט פֿאַר דער פֿאַמיליע און נאָמען) אַרבעט (דעם נאָמען פֿון דער אונטערנעמונג אָדער אַנשטאַלט). אין שײַן ווערט אויך געזאָגט, אַז אָן אַ דערלויבעניש פֿון „אַרבײַטס־אַמט“ קאָן מען ניט נעמען קיין ייִדן אויף אָן אַנדער אַרבעט.

די מאַמע האָט געקראָגן אַרבעט — אין אַ שנײַדערײַ. ווי גוט, וואָס זי האָט געלדענע הענט און קען נייען!

מע האָט אונדז געגעבן ברויט־קאַרטלעך. אָבער מיר קריגן אויף זיי קאַדאָ־כעס. ווי מע זאָגט, ניט צום שטאַרבן און ניט צום לעבן. ברויט — 125 גראַם אַ טאָג; אויף די איבעריקע פּראָדוקטן איז די נאָרמע אַ וועכנטלעכע: 80 גראַם גרויפּן, 50 גראַם צוקער, 50 גראַם בוימל און 30 גראַם זאַלץ. אַזוי שטייט געשריבן אין קאַרטל. אָבער ניט קיין בוימל און ניט קיין צוקער זעען מיר אין די אויגן ניט. מע גיט נאָר ברויט און שוואַרצע אַרבעס אָנ־שטאָט גרויפּן.

די אָקופּאַנטן זשאַלעווען אונדז ניט נאָר עסן, אַפֿילע פּאַפּיר: אונדזערע קאַרטלעך זײַנען פֿאַרביקע און יעדע פֿאַרב באַדײַט אָן אַנדער צאָל. אַ געל קאַרטל איז אָן איינפּערזאָניקע, אַ רויטס — אויף צוויי מענטשן, אַ ראָז — אויף דרײַ און אַ גרינס — אויף פֿיר.

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון דעם, וואָס זיי גיבן, קאָן מען ניט לעבן, דערי־בער זעט יעדערער, קומענדיק פֿון שטאָט, עפּעס־וואָס אַרײַנטראָגן מיט זיך (מע בײַט אויס אויף אַ בגעד אָדער מע קריגט פּאַשעט פֿון פֿרײַנט אין שטאָט). נאָר דאָס האָט דערשמעקט פּ. מורער פֿון „געביטס־קאָמיסאַריאַט“, האָט ער אויסגעהאַנגען אויפֿן טויער אַ נײַע „שילד“, וואָס מעלדעט, אַז אַרײַנ־טראָגן אין געטאָ שפּײַז און האָלץ איז שטרענג פֿאַרבאָטן. די טויער־וואַך, וועלכע באַשטייט פֿון איין שטאָטישן און עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן, מוז

[1] דער ייִד.

שטרענג אונטערזוכן יעדערן, וואָס גייט אַריַין אין געטאָ. אויב מע געפינט עפּעס בא עמעצן, מוז מען עס טייקעף קאָנפיסקירן, און דעם זינדיקן איבער־געבן אין די הענט פון דער היטלעריסטישער מאַכט.

הייסט עס, דערפאַר, וואָס דו ווילסט אַריַינטראָגן אין געטאָ אַ שטיקעלע ברויט, קאָנסטו באַצאָלן מיטן לעבן.

היַינט איז אין שול דער ערשטער לערן־טאָג... כאָטש מיט אַ פאַרשפּע־טיקונג, אָבער די לימודים הייבן זיך פאָרט אָן. און איך בין ניט אין שול, נאָר דאָ...

מיסטאָמע, איז שוין געווען דער קלונג. אַלע זיַינען אין קלאַס. אויף מיַין באַנק איז אַ פּוסט אָרט. און דאָס אָרט פון א. ר. איז פּוסט. אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס איז אונדז פאַרווערט צו קומען אין שול און זיצן אויף די לימודים? פאַרוואָס האָט מען אונדז דאָ פאַרשפּאַרט און מע לאָזט ניט אַרויס אין שטאָט?

איך האָב מיט אייניקע טעג צוריק לאַנג גערעדט וועגן דעם מיט א. ר. דערמאָנט די שול, אונדזער קלאַס. א. ר. איז, דוכט מיר, געוואָרן איַינגאַנצן אַן אַנדערער. די קליידער אין פלעקן, די נעגל שמוציק (עמעס, ער אַרבעט. נאָר ווו — האָט ער ניט געזאָגט. מיסטאָמע שעמט ער זיך). די האָר מאָדנע קורץ, אַפילע די אויגן זיַינען אַנדערע, ווי פאַרוואָלקנטע.

גענס האָט אונדז איבערגעגעבן מורערס ניַיע פאַראָרדענונג: פאַכליַיט דאַרפן ווינען אין דער ערשטער געטאָ, דאָס הייסט, אין אונדזער געטאָ, אַלע איבעריקע — אין דער צווייטער. אויף די אַרבעטס־שיַינען פון פאַכליַיט שטעלן די אַרבעטס־געבער אַ ספּעציעלן שטעמפּל. בא וועמען עס איז ניטאָ אַזא שטעמפּל, מוז אַריבערציִען זיך אין דער צווייטער געטאָ, און פאַר־קערט — פאַכליַיט, וואָס ווינען איצט אין דער צווייטער געטאָ, וועלן אַרי־בערגעפירט ווערן אין דער ערשטער.

צום גליק, האָט מען אויף דער מאַמעס שיַין אַזא שטעמפּל אוועקגע־שטעלט: זי רעכנט זיך אַלס שניַידערקע.

אין אונדזער דירע האָט מען אייגעם ניט געשטעלט קיין שטעמפּל. דער הויז־קאָמענדאַנט הייסט אים אַראָפּגיין מיט דער פאַמיליע און מיט די

שטוב־כפייצים אין הויף. דאָרטן האָבן זיך אָנגעקליבן ניט ווייניק מענטשן. אַלע זײַנען זייער אומעטיק, נידערשלאָגן. איך האָב אַף זיי שטארק ראכמאָנעס: טאקע, נאָך ניט באוויזן, נעבעך, אָנווארעמען די פיס אין איין אָרט, יאָגט מען שוין אין א צווייטן.

עס עפנט זיך דער טויער פון געטאָ. דאָרט ווארטן שוין שטאָטישע פאָליציאנטן, וואָס פירן זיי ערגעץ אוועק.

דאָס ארויספירן פון אונדזער געטאָ די, וועלכע זײַנען ניט קיין פאכלײַט, געדויערט שוין עטלעכע טעג. יעדן אָוונט גייען די געטאָ־פאָליציאנטן איבער די דירעס און קאָנטראָלירן די שײַנען. די, וועלכע האָבן ניט דאָס נייטיקע שטעמפל, טרײַבן זיי אין דער צווייטער געטאָ.

קיין ריכטיקע יעדיִעס וועגן די אריבערגעפירטע איז ניטאָ. עטלעכע מענטשן האָבן יאָ געקראָגן בריוועלעך, אָבער זייער ניט קיין קלאָרע. און די אריבערגעפירטע אהער פון דער צווייטער געטאָ (אגעוו, זייער ווייניק) פארזיכערן, אז די לעצטע טעג האָט מען אהין ניט געבראכט קיין איין מענטשן.

אפן פראָנט איז דערווײַל ניט גוט. עמעס, פון היטלערס „בליץ־קריג" איז גאָרנישט ארויס. די דײַטשן האָבן זיך בארימט, אז זיי וועלן אין צוויי וואָכן ארום זײַן אין מאָסקווע. נאָכדעם האָבן זיי מיט דער זעלבער בארימערײַ אָפגעלייגט דעם טערמין, אפילע געזאָגט, אז זיי געפינען זיך שוין אין די פאָרשטעט פון מאָסקווע. אָבער דאָס איז געווען א ליגן, מע האָט זיי אָפגעשטעלט. מאָסקווע וועט מען זיי, פארשטייט זיך, ניט אָפגעבן. אָבער אן אָנגריף האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן. אויך לענינגראד איז ארומגערינגלט. אלציינס וועלן זיי ברעכן האלדז־און־נאקן!

יאָמקיפּער. הײַנט איז עס א באזונדערס אומעטיקער טאָג. אלטע לײַט פאסטן, דאוונען, בעטן באם ריבוינעשעלוילעם ראכמים. אן אומזיסטע טירכע: אויב עס וואָלט געווען א גאָט, וואָלט ער ניט דערלאָזט צו אזעלכע מערדערײַען און שכיטעס.

אינמיטן טאָג האָבן זיך דערהערט אין די געסלעך ווילדע געשרייען — דאָס האָבן זיך אהין אריַינגעריסן שיקערע סאָלדאטן. די געסלעך זיַינען טייקעף געוואָרן טויט, ווי אין געטאָ וואָלטן גאָר ניט געווען קיין לעבעדיקע מענטשן. די סאָלדאטן טראָגן זיך ארום איבערן געטאָ, אין די הויפן, שריַיען, שיסן אין דער לופט. די מאמע, מירע און אלע איבעריקע דערוואקסענע פון אונדזער דירע זיַינען אף דער ארבעט... וואָס טוט מען? צי דען וועלן זיי אונדז אוועקפירן? אף זיי קאָן מען אלץ גלייבן. מיר ארבעטן דאָך ניט, דארפן זיי אונדז ניט האָבן. די קינדער קוקן אף מיר אזוי, ווי איך וואָלט עפּעס וויסן, אָדער קאָנען זיי ראטעווען. נאָר וואָס קאָן איך טאָן? איך האָב אליין מוירע. אָבער איך וויַיז דאָס ניט ארויס, איך בארויִק זיי, זיי זאָלן ניט וויינען. די מאמע זאָל כאָטש גיכער קומען!

די סאָלדאטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן. אינגיכן איז די מאמע געקומען פון דער ארבעט. עס איז פינצטער געוואָרן, און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

אין שלאָף האָב איך דערהערט עפּעס א רויש, ווי עס וואָלט צופאָרן א מאשין. איך בין אופגעשפרונגען און, שפריַיזנדיק איבער די שלאָפנדיקע, צוגעגאנגען צום פענצטער. כאָטש דאָס פענצטער, ווי אלע, וואָס גייען ארויס אף די פריַיע גאסן, איז פארקלאפּט, נאָר דורך א קליין שפּעלטעלע זעט זיך א שטיקעלע גאס לעבן געטאָ־טויער.

פון די צוגעפאָרענע לאסט־אוטאָס שפּרינגען ארויס סאָלדאטן. זיי שטעלן זיך אויס. וועקן צי ניט? עפּשער ניט שרעקן, זיי גייען דאָך נאָך דערוויַיל אינערגעץ ניט, שטייען ווי סטאטועס.

שטיל. עס שלאָפט די שטאָט. די סאָלדאטן רירן זיך ניט פון אָרט. עפּ־שער פארגרעסערט מען אף באנאכט די וואך? די נעכט זיַינען דאָך איצט פינצטערע — ס'איז הארבסט.

עס רוישן ווידער מאשינעס. וויפל סאָלדאטן!

א דערשראָקענע וועק איך אלעמען. עס ווערט א פאניק. קינדער וויינען, מאמעס קרעכצן, קיינער געפינט ניט זיַינע זאכן. איך דריי זיך אויך ארום א האלב נאקעטע, טרייסל זיך פון שרעק און קעלט. און די סאָלדאטן קלאפּן שוין אין אונדזער טויער... זיי זיַינען שוין אפן הויף! קריכן אף די טרעפּ... קלאפּן!.. קיינער עפנט ניט... זיי האקן מיט די פויסטן, טראסקען. אָט וועלן זיי איַינברעכן די טיר!

א שאָכן גייט צו אף די שפּיצפינגער צו דער טיר און זאָגט, אז פון דער דירע האָט מען אלעמען אוועקגעפירט אין דער צווייטער געטאָ. גע־

בליבן איז נאָר ער איינער, א פאכמאן פון דער פעלץ־פאבריק „קאיליס“. זיי גלייבן אים, פארשטייט זיך, ניט און הייסן וויַיזן דעם ארבעטס־שיַין. דער שאָכן רוקט אים ארויס דורך א שפּעלטעלע אין טיר. די סאָלדאטן באקוקן, האלטן אין די הענט און מיט א געלעכטער צערייַסן זיי אים אף שטיקלעך. אליין גייען זיי אוועק קלאפּן אין א צווייטער דירע.

איך גיי ווידער צו צום פענצטער. דער טיער איז אָפן. פון געטאָ יאָגט מען מענטשן. מע שטעלט זיי אויס. אלע מיט קינדער און פּעק. איינער א מאנצבל לויפט צוריק. ס׳טוט א קנאל א שאָס...

די גאנצע מענטשן־מאסע יאָגט מען אוועק אף זאוואלנע־גאס, פון געטאָ טרייַבט מען פרישע מענטשן, און מע שטעלט זיי ווידער אויס...

די מאמע בעט מיך, איך זאָל ניט קוקן אין פענצטער. יאָ, ס׳איז זייער שרעקלעך, אָבער עפּשער וועל איך דאָרט באלד אליין שטיין. די מאמע באַרויִקט: זי האָפט, אז מע וועט אונדז ניט געפינען — דער זון פון דער שכיינע איז ארויס אף די טרעפּ, פון אויסווייניק פארקלאַפּט די טיר מיט ברעטער, און דערנאָך דורכן פענצטער ארייַנגעקראָכן צוריק. עפּשער וועלן די מערדער מיינען, אז דאָ איז ניט קיין דירע און קיינער איז דאָ ניטאָ.

ניין, זיי קלאפּן ווידער! אפּאָנעם, זיי גלייבן ניט... באלד צעברעכן זיי שוין די טיר. ניין, זיי לאכן: אָנשטאָט צו זוכן פאר פּאָנאר יידן, קריכן זיי אין דער פינצטער זוכן מייז... אָנגעטראָפן אין א מויזן־לאָך...

אוועק...

פון טויער פירט מען אָפּ נאָך א גרויסע פּארטיע. די סאָלדאטן קריכן אריַין אין די מאשינעס און פאָרן אוועק.

שטיל. דאָס געסעלע דרעמלט ווידער. אויבן, גאָר הויך, וווהין מיַין בליק קאָן ניט דערגרייכן, שויַנט די לעוואָנע. זי באלייַכט די וועלט. מיסטאמע, אויך די, וועלכע שלעפן זיך איצט איַינגעבויגענע, אומגליקלעכע און פארשמאכטע. צי טראכטן זיי וועגן אנטלויפן? געוויס יאָ. אָבער דאָס איז אומעגלעך: ארום זיי איז פול מיט באוואָפנטע סאָלדאטן, די גאסן זייַנען פוסט, טיר און טויער פארשלאָסן.

אָט איז די טפיסע. עס עפענען זיך גרויסע, שווערע טויערן. זיי סקריפּען מיט קאַס: אפּאָנעם, ניט צופרידן, וואָס אפילע באנאכט איז ניטאָ קיין רו.

די מענטשן האָט מען אַרײַנגעיאָגט, ווי אַ טשערעדע פֿי, און די טויערן פֿאַרמאַכט.

עס נעמט טאָגן. די מאַמע קלײַבט זיך צו דער אַרבעט. אונדז הייסט זי לייגן זיך שלאָפֿן. אָבער ווי קאָן איך אײַנשלאָפֿן, אויב איך שטעל זיך דײַטלעך פֿאָר, ווי שרעקלעך איז איצט דאָרטן, אין טפּיסע... מענטשן לעבן זייער לעצטן טאָג. אַזויפֿיל מענטשן אין די קאַמערן, קאָרידאָרן, אַפֿילע אויפֿן הויף. עס רעגנט, און זיי זיצן אויף זייערע פּעקלעך, טוליענדיק צו זיך ווייגענדיקע קינדער.

די מאַמע האָט זיך צוריקגעקערט פֿון דער אַרבעט.

...און יענע אין טפּיסע זיצן נאָך אַלץ.

שוין נאַכט. באַלד וועט מען זיי אַרויספֿירן.

מע הייסט זיי שוין, מיסטאַמע, זיך אויסשטעלן. מע שטופּט, מע שלאָגט.

עס עפֿענען זיך ברייט די טויערן. גרויסע מענגעס לאָזן זיך אין זייער לעצטן וועג. אונטער קלעפּ פֿון נאַציישקעס גייען מענטשן און גייען, אָן אַ סאָף. אַ סאַך מענטשן. די סאָלדאַטן איז שוין נימעס געוואָרן צו שלאָגן.

די טויערן פֿאַרמאַכן זיך. די אויסגעוועער קוקן אַרום יעדעס ווינקעלע — צי איז עמעצער ניט פֿאַרבליבן. מאָדנע: אַפֿילע בלײַבן אין טפּיסע איז אויך פֿאַרבאָטן.

עס מאַראַקעט אַ רעגן, און מענטשן גייען לאַנגזאַם, קוים שלעפּנדיק די פֿיס. אַ גרויסע לעוויַע, מענטשן זײַנען זיך אַליין מעקאַבער. ווײַזט אויס, אָבער, אַז ניט אַלע פֿאַרשטייען דאָס.

אין אַ פֿענצטער באַווײַזט זיך אַ פֿאַרשלאָפֿענער מענטש. ס'האָבן אים אויפֿגעוועקט די הילכיקע טריט אויפֿן פֿוסטן ברוק. דערזען די מענגע, ווערט ער טייקעף פֿאַרשוווּנדן. עפּשער לייגט ער זיך צוריק, טוליעט זיך צום ווייכן קישן, וויקלט זיך אין דער וואַרעמער קאָלדרע און שלאָפֿט אײַן... צי וועט פֿאַרטרײַבן זײַן שלאָף דער געדאַנק, אַז איצט, ווען ער איז אַרומגעכאַפּט פֿון דעם זיסן דרעמל, פֿאַלן דאָרט, אין פּאָנאַר, טויזנטער מענטשן אין נאַסע פֿון רעגן און בלוט לײמיקע גריבער... איינער אויפֿן צווייטן, מיט הענט, פֿאַרוואָרפֿענע אַהינטער, מיט פּענעמער, אויסגעקרימטע פֿון ווייטיק און שרעק; מענער פֿאַלן אויף קלײנינקע קינדערלעך; יונגע פֿרויען, ייִנגלעך, זקיינים — אַלע צוזאַמען, אַלע אין איין גרוב...

צי וועט א טראַכט טאָן דער פֿאַרשלאָפֿענער (פֿאַרוואָס זע איך אים אַזוי בוילעט אין מײַן געדאַנק?), צי וועט ער א טראַכט טאָן, אַז ערשט מיט א האַלב יאָר צוריק, אַפֿילע מיט פֿיר כאָדאָשים צוריק זײַנען אָט די אַלע אָוועקגעיאָגטע צום טויט מענטשן געווען לערער, אַרבעטער, טאַטעס און מאַמעס, קינדער! זיי זײַנען געווען — מענטשן!

און עפּשער איז דער פֿאַרשלאָפֿענער, וואָס האָט זיך באַוויזן אין פֿענצטער, פֿאַרשווונדן געוואָרן ניט פֿון גלײַכגילט, נאָר פֿון ווייטיק? עפּשער לײַדט ער, אַזוי ווי איך, ער וויל העלפֿן, נאָר... ווי קאָן איין מענטש פֿאַנאַנדעריאָגן אַזאַ באַוואָפֿנטע וואַך און ראַטעווען אַזאַ גרויסע מענגע? ער קאָן ניט, און דעריבער איז זײַן ווייטיק צווײַ מאָל אַזוי שטאַרק.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז הײַנטיקע נאַכט איז דער לערער יאַנײַטיס געווען באַם געטאָ־צוים. ער האָט געהערט, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן פֿאַריקע נאַכט און מוירע געהאַט, אַז די היטלעריסטן וועלן פֿאַרזעצן זייער בלוטיקע אַקציע. צוזאַמען מיט א באַקאַנטן, וועמען עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַקומען אַף איין נאַכט א דערלויבעניש צו גיין אין דער פֿאַרווערטער צײַט, איז ער אָפּגעשטאַנען ניט ווײַט פֿון אונדזער טויער — אויב מע וועט אונדז יאָגן, עפּשער וועט זיך אײַנגעבן ווי־ניט־איז צו ראַטעווען.

איך האָב זיך פֿאַרשריבן אין ביבליאָטעק. דאָס איז די געוועזענע סטראַשון־ביבליאָטעק, אָבער שוין א גוט אויסגעליידיקטע. די געסטאַפּאָ־לײַט האָבן אַרויסגעפֿירט אַלע מער־ווײניקער ווערטפֿולע ביכער; די ווערק פֿון סאָוועטישע מעכאַברים האָבן זיי פֿאַשעט פֿאַרברענט. זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלן אָפֿט קומען קאָנטראָלירן. אויב זיי וועלן געפֿינען א בוך „מיט א קאָמוניסטישן אינהאַלט", וועלן זיי דערשיסן ניט נאָר דעם פּערסאָנאַל, נאָר אויך אַזויפֿיל מענטשן, וויפֿל זײַטן עס זײַנען פֿאַראַן אין דעם בוך.

קעדײַ די פּאָליצעס פֿון ביבליאָטעק זאָלן ניט זײַן פּוסט, האָט די געטאָ־מאַכט פֿאַרבאָטן צו האַלטן הײמישע ביבליאָטעקן. אַלע מוזן זייערע ביכער אָפּגעבן אין ביבליאָטעק. און די אָנגעשטעלטע פֿון ביבליאָטעק קוקן שטרענג נאָך, אַז די לייענער זאָלן אומקערן די ביכער צו דער צײַט, אויב עמעצער פֿאַרהאַלט א בוך, מאָנט מען אויף דורך דער געטאָ־פּאָליצײַ.

ס'איז פאראן אויך א לייענזאל. אן ענגער, א קליינער, אָבער זייער א נייטיקער: ווען אין איין צימער וווינען צו עטלעכע מישפאָכעס, איז אין אזא שטיקעניש ניט זייער אָנגענעם צו לייענען. און לייענען ווילט זיך! כאָטש אף א ווײַלע פארגעסן, ווו דו ביסט...

אין ביבליאָטעק האָט זיך צוגעטוליעט אויף די אדרעסן־ביוראָ. אין אײַנמעלדונגס־אמט (מיר זײַנען אפילע אײַנגעמאָלדן, ווי אין אן עמעסער שטאָט) האָט מען פארשריבן אלע אדרעסן, אוועקגעזעצט א מיידל און זי זיצט, נעבעך, און גענעצט. די ערשטע טעג פלעגט נאָך עמעצער ארײַנגיין דערוויסן זיך וועגן א פארפאלענעם קאָרעוו. איצט אָבער ווענדעט זיך צו איר שוין קיינער ניט: ווער עס לעבט, האָט זיך געטראָפן מיט זײַנע קרויווים אין דער ענגשאפט, ווער עס איז ניטאָ — דעם וועט אויך די אדרעסן־ביוראָ ניט געפינען.

א. ר. האָט זיך דערוווסט די לעצטע נײַעס: מאָסקווע האלט זיך! מע באשיצט זי זייער העלדיש, דערצו ניט בלויז דאָס מיליטער, נאָר אויך די באפעלקערונג. אפילע שילער העלפן גראָבן שוצגראָבנס. מיר וואָלטן אויך מיט גרויס פארגעניגן געהאָלפן, געגראָבן, ס'זאָל נאָר גיכער היטלער אײַנעמען א מיסע־מעשונע.

מע האָט אונדז געמאכט אײַנשפריצונגען קעגן אָנשטעקנדיקע קראנקהײַטן. אף וויפל דאָס איז מעגלעך, זאָרגן די געטאָ־דאָקטוירים וועגן דעם געזונט פון די מענטשן.

אף רודניצקי־גאס 11, איז דאָ אן אמבולאטאָריע, אף שפיטאלנע־גאס — אפילע א שפיטאָל. עטלעכע זאלן זײַנען באשטימט ספעציעל פאר אָנשטעקנדיקע קראנקע; אפן הויף, אין א קליין שטעלכל, האלט מען מעשוגאָיִם (גאָר ניט לאנג זײַנען דאָס געווען פולשטענדיק נאָרמאלע מענטשן!)

לעבן טויער פון שפיטאָל איז א מײַסים־שטיבל, אנטקעגן — אן אפטייק. פארשטייט זיך, אינגאנצן ניט ענלעך אף אן עמעסער, דאָרטן שמעקט אפילע ניט מיט רעפועס; מע קאָן דאָרטן קריגן נאָר די סאמע פאָשעטע פראָשקעס.

אין אפטייק נעמט מען צו שפּײַז־פעקלעך און בריוו פאר די קראנקע, אין א צווייט צימערל שרײַבט מען אויס דערלויבענישן צו מעוואקער־כוילע

זײַן די קראַנקע. מיט איין וואָרט, אַלץ ווי אין אַן עמעסן שפּיטאָל, אָבער זייער אָרעם.

באַנאַכט האָבן אונדז ווידער אויפגעוועקט טריט פון סאָלדאַטישע שטיוול. מיר גיבן אַ קוק — באַם טויער אַ גרויסע באַנדע היטלעריסטן. געכאַפּט אַפּגיך זיך אָנטאָן. נאָר באַלד האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע, אַז די סאָלדאַטן זאָלן מאַרשירן אין דער צווייטער געטאָ.

הייסט עס, דאָרטן. איך שטעל זיך פֿאָר.

...עפּעס אין אַ דירע פּרוּוון די אויפגעוועקטע פון טומל מענטשן זיך באַהאַלטן. זיי עפענען דאָס טירעלע אין דיל און קריכן אַראָפּ אין דער מאַלינע. נאָר אין דעם מאָמענט רײַסן זיך אין צימער אַרײַן די מערדער. זיי האָבן באַמערקט.

...אויפן טיש אין אַ לײַכטער צאַנקט אַ ליכטעלע. ניט פאַרבעטע געלעגערס, איבערגעקערטע שטולן. די מערדער ראַבעווען — אונטער די מונדירן שלעפּן זיי אַף זיך אַרויף אָנצוגן, אין די בוזעמס רוקן זיי אַרײַן העמדער. ווען עס איז שוין ניטאָ וואָהין צו שטופּן, עפענען זיי דעם קעלער, שפּרינגען אַראָפּ. מיט קעשענע־לעמפּעלעך באַלײַכטן זיי די נאַסע, פאַרשימלטע ווענט און פאַרגליווערטע אין שרעק פּנימער. זיי באַפעלן, מע זאָל פאַר זיי, די הערשער פון אייראָפּע, זיך בוקן. זיי גייען אַרום צווישן די זיך בוקנדיקע, מאַכן כוויזעק, שמײַסן מיט זייערע נאַהײַקעס איבער די רוקנס, הירזשען. זיך אָנגעזעטיקט, יאָגן זיי די מענטשן פון קעלער.

...אַף דער גאַס פּרוּווט איינער ניט לאָזן זיך פירן. די באַנדיטן פאַרברעכן אים די הענט אַהינטער און שלעפּן צום אוילעם, זאָגנדיק, אַז מע דאַרף זיך ניט קעגנשטעלן, — מע פירט דאָך נאָר אַריבער אין אַן אַרבעטס־לאַגער. אָבער דער מענטש בריקעט זיך, בײַסט זיך און צום סאָף הייבט ער אָן לויפן. עס דעריאָגט אים אַ קויל...

עמעצער גיט אַ זיפץ — ער האָט ניט געדאַרפט לויפן. עפּשער פירט מען טאַקע אין אַ לאַגער?

אַ שוואַרצע אָקטיאַבער־נאַכט באַגלייט זיי אַרויס פון שטאָט...

די צווייטע געטאָ האָט מען הײַנטיקע נאַכט אינגאַנצן ליקווידירט. דאָרטן זײַנען געווען אַן ערעך נײַן טויזנט מענטשן...

באַגינען האָט מען ניט ווײַט פֿון אונדזער געטאָ געפֿונען אַ קימפּעטאָרן, וועלכע האָט, מיסטאָמע, געפּרוּווט אַהער פֿון יענער געטאָ. זי האָט ניט דערפּרוּווט. זי איז געשטאָרבן, געבוירנדיק אויפֿן ברוק. און דאָס נײַגעבוירענע מיידעלע, אַ געזונטס און שרײַענדיקס, האָט מען אַרײַנגעטראָגן אין געטאָ. מע האָט זי אַ נאָמען געגעבן געטעלע.

די, וועלכע אַרבעטן אין דער „קאַיליס"־פֿאַבריק, זעצט מען אַרויס פֿון געטאָ. אין שטאָט, ניט ווײַט פֿון פֿאַבריק, וועט פֿאַר זיי זײַן אַ באַזונדער בלאָק. ער וועט אויך זײַן אָפּגעצוימט, אָבער מענטשן האָלטן, אַז קיין אַקציעס וועלן מיסטאָמע דאָרט ניט זײַן. דער דירעקטאָר פֿון דער „קאַיליס"־פֿאַבריק האָט קלוימערשט באַקומען אַ באַפֿעל, מע זאָל ניט טשעפּען די אַרבעטער פֿון זײַן פֿאַבריק. דערווײַל פֿירט מען אַהין אַריבער ניט אַלעמען. ס'קלעקט ניט קיין אָרט. אָבער אינגיכן וועט זייער דירעקטאָר קריגן דאָרטן גופֿא נאָך אַ שטוב.

כאָטש גענס האָט געמאָלדן, אַז די אײַנוווינער פֿון דער געטאָ, דאָס הייסט, די פֿאַכלײַט, דראָט מער גאָרנישט (אין דעם האָט אים קלוימערשט פֿאַרזיכערט די דײַטשישע מאַכט), אָבער קיינער גלייבט אים ניט. מענטשן ריידן שוין עטלעכע טעג וועגן עפּעס געלע שײַנען. אונדזער שאָכן, דער אַרבעטער פֿון דער „קאַיליס"־פֿאַבריק, האָט שוין אַזאַ שײַן געקראָגן. דער שײַן שיידט זיך אונטער פֿונעם פֿריִערדיקן נאָר דערמיט, וואָס ער איז געדרוקט אויף געלן פּאַפּיר און הייסט ניט „אַוסווײַס", נאָר „פֿאַכאַרבײַטער אַוסווײַס", אַזאַ שײַן באַקומען נאָר גוטע פֿאַכלײַט, דערצו אויך ניט אַלע, ווײַל שײַנען זײַנען פֿאַראַן סך־הכּל 3.000 און אַרבעטער — 10.000. פֿאַר די אָנגעשטעלטע פֿון יודענראַט און פֿאַר די געטאָ־פּאָליציאַנטן האָט מען געבראַכט 400 שײַנען. כאָטש זיי זײַנען ניט קיין פֿאַכלײַט, וועלן זיי פֿאָרט קימאַט אַלע באַקומען אַזעלכע שײַנען, און פֿון די עמעסע פֿאַכלײַט — סך־הכּל אַ פֿערטל־חלק.

די מאַמע האָט אַזאַ שײַן באַקומען! פֿון די 230 מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט איר צוזאַמען, האָבן די שײַנען געקראָגן נאָר 80.

אין געטאָ איז ניט רויק. קיינער ווייסט גאָרניט, נאָר אַלע ריידן, אַז הייַנטיקע נאַכט דאַרף מען זיך ניט לייגן שלאָפֿן.

שפּעט אין אָוונט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַלע, וואָס האָבן באַקו־מען געלע שייַנען, מוזן זיך רעגיסטרירן אין יודענראַט. רעגיסטרירן וועט מען די גאַנצע נאַכט, ביז 4 אַזייגער אינדערפֿרי. מע דאַרף קומען צו דער רעגיסטראַציע מיט די פֿאַמיליע־מיטגלידער — מיט אַ מאַן אָדער מיט אַ ווייַב און מיט קינדער ביז זעכצן יאָר. קינדער, וואָס זייַנען עלטער פֿון זעכצן יאָר, אויך פֿאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער וועט מען צו די שייַנען ניט צושרייַבן. אין אויסנאַם ווערט דערלאָזט נאָר פֿאַר דער געטאָ־פּאָליציי און פֿאַר אַרבעטער פֿון וואַרשטאַטן, וועלכע געהערן צו דער געס־טאַפּאָ.

צום גליק האָט מירע אויך געקראָגן אַ געלן שייַן. איר איז דאָך שוין זיבעצן יאָר.

מאָרגן אינדערפֿרי וועלן אַלע, וואָס האָבן די געלע שייַנען, מוזן אַרויס־גיין צו דער אַרבעט מיט די צוגעשריבענע צום שייַן פֿאַמיליע־מיטגלידער. אין געטאָ וועלן זיי מעגן צוריקקערן זיך נאָר אָפּן צווייטן טאָג אין אָוונט. די, וועלכע האָבן ניט געקראָגן קיין געלן שייַן, אויך זייערע מישפּאָכעס, בלייַבן אין געטאָ...

די שטימונג איז אָנגעשטרענגט. די נערוועזקייַט פֿון די מענטשן דער־גרייכט די העכסטע מאַדרייגע. מע אייַלט זיך רעגיסטרירן. די, וואָס האָבן ניט קיין געלע שייַנען, זוכן אַזעלכע, צו וועמען מע קאָן זיך צושרייַבן, אָדער כאָטש די קינדער צושרייַבן. די, וועלכע האָבן שייַנען, נעמען אָן נייַע „קרוויוּים", איבערהויפּט קינדער. ברידער וועלן צושרייַבן זייערע שוועסטער אַלס ווייַבער, טעכטער וועלן פֿאַרשרייַבן אַלס מענער זייערע טאַטעס...

מיר גייען זיך רעגיסטרירן. דורך די פֿינצטערע געסלעך שלעפּן זיך מענטשן. אַלע אין איין ריכטונג. אַנדערע האַלטן אין די הענט, באַשיצנדיק זיי פֿון ווינט, ברענענדיקע שטיקלעך ליכט, אַנדערע צינדן יעדע ווייַלע אָן אַ שוועבעלע, קוקן זיך אײַן אַ פּאָר טריט פֿאָרויס און שפּרייַזן ווידער אין דער פֿינצטער דורך די בלאָטעס. עמעצער האָט פֿאַרלוירן אַ קינד, לויפֿט ער צוריק אַ דערשראָקענער און רופֿט עס.

יודענראַט. די ברייטע טרעפּ פֿון דער געוועזענער גימנאַזיע זייַנען פֿאַר־פּלייצט מיט מענטשן. אַלע שפּאַרן זיך אַהין, אויבן, צו די רעגיסטראַציע־טישן. אײַנעם טרעט מען אָן אָפּן פֿוס, אַ צווייטן קוועטשט מען צו אַ וואַנט,

בא א דריטן איז דאָס קינד צוגעשפּאַרט געוואָרן צו דער וואַנט און שיִר ניט דערשטיקט געוואָרן. עס שטופּן זיך מענטשן פאַרשוויצטע, פאַרכווישעכטע, קימאַט אַלע וויינען. איינעם האָט מען ניט צוגעשריבן די מאַמע, דעם צווייטן — זײַן זיבעצניאָריקן זון. די געטאָ־פּאָליציאַנטן פּרוּוון מאַכן אַן אָרדענונג, נאָר קיינער לייגט אויף זיי קיין אַכט ניט — אַז מע שפּירט אַזוי נאָענט דעם טויט, האָט מען ניט קיין מוירע פֿאַר נאַהײַקעס.

א כאַאָס, א טומל און געפּילדער. עס גלייבט זיך ניט, אַז סאַכאַקל מיט א האַלב יאָר צוריק האָבן זיך איבער אָט די טרעפּ געטראָגן שילער. אין איינעם פֿון די געוועזענע קלאַסן, ווו מענטשן ראַנגלען זיך איצט מיטן טויט, שטייט, ווי האַלטנדיק איבער אונדז די וואַך, אַן אַנאַטאָמישער סקעלעט. אויף די ווענט הענגען נאָך לאַנד־קאַרטעס, עס שטייט זיך רויִק אין א ווינקל א פאַרשריבענער טאָוול. אָט ליגן אָנגעוואָרפֿן דעקאָראַציעס, קינדערשע באַלעט־קאָסטיומען. מיר דוכט, אַז קיינער באַמערקט זיי ניט. איך אַליין האָב שוין אויך פֿאַרגעסן, אַז אַזעלכע זאַכן זײַנען נאָך ערגעץ־ווו פֿאַראַן. מאָדנע, דעם מענטשן דוכט זיך, אַז צוזאַמען מיט אים האָט זיך געביטן דאָס גאַנצע לעבן...

עס זעען זיך שוין די רעגיסטראַציע־טישן. צו דער מאַמען שטייט צו עפּעס א מאַנצבל, זי זאָל אים צושרײַבן אַלס איר מאַן. די מאַמע האָט מוירע. אָבער ער שווערט מיט קאָל האַשוועס, אַז אונדז וועט דאָס ניט שאַטן, און אים וועט זי ראַטעווען דאָס לעבן. ער בעט זיך, ער וויינט, די מאַמע זאָל אים ניט אָפּזאָגן. ער פֿרעגט, ווי הייסן מיר, ווער ווען איז געבוירן, ווי דאַרף ער אַליין הייסן, טיילט מיט, ווו ער אַרבעט.

די מאַמע דערלאַנגט דער רעגיסטראַטאָרן איר שײַן. יענע באַקוקט אונדז, פֿאַרשרײַבט און דערלאַנגט דער מאַמען קליינע בלויע נומערלעך.

ווי עס גלאַנצן בא דעם מאַנצבל די אויגן, ווען ער האָט אַרײַנגענומען אין האַנט זײַן נומערל — דאָס לעבן! מיט וויפֿל ליבשאַפֿט מאַכט ער פֿאַר אונדז א וועג אויף די טרעפּ און הערט ניט אויף צו דאַנקען. וואָס מער ער דאַנקט, אַלץ שווערער איז צו הערן. וואָס דאַ איז געוואָרן מיט מענטשן! — פֿאַר א פּאַשעטער מענטשלעכער טויווע דאַנקט מען אַזוי, ווי פֿאַר דעם גרעסטן העלדנטאַט.

קוים זיך דערשלעפּט אין דער פֿינצטער צוריק אַהיים. אין אונדזער דירע האָבן זיבעצן מענטשן ניט קיין שײַנען און נומערלעך. זיי וועלן בלײַבן דאָ. נאָר אייניקע האָבן צוגעשריבן זייערע קינדער צו פֿרעמדע מענטשן.

איצט געזעגענען זיך די עלטערן... די קינדער וויינען, ווילן ניט גיין. די מאמעס קלאָגן, קושן נאָכאמאָל דאָס ליבע פּנימל, די הענטעלעך און שעפּטשען מיט הארצוויטיק: „גיי, מיַין טרייסט, מיט דער מומען און מיטן פעטער, פאָלג זיי... זיי האָבן דיך געראַטעוועט". נאָר... צי זיַינען די קינ־דער טאקע געראַטעוועט?..

עס טאָגט. מיר וואַרטן אפן הויף אף דער מאמעס צוגעשריבענעם מאַן (אָן דעם געלן שיַין זיַינען ניט גילטיק די בלויע נומערלעך).

מיר גייען ארויס אין גאס. באם באַריער איז א שטופּעריַי. פ. מורער און אנדערע אָפיצערן קאָנטראָלירן שטרענג די שיַינען, באקוקן יעדן מיש־פּאָכע־מיטגליד. די „אויסבראַקירטע" (דאָס הייסט די, וועמענס עלטער עס רופט ארויס א כשאַד) יאָגן זיי אין הויף פון דער אַנטקעגנדיקער שטוב.

צום באַריער דערנענטערט זיך א יונג מיידל. זי פירט פאַר דער האַנט א פּאָר אלטע לײַט — טאַטע־מאַמע. מורער נעמט איר שיַין, הייסט איר דורכ־גיין, און די עלטערן שטופּט ער צו די „אויסבראַקירטע". אָבער דאָס מיידל שלעפּט זיי צוריק און ריַיסט זיך מיט זיי ארויסגיין. מורער לאָזט ניט. זי כאַפּט ארויס פון זיַין האַנט איר שיַין און וויל פאַרט דורכפירן די עלטערן. מורער גיט זי א שטופּ צו דער וואַנט און כאַפּט ארויס דעם פּיסטאָלעט...

ווען איך עפן די אויגן, ליגט זי שוין אין א לוזשע בלוט... און מורער זעצט קאַלטבלוטיק פאַר דעם קאָנטראָל.

קוים מיט צאָרעס זיַינען מיר אויך דורכגעגאנגען און צוזאַמען מיט א גרויסער גרופּע מענטשן זיך אוועקגעשלעפּט צום „קאילים"־בלאָק. נאָר אין בלאָק לאָזט מען אונדז ניט אריַין, — שוין איבערפולט. די מענער בעטן זיך קוים איַין, מע זאָל אונדז אריַינלאָזן כאָטש אין שטעלכל. מיר זעצן זיך אף אונדזערע פּעקלעך בא דער טיר. די אַרבעטער לאָזן זיך אין די אונטער־נעמונגען.

עס מאראַקעט א רעגן.

דאָרטן אין געטאָ גייט אויך דער זעלבער רעגן, מע הארגעט, מע טריַיבט מענטשן.

שוין אָוונט. די פּיס זיַינען געליימט פון זיצן. עס ווילט זיך אזוי אויס־ציִען זיי און כאָטש אף א רעגע אָנשפּאַרן דעם קאָפּ.

עס איז שוין שפּעט, און דער רעגן גייט נאָך אַלץ. ווי שווער עס איז! ווען וועט זיך עס ענדיקן?

פֿרומע מענטשן זאָגן, אַז די ערד וויל ניט צונעמען קיין אומשולדיקע קאָרבאָנעס, זי וואַרפֿט זיי אַרויס צוריק. אָבער די מאַמע זאָגט, אַז די זאַך איז אַ סך פּשוטער: פֿיל דערשאָסענע פֿאַלן אין גרוב נאָך לעבעדיקערהייט. זיי ווערן דערשטיקט און דעריבער געשוואָלן. זיי זײַנען אין אַ גרויסער צאָל, שפּאַלט זיך דער שיכט ערד, מיט וועלכן מע פֿאַרשיט די גריבער, און אין די שפּאַלטן באַווײַזט זיך אַ האַנט, אַ זײַט, אַ שטיקל פּאָנעם...

דערפֿאַר האָט מען איצט אויפֿגעהערט צו פֿאַרפֿולן די גריבער פֿון אונטן ביז אויבן. אײדער מע פֿאַרשיט די גריבער, באַגיסט מען די קערפּערס מיט ניט געלאָשענעם קאַלך.

שרעקלעכע געדאַנקען פֿילן אָן דעם קאָפּ, זיי לאָזן אַפֿילע ניט אײַנדרעמלען, כאָטש שוין די צווייטע נאַכט, אַז איך שלאָף ניט.

ווידער טאָג. די מאַמע און אַנדערע זײַנען אַוועק צו דער אַרבעט.

איצט וואַרטן מיר, עס זאָל ווערן אָוונט, קעדיי קאָנען אומקערן זיך אין געטאָ.

די האַרבסט־טעג זײַנען קורצע. אָבער קיינער אײַלט זיך ניט: מע האָט מוירע, עפּשער האָט זיך נאָך דאָרטן ניט געענדיקט די אַקציע.

נאָר אָט זײַנען מיר ווידער אין געטאָ. אַ שרעקלעכע פּוסטקײַט. אויף די געסלעך וואַלגערן זיך אַוועקגעוואָרפֿענע פּעק. פֿענצטער און טירן זײַנען צעעפֿנט. אונטער די פֿיס טרישטשען שפּליטערס פֿון אויסגעהאַקטע שויבן.

אונדזער דירע איז פּוסט. קיינער פֿון די זיבעצן שכיינים איז ניטאָ. אַלע זאַכן זײַנען באַדעקט מיט פּוך, ווי מיט אַ שניי: די באַנדיטן האָבן צעשניטן די קישנס.

און ווײַטער וואָס? ווידער דאָס זעלבע? ווי לאַנג?

די אָקופּאַנטן קריכן שוין אינגאַנצן פֿון די קיילים. מיסטאַמע דערפֿאַר, וואָס אויפֿן פֿראָנט איז בײַ זיי ניט קעשורע.

לויפֿן פֿון געטאָ ווערט אַלץ שווערער. די באַפֿעלקערונג איז אָנגעשראָקן, האָט מוירע צו אויסבאַהאַלטן די אַנטלאָפֿענע. אין די צײַטונגען איז אָפּגעדרוקט מוראַס אַ באַפֿעל: אויב מע וועט בײַ עמעצן געפֿינען אַ באַהאַלטענעם ייִדן, וועלן דערשאָסן אָדער אויפֿגעהאַנגען ווערן אַלע אײַנוווינער פֿון דער דירע. מע דערציילט, אַז עטלעכע שטאָטישע אײַנוווינער, וואָס זײַנען באַשולדיקט געוואָרן אין אויסבאַהאַלטן ייִדן, האָט מען שוין אויפֿגעהאַנגען אויפֿן קאַטעדראַלן פּלאַץ, בײַם ראָטהויז און אויף לוקישקער פּלאַץ.

ווער עס קאָן, אנטלויפט אין די ארומיקע שטעטלעך. מע זאָגט, אז דאָרטן איז עטוואָס רויִקער.

מענטשן פארקויפן די לעצטע בעבעכעס און דינגען א לאסט־אווטאָ. קינדער טראָגט מען ארויס אין א רוקזאק אָדער איבערגעטאָן אין בגאָדים פון דערוואקסענע. נאָך דער ארבעט קערן זיי זיך שוין ניט אום אין געטאָ. זיי באהאלטן זיך אין אן אָפּגערעדט אָרט און וואַרטן, ביז עס ווערט פינצטער.

דערווייל זייִנען נאָך פאראן זייער ווייניק מענטשן, וועמען דאָס האָט זיך אייַנגעגעבן: מע פארהאלט אף די וועגן.

ריבוינעשעלוילעם, איז טאקע גיטאָ קיין רעטונג?

נאָך קיין פולע וואָך ניט אוועק זינט דער אקציע מיט די געלע שייַנען, און — ווידער...

דאָס מאָל דארפן די אייגנטימער פון די געלע שייַנען ארויסגיין מיט זייערע מישפּאָכעס ניט אף איין מעסלעס, נאָר אף גאנצע דריי.

פרוי ראָזע, אונדזערע א באקאנטע, זאָגט, אז זי וועט זיך ניט באהאלטן. פאר דריי טעג וועט מען זי סייווי געפינען. און אויב זי וועט אלפּינעס אויך דאָס מאָל בלייַבן לעבן, וועט מען זי צונעמען דאָס קומענדיקע מאָל. א וואָך פריִער, א וואָך שפּעטער — אלעמען וועט מען אומברענגען. אזא איז זייער פראָגראַם...

עס איז שווידערלעך צו הערן, ווי פרוי ראָזע רעדט. די מאמע איז אפילע אין קאָס אף איר פאר אזעלכע רייד. ווי קאָן מען זאָגן, אז מע איז מאסקים צו שטארבן? זיצן און וואַרטן, ביז מע וועט קומען אוועקפירן דיך צו דער שכיטע!..

אָבער דערפאר גייט אין דער שכיינעסדיקער דירע א פיבערהאפטע אר־בעט — מע גרייט א מאלינע. אין א קליין צימערל טראָגט מען קליינע פעקעלעך מיט וועש, שטיקלעך ברויט, טעפּלעך מיט אָפּגעקאָכטע שווארצע ארבעס. עס גייען אריין די מענטשן. מע קוקט מיט מוירע אף א שכיינע מיט א פיצל קינד, צי וועט זיך עס, כאַלילע, ניט צעוויינען? וויפל מאָל האָט א קינדערש געוויין ארויסגעגעבן מאלינעס!

א יונג מיידל מיט א ברודער, צו וועלכן זי איז צוגעשריבן אלס א ווייַב, פירן אריַין אין דער מאלינע זייערע טאטע־מאמע. די טיר פון צימערל פאר־מאסקירן זיי מיט א גרויסן פארצייַטיקן בופעט, קלאפּן אים צו צו דער

וואנט. אַף די פּאַליצעס ליגן זיי אויס דאָס געשיר פון דער גאַנצער דירע און אַ פלעשעלע בראַנפן, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן ספּעציעל פאַר אַזאַ פאַל. אויב די מערדער וועלן זיך דערנעענטערן, זאָל דער בראַנפן אָפּציִען זייער אויפמערקזאַמקייט.

מיר זײַנען ווידער אין געטאָ. צום אַלעמערשטן בין איך געלאָפן זען די דירע מיט דער מאַלינע. זי איז כאָרעוו... דער בופעט איז אָפּגערוקט פון וואַנט. דאָס קינד האָט, ווײַזט אויס, זיך טאַקע צעוויינט.

כ׳שטעל זיך פאָר, ווי דאָס איז פאָרגעקומען.

...דער ערשטער טאָג. אין צימערל איז שטיל, פינצטער. דאָס קינד שלאָפט. סאָלדאַטן גייען אַרײַן אין דירע, נישטערן און גייען אַוועק. פון גאַס הערן זיך געשרייען, שאָסן, אָבער די מענטשן אין צימערל דוכט זיך, אַז זיי זײַנען הינטער זיכערע ווענט.

שוין נאַכט. די מאַמע וועקט איר אייפעלע, שפּילט זיך מיט אים, קאָר־מעט, אַבי עס זאָל ניט שלאָפן, קעדיי עס זאָל שלאָפן נאָר באַטאָג. אָבער ווי אַפּצולאָכעס קלעפּן זיך אים די אייגעלעך, עס שלאָפט אײַן. וואָס וועט זײַן באַטאָג?

פרימאָרגן. עס הערט זיך, ווי אין געטאָ מאַרשירן אַרײַן סאָלדאַטן. הײַנט, ווײַזט אויס, זוכן זיי ענערגישער. און דאָס קינד שלאָפט ניט. זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש, וויל עס מער ניט ליגן רויִק — באַלבעט עפּעס אַף זײַן לאָשן, שפּילט מיט די פינגערלעך פון זײַנע פיסלעך, לאַכט, און דאָרטן הינטער דער וואַנט, אין גרויסן צימער ווילדעווען סאָלדאַטן: זיי וואַרפן, שלײַדערן, קלאַפּן אין וואַנט! עפענען דעם בופעט! זיי לאַכן. געפונען שנאַפּס. זיי טרינקען און הירזשען. ווי לאַנג דאָס ציט זיך! זאָל כאָטש דאָס קינד ניט אָנהויבן וויינען! די מאַמע האַלט עס פעסט צוגעדריקט צום האַרצן, איר מויל איז איבער זײַן מײַלכעלע.

ענדלעך, האָבן די באַנדיטן זיך אָפּגעטראָגן. ס׳איז אַוועק שוין דער צווייטער טאָג. געבליבן נאָך איין טאָג!...

און אָט איז דער דריטער, דער לעצטער טאָג. יעדע מינוט פאַלן אין דירע אַרײַן נײַע סאָלדאַטן. הײַנט זײַנען זיי באַזונדערס אַכזאָריעסדיק. ווי בייזע הינט נישטערן זיי אין יעדן ווינקעלע. מע הערט שוין זייערע טריט. און דאָס קינד איז הײַנט זייער קאַפּריז. איז עס קראַנק געוואָרן? עס זאָל

כאָטש ניט וויינען. עס ווייטט! און זיי זײַנען שוין אויף די טרעפּ. גייען ווידער אַרײַן אין דער דירע... עמעצער פֿון די שכנים וואַרפֿט אַרויף אַפֿן קינד אַ קישן. די מוטער וויל אָפּוואַרפֿן די קישן. נאָר אַלץ איז אומזיסט, די באַנדיטן האָבן שוין דערהערט... זיי רוקן אָפּ דעם בופֿעט און פֿאַלן אַרײַן אין צימערל.

אַלע, וואָס האָבן זיך דאָ באַהאַלטן, טרײַבט מען קיין פּאָנאַר...

גענס זאָגט ווידער, אַז אויף ווײַטער וועט זײַן רויִק. ער האָט צונויפֿגערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג און געמאָלדן, אַז די דײַטשישע מאַכט האָט אים פֿאַרזיכערט: איצט, ווען אין געטאָ זײַנען געבליבן נאָר גוטע, זייער נייטיקע פֿאַר די דײַטשן פֿאַכלײַט, וועט מען מער קיינעם ניט אָנרירן. מע דאַרף נאָר גוט און טיכטיק אַרבעטן, זײַן געהאָרכזאַם. אויב מיר וועלן מיט אונדזער אַרבעט ברענגען נוצן און וועלן פֿלײַסיק אויספֿילן אַלע באַפֿעלן, וועלן מיר בלײַבן לעבן.

כ'האָב אַליין געזען, ווי איינער אַ מענטש האָט אויף אָט די רייד אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אויסגעשפּיגן און אַ געשריי געגעבן צו גענסן: „פּאַשיסטישער פּאָפּוגײַ".

אויף דער זעלבער פֿאַרזאַמלונג האָט גענס געמאָלדן אויך וועגן דער נײַער אָרדענונג: אין יעדער בריגאַדע דאַרף זײַן אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער בריגאַדיר — „קאָלאָנענפֿירער". ער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער גאַנצער בריגאַדע און מוז היטן, אַז, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, זאָל זיך צו זײַן בריגאַדע ניט צושאַרן אַ זײַטיקער מענטש, וועלכער וויל אויף אַזאַ אופֿן אַרויסגיין אין שטאָט. דער בריגאַדיר איז פֿאַראַנטוואָרטלעך אויך פֿאַר דער אָרדענונג, ווען מע גייט איבער די גאַסן פֿון שטאָט. ער מוז שטענדיק האָבן בײַ זיך אַ רעשימע פֿון אַלע אַרבעטער פֿון זײַן בריגאַדע און קאָנטראָלירן, צי זײַנען אַלע געקומען צו דער אַרבעט. פֿון די, וועלכע האָבן ניט געאַרבעט, — פֿאָדערן אַ צעטל פֿון דאָקטער. וועגן אַזעלכע, וועלכע האָבן ניט געאַרבעט אָן אַ וויכטיקער סיבע, — מעלדן אין „אַרבײַטס-אַמט" פֿון געטאָ. דער „אַרבײַטס-אַמט" טיילט מיט וועגן דעם דער אַרבעטס-פּאָליצײַ, וועלכע זעצט אַרײַן דעם זינדיקן אויף נאַכט אין געטאָ-טפּיסע. אינדערפֿרי לאָזט מען אים אַרויס, נאָר מיט דעם תּנאַי, אַז ער וועט גלײַך גיין צו דער אַרבעט.

אגעוו, פאר דער ארבעט „צאָלט מען". מאַנצבלעז קריגן צו 1,20 מארק א טאָג, פרויען — צו 1 מארק, קינדער ביז זעכצן יאָר — צו 80 פעניג. די אָנגערופענע סומע געהערט דעם ארבעטנדיקן. פונקט אזא סומע דארף דער ארבעטסגעבער, כוץ דעם, אריינטראָגן אין „געביטסקאָמיסאריאט".

זאָל אָבער קיינער ניט מיינען, אז דעם גאנצן פארדינסט באקומט דער ארבעטער. ניין, איצט לייגט ארויף אף דעם אָרעמען פארדינסט איר לאפּע די געטאָ-מאכט. 10 פּראָצענט נעמט צו דער שטייערן-אמט. אויב אין די ספּעציעלע שטייערן-קארטלעך איז ניט ארייגעשריבן, אז דער שטייער איז באצאָלט, גיט מען ניט ארויס קיין ברויט-קארטלעך. נאָך 10 פּראָצענט דארף מען אריינטראָגן אף „ווינטער-הילף".

פון געטאָ זיינען אוועק אויך די איבעריקע ארבעטער פון דער „קאיליס"-פאבריק: זייער דירעקטאָר האָט געקראָגן נאָך איין שטוב פאר א בלאָק. צום באדויערן, האָבן מיר נאָך געמוזט בלייבן אין געטאָ, פאר אונדז האָט קיין אָרט ניט געקלעקט. איך זאָג „צום באדויערן", ווייל אין די „קאיליס"-בלאָקן איז דערווייל רויִק. אויך אין דער צייט פון די פריִערדיקע אקציעס, ווען דאָ האָט זיך געגאָסן בלוט און קיין פּאָנאר האָט מען אוועקגעטריבן בא זיבן טויזנט מענטשן, איז אין די „קאיליס"-בלאָקן געווען בלויז א לייכ-טער קאָנטראָל.

אין געטאָ ווערן איצט אויך געעפנט בלאָקן. די, וועלכע ארבעטן אין איין אָרט, וועלן וווינען אין איין שטוב. מענטשן זאָגן, אז דאָס איז א שלעכ-טער סימען, ווייל אויב מע וועט עמעצן אָפּזאָגן פון דער ארבעט, וועט מען אים גלייך אָפּפירן קיין פּאָנאר. מע וועט זיך שוין ניט קאָנען באהאלטן. אנדערע זאָגן, אז דאָס איז עפּשער ניט מער ווי דייטשישער פּעדאנטיזם, אין ערגסטן פאל — א נייער מעטאָד צו זוכן די, וועלכע האָבן ניט קיין געלע שיינען.

אויב אָבער זיי האָבן טאקע בעעמעס נאָר דאָס אין זינען, איז אומזיסט זייער טירכע. די, וואָס האָבן ניט קיין שיינען, זיינען געבליבן אף זייערע ערטער. די מענטשן האָבן זיך געמאכט ענגער און לעבן צוזאמען. ווען די „אומלעגאלע" איז גאָרנישט ניט באוווּסט ניט בלויז די היטלעריסטן, נאָר אויך די געטאָ-פּאָליציאנטן.

ווידער טרויעריקע נײַעס: קיין פֿאָנאר האָט מען אוועקגעפֿירט די פֿאַמיליעס פֿון סאָוועטישע אָפֿיצערן, וועלכע מע האָט ביז איצט געהאַלטן אין צוויי הײַזער אַף סובאָטש־גאַס.

הײַנט האָט מען זיי געפֿירט. איינע א פֿרוי האָט פֿון לאַסט־אווטאָ א געשריי געטאָן צו א פֿאַרבײַגייענדיקער געטאָ־בריגאַדע: „ווו איז דער אַרבעטס־יישעוו פֿאָנאר? מע פֿירט אונדז אַהין אַף אַרבעט".

א געוויינלעכער שווינדל, אַז מע פֿירט צו דער אַרבעט...

ס'איז דאָ א באַפֿעל פֿון „געביטסקאָמיסאַריאַט": יידן איז פֿאַרבאָטן צו געבוירן קינדער. א פֿאַלק, וואָס איז פֿאַרמישפּעט צו ווערן פֿאַרניכטעט, טאָר ניט געבוירן קיין נײַעם דאָר.

הײַנט פֿאַרבאָט מען צו האָבן קינדער, און מאָרגן וועט מען האַרגענען די, וועלכע זײַנען שוין פֿאַראַן.

כאָטש איין טאָג זאָל מען קאָנען אָפּלעבן אָן שרעק פֿאַרן טויט!

פֿאָריקע נאַכט איז אין געטאָ ווידער געווען אַן אַקציע. א געהיימע, א מאָדנע שטילע, דעריבער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן איר ערשט הײַנט.

דאָס מאָל האָט דער טויט זיך אַרײַנגעריסן צו די פֿאַמיליעס פֿון די אַרבעטער פֿון די וואַרשטאַטן, וועלכע געהערן צו דער געסטאַפּאָ. כאָטש אַרבעטן בא דער כײַע אין נאָרע איז דאָפּלט שרעקלעך, אָבער דאָס האָט געהאַט אויך א מײַלע: דעם בריגאַדיר האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצובעטן א דערלויבעניש צוצושרײַבן צו די געלע שײַנען ניט נאָר ווײַבער און קינדער, — אויך עלטערן, שוועסטער און ברידער. פֿאַרשטייט זיך, אַז קעדיי צו ראַטעווען וואָס מער מענטשן, האָבן די אייגנטימער פֿון די געלע שײַנען צוגעשריבן צו זיך א סאַך „קרויווים". די היטלעריסטן האָבן זיך איצט, ווײַזט אויס, געכאַפּט, אַז בא זיי האָבן זיך אָנגעקליבן צופֿיל אַרבעטער און צו גרויסע מישפּאָכעס.

אינמיטן נאַכט איז אין געטאָ שטיל אַרײַן א קליינע גרופּע סאָלדאַטן און אוועק צו די בלאָקן, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די אַרבעטער פֿון די געסטאַפּאָ־וואַרשטאַטן (סטראַשון־גאַס 3, און א האַלבע שטוב אַף סטראַשון־גאַס 15). זיי האָבן אויפֿגעוועקט די מענטשן און איבערגעגעבן זיי דעם

באפּעל פונעם געסטאַפּאָ־שעף נאָיגעבאַיער, מע זאָל פאַרלאָזן די געטאָ. דער העפּלעכער טאָן האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מע איז געקומען אַרויספירן די נייטיקע אַרבעטער פון געטאָ, ווייל עס דראָט דאָ מיסטאָמע ווידער אַ געפאַר.

אין די דאָזיקע בלאָקן האָבן צופעליק געלעבט עטלעכע זייטיקע מיש־פּאָכעס, וועלכע האָבן ניט באַוויזן איבערצוקלייבן זיך אין זייער בלאָק. איצט האָבן זיי זיך געשעצט גליקלעך און אַריינגעדרייט זיך צווישן די אַרבעטער, וועלכע מע פירט אַרויס פון געטאָ.

די אַרויסגעפירטע מענטשן האָט מען געבראַכט אין לוקישקער טפיסע. דאָס האָט אָבער אויך ניט געשראָקן: בייס דער ערשטער „אַקציע פון די געלע שיינען", ווען מע האָט געדאַרפט אַ מעסלעס זיין מיט די פאַמיליעס אויף די אַרבעטס־שטעלעס, האָט מען זיי אויך געהאַט פאַרמאַכט אויף נאַכט אין אַן אָפּטיילונג פון טפיסע.

אינדערפרי איז געקומען ווייס מיט נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט און געמאָלדן, אַז דער גרעסטער טייל אַרבעטער איז רעדוצירט, דאָס הייסט אָפּ־געזאָגט פון דער אַרבעט. די, וועלכע בלייבן אַרבעטן, וועט ער אויסרופן לויט דער רעשימע. זיי וועלן זיך אומקערן אין געטאָ. אָבער אויך פאַר זיי זיינען די פריערדיקע פּריווילעגיעס ניט גילטיק, — מיט זיי קאָנען אַרויסגיין נאָר ווייבער און קינדער ביז זעכצן יאָר. עלטערן, ברידער און אַלע אָפּגע־זאָגטע פון דער אַרבעט בלייבן דאָ.

אין געטאָ האָט זיך צוריקגעקערט אַ קליין הייפל מענטשן.

די איבעריקע האָט מען אַפּאָנעם אוועקגעטריבן קיין פּאָנאַר...

ס'איז ווידער ניט רויק. די אייגנטימער פון די געלע שיינען דאַרפן אויספילן אַנקעטעס. די מאַמע האָט שוין אויסגעפילט. פראַגן זיינען דאָרט זייער פּאָשעטע: פאַמיליע, נאָמען, ווען געבוירן, פאַך, אַרבעטס־שטעלע, די נעמען פון די פאַמיליע־מיטגלידער, זייער שייכעס צום אייגנטימער פון געלן שיין, זייער עלטער. מע רעדט, אַז די אָנגעוויזענע אין אַנקעטע פאַמיליע־מיטגלידער (מע מעג אַריינשרייבן אין אַנקעטע נאָר די, וועלכע האָבן בלויע נומערלעך) וועט מען געבן ראָזע שיינען.

צי וועט מען געבן אַלעמען אַזעלכע שיינען, צי מע וועט עפּעס אַנדערש צוטראַכטן?

ראָזע שײַנען גיט מען אַלעמען, אָבער ניט מיטאַמאָל — יעדן טאָג בלויז א געוויסע צאָל מענטשן.

די מאַמע האָט שוין געקראָגן פאַר אונדז ראָזע שײַנען. איצט האָב איך אויך א דאָקומענט. עמעס, ער איז, ווײַזט אויס, ניט זייער קיין וואזשנער, ווײַל ער איז גילטיק נאָר אין געטאָ און אונטערגעשריבן האָט אים גענס. אפילו דער שטעמפּל אין אָרטיקער — אַלץ דער זעלבער מאַגינדאָוויד און אן אויפשריפט אין דײַטש: „פּאָליצײַ־קאָמענדאטור. געטאָ. ווילנע".

מענטשן האָבן זיך געהאט באַרויִקט: אויב מע גיט ראָזע שײַנען אַלעמען, איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן.

אָבער נעכטן אין אָוונט איז פּלוצעם געוואָרן א פּאַניק: מורער האָט באַפוילן ביז אינדערפרי ענדיקן ארויסגעבן די שײַנען.

באַגינען האָבן אין געטאָ אַרײַנמאַרשירט סאָלדאַטן, זיך אויסגעשטעלט אף די געסלעך. זיי וואַרטן, ווײַזט אויס, ביז אַלע אַרבעטער וועלן אוועק אף דער אַרבעט אין שטאָט. נאָר קיינער וויל ניט גיין. גענס מיט די פּאָלי־ציאַנטן טרײַבן איבערגוואַלד, זיי דערקלערן, אַז דאָ וועט זײַן נאָר א קאָנט־ראָל. אויב אָבער מע וועט געפינען עמעצן מיט א געלן שײַן, וואָס איז ניט ארויס צו דער אַרבעט, וועט מען זײַן שײַן אַנולירן און זײַן גאַנצע פאַמיליע צונעמען.

די מאַמע וויל בעשומויפן ניט גיין. די שכיינים פירן זי ארויס קימאַט מיט קויעך.

און וואָס וועט זײַן מיט אונדז? עפּשער וועלן זיי כאַטש דאָס מאָל ניט אָפּנאַרן און באַגרענעצן זיך בלויז מיט א קאָנטראָל? סײַווי איז ביטער: בא אונדז אין דירע וווינט א פרוי מיט א מאַן, וועלכע האָבן ניט קיין ראָזע שײַנען. דאָס קינד האָבן זיי צוגעשריבן צו איינעם, וואָס האָט א געלן שײַן, און אַליין זיך אויסבאַהאַלטן בײַס ביידע פאַבריקע אקציעס אין א מאַלינע פון באַקאַנטע. איצט קלײַבט מען זיך די מאַלינע פאַרבעסערן און מע האָט זי צײַטווײַליק פאַנאַנדערגענומען. דעריבער האָבן זיי ניט ווו אהינצוטאָן זיך. זיי באַהאַלטן זיך אין בעט. מיר האָבן זיי ביזן סאַמע האַלדז פאַרדעקט מיט קאָלדרעס און קישנס פון דער גאַנצער דירע, און פון אויבן נאָך אָנגעוואָרפן קליידער. די קעפּ וועלן מיר פאַרדעקן אין לעצטן מאָמענט, ווען ס'וועלן זיך שוין הערן די טריט פון די היטלעריסטן.

א שטילער ווינטערדיקער פרימאָרגן. אין דער לופט שוועבן זעלטענע שניילעך. זיי לייגן זיך אף דער ערד ווי א דורכזיכטיקער צודעק. נאָר

שוועדע סאָלדאַטישע טריט קוועטשן זיי באַלד אַריַין אין בלאָטע. פֿון אויבן קומען צו פֿליִען ניַיע שנייעלעך און ווילן צודעקן סײַ די בלאָטע, סײַ דעם סימען פֿון שטיוול. אָבער אומזיסט זייער טירכע, — איצט טרעטן שוין א סאַך פֿיס: מע האָט אוועקגעפֿירט א גרויסע מענגע מענטשן. געבליבן לעבן נאָך אַזעלכע שרעקלעכע צוויי אקציעס, און איצט וועלן זיי אומקומען. ווער קאָן דאָס אויסמײַדן פּאַנאַר...

פֿלוצעם האָבן מיר דערהערט טריט. די סאָלדאַטן זײַנען שוין אויפֿן הויף! שוין אויף די טרעפּ! זיי קלאַפּן אין טיר. ניין, ניט אין אונדזער טיר, אין דער שכייניִעסדיקער. קיינער עפֿנט ניט. אָבער זיי רײַסן זיך אַריַין... א פרוי וויינט... די סאָלדאַטן הירזשען. זיי פֿירן עמעצן אוועק...

זיי טראַסקען שוין אין אונדזער טיר! מיר כאַפּן די קישנס, פֿאַרדעקן, פֿאַרמאַסקירן די אויסבאַהאַלטענע. פֿון שרעק גיב איך זיך א זעץ אַפֿן בעט. אונטער מיר האָט זיך עפּעס א ריר געגעבן, מיסטאמע האָב איך זיי גוט צוגעקוועטשט.

די היטלעריסטן באַקוקן לאַנג יעדן שיַין. זיי קלאַפּן אין די ווענט, רוקן אָפּ די שאַפֿע, נישטערן אין פֿאָדערצימער. וואַלגערן זיך אַריַין אין שכייניִשן צימער. איך הייב א ביסעלע אויף א שטיקל קישן, קעדיי די באַהאַלטענע זאָלן קריגן כאָטש א טראָפּן לופֿט.

די באַנדיטן גייען אַרויס. מיר שלײַדערן אַראָפּ די קישנס. אונדזערע שכייניִם ליגן, נעבעך, צעפּאַרעטע, פֿאַרשוויצטע, אָן אָטעם. מיר מינטערן זיי אָפּ מיט קאַלטן וואַסער, זיי קומען קוים צו־זיך. אָבער אינגאַנצן אַרויס־קריכן פֿון בעט וואַגן זיי ניט — טאָמער קומען די מערדער נאָכאַמאָל.

באַם געטאָ־טויער שטייען געדעקטע לאַסט־אויטאָס. דאָס מאָל פֿירן די הענקער זייערע קאָרבאָנעס ניט צופֿוס, קעדיי מע זאָל ניט אַנטלויפֿן, ווי דאָס געשעט אָפֿט. מערסטנס דעריאָגט דעם דרייסטן א קויל, אָבער ווען מע פֿירט אויף אן אויטאָ, וועט מען שוין קיין קוילן ניט דאַרפֿן פֿאַטערן.

מע וועט זיי ברענגען אין וואַלד. דאָרטן וועלן לאַנג הילכן שאָסן. נאָכ־דעם וועט ווידער ווערן שטיל. און נאָר די ביימער וועלן, ווי פֿאַרשטיינטע אין טרויער, באַערן דעם אָנדענק פֿון די קדושים...

אונדזער שאָכן האָט אויך געקראָגן א ראָזן שיַין. וויַיזט זיך אַרויס, אַז נאָך דעם, ווי מע האָט אַרויסגעגעבן שײַנען אַלע פֿאַמיליע־מיטגלידער,

זײַנען נאָך געבליבן בלאנקן. און אזוי ווי מע דאַרף אַרבעטס־קראַפט, גיט מען אַרויס ראָזע שײַנען אַלעמען, וועמען עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן ביז די לעצטע שרעקלעכע אַקציעס.

הייסט עס, מער וועט מען זיי ניט טשעפּען. אָט ווי ניט גערעכט ס׳איז געווען פרוי ראָזע, וועלכע האָט צו גיך פאַרלוירן יעדע האָפענונג. אויב זי וואָלט זיך דעמלט באַהאַלטן, וואָלט מען זי עפּשער ניט געפינען און איצט וואָלט זי געלעבט, ווי מיר אַלע. האַגאַם, ווי לאַנג? אָבער די לעבעדיקע קאָנען נאָך האָפן, און זי...

די נײַע ראָזע שײַנען זײַנען די זעלבע, ווי אונדזערע, אָבער לעבן נומער שטייט אַ בוכשטאַב „S". דאָס הייסט, אַז דער שײַן איז ניט פאַר פאַמיליע־מיטגלידער, נאָר אַ „שוץ"־שײַן. דאָרטן איז אַרײַנגעשריבן אויך דעם אייגנטימערס פאַך. דעם שאָכנס ווײַב האָט געקראָגן אַן אײַנפאַכן, אַזוי ווי אונדזערן, שײַן פון אַ פאַמיליע־מיטגליד.

מע האָט געמאָלדן, אַז אַרבעטן מוזן ניט בלויז יענע, וואָס האָבן באַקומען די שוץ־שײַנען, נאָר אַלע אײַנוווינער פון געטאָ — פרויען, זקנים, קינדער. די, וועלכע אַרבעטן, קריגן אויך אַ בלויען שײַן, דאָס הייסט אַן אַרבעטס־צײַגעניש אַלס צוגאָב צום שוץ־שײַן.

איך וויל אויך גיין אַרבעטן אין שטאָט, נאָר די מאַמע לאָזט ניט. זי זאָגט — כ׳וועל דערפרוירן ווערן. און דערצו, ווי לאָזט מען די קינדער אַליין? איך פיל אָבער, אַז באַלד וועט זי זיך אונטערגעבן: אירע און מירעס פאַרדינסטן זײַנען אַזוי קנאַפּ, אַז נאָך אַ פאָר רובל זײַנען זייער נייטיק, און דער עיקר עפּשער וועל איך אויך קאָנען עפּעס אַרײַנטראָגן פון שטאָט.

הוראַ! מע ברעכט די פאַשיסטן די ביינער! מע טרײַבט זיי פון הינטער מאָסקווע! די רויטע אַרמיי האָט שוין באַפרײַט די שטאָט קאַלינין.

זיי האַלטן שמאָל! זיי פרירן, ווי הינט!

אַ שאָד נאָר, וואָס זיי ווילט זיך וואַרעם אָנטאָן אויף אונדזער כעזשבן. זיי האָבן געהייסן אָפּגעבן אַלע פעלצן, פוטערנע קראַגנס, פוטערנע היטלען און מאַנזשעטן. דאָס גאַנצע פוטערוואַרג מוז ווערן אַרײַנגעטראָגן אין יודענראַט ביז 5 אַזייגער אָוונט. פאַר ניט אויספּילן דעם דאָזיקן באַפעל — טויט־שטראָף!

מע מוז אָפּגעבן. אָבער די מענטשן אַרבעטן דאָך מערסטנס אויפֿן גאַס. אויב ביז איצט האָבן געפּרוּווירן נאָר יענע, וועלכע האָבן געהאָפּט, אַז ביז ווינטער וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע און האָבן ניט מיטגענומען אין געטאָ די ווינטער־מאַנטלען, — וועלן איצט שוין פּרוּווירן אַלע. און ווי אַפּצולאָכעס שטייען האַרבע פֿרעסט, קיינער געדענקט גאָר ניט אַזאַ קאַלטן ווינטער. און די אָקופּאַנטן רעכענען זיך דערמיט ניט — זיי קומען יעדן טאָג אַרײַן אין געטאָ, כאַפּן פֿרויען, אַפֿילע קינדער, און יאָגן ראַמען דעם שניי. די אַרבעט רעכנט זיך אַלס צײַטווײַליקע, דעריבער גיט מען דערפֿאַר ניט קיין שײַנען, אַפֿילע ניט דאָס מיזערנע געצאָלט. פּאָשעט, מע יאָגט אַרויס — און אַרבעט.

די מאַמע האָט אָפּגעטרענט פֿון אונדזערע מאַנטלען די קראַגנס — און אַוועקגעטראָגן. זי זאָגט, אַז באַם יודענראַט שטייען לאַסט־אויטאָס, אין וועלכע מע לאָדט גאַנצע פּעק וואַרעמע היטלען, קראַגנס, מאַנטלען.

איך בין אַוועקגעלאָפֿן אַ קוק טאָן. יאָ, אָנגעלאָדענע אויטאָס פֿאָרן אַרויס פֿון געטאָ, און אויף זייער אָרט שטעלן זיך פּוסטע.

הײַנט האָב איך געהערט אַזאַ אַנעקדאָט: רויטאַרמייער האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן פֿאַרכאַפּט אין געפֿאַנגענשאַפֿט אַ באַטאַליאָן ווײַבער, — אויף די דײַטשישע שינעלן האָבן זיך געבאָמבלט עקן פֿון פֿוקסן.

וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן דעם לערער יאָנײַטיס? מיסטאָמע וואָלטן מיר נאָך מער געהונגערט. יענע וואָך האָט ער אונדז צוגעשיקט אַ ליימען טעפּל מיט שמאַלץ. דאָס האָט זײַן מאַמע אים געשיקט פֿון דאָרף. אויבן, אונטערן פּאַפּיר, איז געלעגן אירס אַ בריוועלע. ער האָט דאָס אַפֿילע ניט באַמערקט. ווײַזט אויס, אַז, ניט פֿאַנאַנדערוויקלענדיק דער מאַמעס מאַטאָנע, האָט ער זי גלײַך איבערגעשיקט אונדז. די גאַנצע צאַרע, וואָס ער איז זייער ניט פֿאָרזיכטיק — נעכטן האָט ער געבראַכט צום סאַמע געטאָ־טויער דעם פּאַפּאַס האַרבסט־מאַנטל און איבערגעגעבן מירען. אַליין גייט ער אַרום אין צעריסענע שיך. די מאַמע האָט אים שוין וויפֿל מאָל געבעטן אָנטאָן דעם פּאַפּאַס שיך, וועלכע זײַנען געבליבן באַ אים. נאָך לאַנגע אײַנריידענישן האָט ער

צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי אָנטאָן, נאָר מיט אַ טנאַי, אַז די מאַמע זאָל בא אים נעמען געלט פאַר די שיך.

ווי געפעלט עס אײַך!

ס'איז די לעצטע צײַט עטוואָס שטילער. איך וועל פּרוּוון געַנוי באַשרײַבן אונדזער לעבן.

אין געטאָ זײַנען אויך ניט אַלע מענטשן גלײַך. ווער עס האָט מיטגע־נומען פון דער היים מער זאַכן, ווער עס באַקומט הילף פון קריסטלעכע פרײַנט, און ווער עס האָט ניט דאָס און ניט יענץ. די לעצטע באַקומען אַ מיזערנע הילף פון דער „סאָציאַלער פאַרזאָרגונג" באַם יודענראַט: מע באַ־צאָלט פאַר זיי דירע־געלט (אַז מע טראָגט ניט אַרײַן קיין דירע־געלט, קריגט מען ניט קיין ברויט־קאַרטל), מע איז זיך מישטאַדל וועגן פאַרקלענערן זיי די שטײַערן, מע גיט זיי אַרויס אומזיסט בילעטן אין באָד אָדער טאַלאָנען אויף סופּ. פאַרשטייט זיך, אַז קריגן אַזאַ שטיצע איז ניט לײַכט. די צאָל נויטבאַדערפטיקע איז זייער גרויס.

איינמאָל האָט די „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג" צוזאַמען מיט דער כעוורע „ווינטער־הילף" דורכגעפירט אַ זאַמלונג פון בגאָדים. געבעטן דעם עולם זיך טיילן מיט די, וועלכע האָבן שוין אינגאַנצן גאָרנישט. און מענטשן טיילן זיך מיטן לעצטן...

די אויפגעקליבענע בגאָדים קריגן יעסוימים און די, וועלכע גייען שוין קרוע־בלוע, פרירן באַם ראַמען דעם שניי אויף די גאַסן, בייס דער אַרבעט בא דער באַן אָדער אויפן אַעראָדראָם.

אַגעוו, אַרבעטן אויפן אַעראָדראָם איז אַן עמעסער אומגליק. דאָרטן הערשט אַ שרעקלעכער היטלערישער סאַדיסט. זײַן גרעסטער פאַרגעניגן איז — צילן זיך מיט דער ביקס אין אַ הוט, וואָס איז אָנגעטאָן אויפן קאָפּ, אָדער צווינגען פאַרמאַטערטע און דערפרוירענע מענטשן, זיי זאָלן נאָך דער אַר־בעט ביז סאַמע נאַכט קריכן אויף די בײַכער איבערן גאַנצן אַעראָדראָם.

עס איז ווידער געווען אַן אַקציע. ניט קיין גרויסע, אָבער פאָרט אַן אַקציע.

באַנאַכט איז אין געטאָ אַרײַן אַ קליינע גרופּע סאָלדאַטן. ניכטערע,

רויקע, זיי האָבן געהייסן די געטאָ־פּאָליציאַנטן בלײַבן אױף זייערע פּאָסטנס און אַליין זײַנען זיי זיך צעגאַנגען לויט ספּעציעלע אַדרעסן, וועלכע יעדערער פון זיי האָט געהאַט בײַ זיך.

זיי האָבן שטיל און גאַנץ העפלעך געוועקט מענטשן, געהייסן מיטנעמען מיט זיך וואַרעמע זאַכן און געדולדיק געוואַרט, ביז יענע וועלן זיך אָנטאָן און אײַנפּאַקן.

נאָר הינטערן טויער פון געטאָ, ווען מע האָט זיי גענומען יאָגן אױף די אויטאָס, האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען זייער לאַגע...

ווײַזט זיך אַרויס, אַז מורער האָט געפאָדערט בײַ גענסן נײַע קאָרבאָנעס. גענס האָט אויפגעשטעלט אַ רעשימע פון מענטשן, וועלכע זײַנען אים ניט צום האַרצן אָדער נימעס געוואָרענע די פּאָליציאַנטן פון געטאָ, געגעבן די טאַליאָנים זייערע אַדרעסן און בײַנאַכט האָבן זיך אין פּאָנאַר ווידער געהערט שאָסן.

כ׳האָב גאָרניט געוווּסט, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. זייערע פאַמיליעס רופט קיינער ניט אָן. אָבער זיי זײַנען פאַראַן. אַ רוישעם האָבן געמאַכט זייערע נײַ־יאָריקע אויפרופן. עמעצע, געדרוקטע (עפּשער אפילו אין געטאָ גופא געדרוקט). זיי רופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ניט לאָזן זיך פירן, ווי שאָף, צו דער שכיטע. זיי שרײַבן, אַז אין פּאָנאַר ליגן שוין אונדזערע מאַמעס, ברידער, שוועסטער. גענוג קאָרבאָנעס! מע דאַרף זיך שלאָגן!

די שטימונג איז געהויבן. מענטשן כאַזערן איבער די ווערטער פון דעם אויפרוף.

אָט איז שוין דאָס נײַע, 1942 יאָר. מע הערט אפילו ניט קיין נײַ־יאָר־באַגריסונגען. עפּשער איז דאָס שוין אונדזער לעצט יאָר. מע דערציילט, אַז היטלער האָט אין זײַן נײַ־יאָר־רעדע געזאָגט, אַז אין 1943 וועט מען אַ ייִדן שוין קאָנען זען נאָר אין מוזיי.

אויב מע וועט היטלערן ניט צעשמעטערן אױפן פראָנט, קאָן ער די דראָונגען אויספילן...

פאַריקע נאכט האָט אונדזער שאָכן געגעכטיקט אין דער געטאָ־טפּיסע: ער האָט געפּרוווט דורכטראָגן דורכן טויער אין די קעשענעס עטלעכע קאַרטאָפל.

די געטאָ־טפּיסע געפינט זיך אין הויף פון דער ביבליאָטעק, אף סטראַשון־גאַס 6. פאקטיש איז דאָס שוין לידסקער גאַס, אָבער פון יענער זייט איז אלץ פארקלאפּט, און דער אריינגאַנג איז דורכן הויף פון סטראַשון־גאַס.

אין טפּיסע זיינען פאראן עטלעכע קאמערן. א טייל פון זיי זיינען באַשטימט פאר „קליינע פארברעכער", וועלכע זיצן דאָ פאר ניט ארויסגיין צו דער ארבעט אָן א וויכטיקער סיבע, פאר פּרוּוון עפּעס אריינטראָגן אין געטאָ אָדער פאר באליידיקן א געטאָ־פּאָליציאַנט. די דאָזיקע קאמערן זיינען שטענדיק פול.

ס'איז דאָ א קאמער אויך פאר אוועלכע, וועלכע זיינען פארמישפּעט צו זיצן א לענגערע צייט.

לעכאַטכילע האָבן מענטשן געלאכט פון דער טפּיסע, אָבער איצט לאכט מען שוין ניט. פונדאַנען טרייבט מען אָפּט קיין פּאָנאַר. ווען מורער פּאָדערט מענטשן צו פארניכטן, „ראמט" גענס קוידעמקאָל אויס די געטאָ־טפּיסע.

כ'וועל באַשרייבן אונדזער „מעלוכע־אָרדענונג".

אנשטאלטן זיינען בא אונדז פאראן, ווי אין אַן עמעסער מעלוכע. אָבער דאָרטן זיינען מיניסטעריומס, דעפּארטאמענטן, קאָמיטעטן, דאָ — דער יודנראַט, זיינע אָפּטיילונגען און די געטאָ־פּאָליציי.

אויסער „ארבייטס־אמט", „סאָציאלער פארזאָרגונג", ביבליאָטעק, קראַנקן־הויז, וועגן וועלכע כ'האָב שוין געשריבן, זיינען פאראן דאָ א סאך אנדערע אנשטאלטן.

דער דערנערונגס־אָפּטייל גיט ארויס דורך די הויז־קאָמענדאַנטן ברויט־קאַרטלעך, צעשיקט איבער די קרעמלעך די פּראָדוקטן, וועלכע זיינען באַשטימט פארן געטאָ, און קאָנטראָלירט ווי די פּראָדוקטן ווערן פארטיילט.

דער „וווינונגס־אמט" פארנעמט זיך מיט דירע־פּראַגעס, ריכטיקער מיט פיצלעך צימערן און ווינקלען. אויב נאָך אַן אקציע איז ערגעץ־ווו געוואָרן „גערוימער", פירט מען אהין אריבער (פארשטייט זיך, לויט אַן אָרדער) מענטשן, וועלכע לעבן אין א נאָך גרעסערער ענגשאפט. דער „וווינונגס־אמט" האָט רעמאָנט־בריגאַדעס, וועלכע קאלכן אָן אנדערשמאָל אויס די צימערן.

אָבער זויכע זײַן דערצו קאָנען, צום באדויערן, בלויז די הויכגעשטעלטע פּאָליציאַנטן און אנדערע פּריווילעגירטע.

פאראן אין געטאָ נאָך אנדערע אַנשטאַלטן: פאר טעכנישע איניאָנים און פינאנסן, פאר אָנפירן מיט די ווארשטאטן, איינמעלדונגס־ביוראָ, אפילע א קווורע־אָפּטייל. דאָס מוז מען האָבן. מענטשן שטארבן דאָך ניט נאָר פון א קויל. די שטאָט־מאכט האָט אויסגעטיילט דער געטאָ א קליאטשע א פּעגירע און א קאטאפאלק. קימאט יעדן באגינען שלעפּט זיך איבערן געטאָ א טרויע־ריקע פּראָצעסיע — דער שווארצער קאטאפאלק און א הײַפעלע באגלייטער. אויב מע פירט מיטאמאָל ארויס עטלעכע אָרנס, איז די צאָל באגלייטער עטוואָס א גרעסערע. די באגלייטער דערגייען ביזן געטאָ־טויער, מע געזעגנט זיך מיטן מעס — ווער עס וויינט שטיל, ווער עס שרײַט אף א קאָל. דער־נאָך צעעפנט זיך דער טויער, שלינגט אײַן דעם קאטאפאלק און פארמאכט זיך ווידער. א ווײַלע הערט זיך נאָך, ווי עס קלאפן די פּאָדקעוועס פון דער קליאטשע. דאָס איז אלץ... איצט גיט דער פורמאן א שמיס מיט דער בײַטש, און די קליאטשע לויפט, וויפל קויעך זי האָט, דורך דער שטאָט. מע מוז באווײַזן, ביז די שטאָט איז נאָך ניט אופגעשטאנען: אפילע א טויטן ,,Jude“ איז ניט אלץ דערלויבט...

וועגן די קינדער אין געטאָ זאָרגט א ספּעציעלע קינדער־אָפּטיילונג. פאר יעסוימים זײַנען פאראן אינטערנאטן. די קינדער זײַנען צעטיילט אף גרופּעס, לויטן עלטער. די קלענערע לערנען זיך, די עלטערע ארבעטן אין די געטאָ־ווארשטאטן אָדער אין ספּעציעלע טראנספּאָרט־בריגאדעס. אויב א יינגעלע, כאָטש א יאָסעם, ארבעט אין שטאָט, נעמט מען אים אין אינטער־נאט שוין ניט אָן. עס רעכנט זיך, אז ער איז שוין א זעלבשטענדיקער מענטש. כאָטש דער מענטש איז נאָך א קינד...

ס'זײַנען פאראן אויך צוויי שולן — אף סטראשון־גאס און אף שאוולער. מע האָט זיי ספּעציעל אײַנגעאָרדנט וואָס ווײַטער פון טויער: ווען א געס־טאפּאָ־מאן וועט אומגעריכט ארײַן אין געטאָ, זאָל ער ניט וויסן, וויפל קינ־דער דאָ זײַנען נאָך פאראן, זאָל ער ניט זען, אז זיי געפינען זיך אונטער עמעצנס אן אופזיכט. די לערער אליין האָבן צונויפגעשלעפּט טישן, בענק, אפילע א טאָוול געפונען. זיי לערנען כעמיע אָן לאבאָראטאָרישער ארבעט, באָטאניק אָן איין גרינסעלע, אָן ביכער, אָבער זיי לערנען.

יעדן טאָג, 12 אזייגער, פירט מען די קינדער אין קיך נאָך סופּ. זיי קומען, קלאפנדיק מיט זייערע הילצערנע, באצויגענע מיט שטאָף, שיכעלעך

און ווארטן, ביז מע וועט זיי אריינלאָזן. וועגן דעם מאָמענט האָבן זיי געטרוימט נעכטן דעם גאנצן אָוונט און היינט דעם גאנצן פרימאָרגן. זשעדנע אויסגעזופּט זייער פּאָרציע, אויסגעלעקט דאָס שיסעלע, גייען זיי ארויס אומעטיקע און הייבן ווידער אָן צו ווארטן אפן מאָרגנדיקן טאָג, ווען מע וועט זיי ווידער ברענגען אהער...

קינדער. בלייכע פּנעמלעך, אָנגעריבענע פון די הילצערנע קלומפּעס פיסעלעך. זיי זיינען אויך דעם „פיורערס" פיינט. פון זיי דארף מען אויך „אָפּרייניקן אייראָפּע".

פאר עלטערע קינדער איז פאראן אויך א גימנאזיע. אָבער זי איז האלב פּוסט. ניט דערפאר, וואָס קינדער אין דעם עלטער זיינען אין געטאָ ווייניקער איידער קליינע. ניין, פּאָשעט ווייל זיי ארבעטן. מע האלט זיי שוין ניט פאר קינדער. איך פארגעס אויך אָן אנדערשמאָל, אז מיר גייט ערשט דאָס פופצנטע יאָר. בעסער וועגן דעם ניט טראכטן, ווייל דאן פארווילט זיך שטארק לערנען, ריידן וועגן שרייבער און פּאָעמעס, וועגן לענדער און פעלקער. איצט וואָלט איך שוין האָלט געהאט אויך טעאָרעמעס, אפילע פיזיק. אָבער... די מאמע און מירע ארבעטן, מע דארף אכטונג געבן אף די קינדער און שטיין אין די רייען...

כאָטש מעקאנע זיין איז זייער ניט שיין, אָבער איך בין אָן אנדערשמאָל מעקאנע דאָס קליינוואָרג, וואָס פארשטייט גאָרנישט...

די טעג זיינען אינדערפרי צעקלעפּט געוואָרן מעלדונגען, אז דער צווייטער פּאָליציי־צירקל צוזאמען מיט א גרופּע ארטיסטן גרייט א קאָנצערט. לעבן די מעלדונגען האָבן אף מאָרגן זיך באוויזן צעטעלעך מיט רויטע אויסיִעס: „אף א בעסוילעם זינגט מען ניט!", „די פּאָליציאנטן זיינען זיכער מיט זייער לעבן, זיי זיינען זאט און אָנגעטאָן, מער ווי קאָנצערטן פעלט זיי ניט!", „ייִדן, גייט ניט אף זייערע קאָנצערטן!", „איידער זיצן אף די קאָנצערטן, טראכט בעסער ווי שעדיקן דעם דייטש!"

אָבער דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען, כאָטש אָן אוילעם איז געווען א גאנץ קליינער.

איצט קלייבט זיך דער קולטור־אמט עפענען א טעאטער.

פאָריקע נאכט האָט מען באָמבארדירט.

מיר זיינען שוין געשלאָפן. פלוצעם האָבן פון א שרעקלעכן אופרייס

געגומען ציטערן די שויבן. מיר זיינען אופגעשפרונגען פון שרעק, געמיינט, אז מע רייסט אוף די געטאָ. ס'האָט ווידער א טראסק געטאָן. עמעצער האָט א געשריי געגעבן: „באָמבעס!"

הורא! מע באפרייט אונדז! אָבער די מאמע איז שטענדיק א ניכטערער מענטש. זי זאָגט, אז מיט באָמבארדירן איין מאָל וועט מען די פאשיסטן ניט איינברעכן. מיילע, וועט מען באָמבארדירן נאָכאמאָל און נאָכאמאָל. דעם אויצער וועט זיי קיינער ניט זשאלעווען.

געגנס מיט זייער פּאָליציאַנטן קריכן פון די קיילים, — ווען זיי דערזעען אין א פענצטער א ברענענדיקן פּאפּיראָס, וואַרפן זיי א שטיין. עס רייסן זיך באָמבעס, עס שיטן זיך שויבן, עס פייפן פּאָליציאַנטן — און עמעסע איבערקערעניש.

מיטאמאָל איז געוואָרן שטיל. די עראָפּלאַנען זיינען אוועקגעפלויגן, און מיר זיינען געבליבן אליין, צווישן די געטאָ־ווענט, אין דעם פיינטס לאפּעס.

די עראָפּלאַנען האָבן זיך ווידער אומגעקערט, ערגעץ ווייט האָט ווידער געגומען דונערן, דערנאָך איז ווייטער אָנגעקומען די גרויליקע שטילקייט...

איין באָמבע איז אראָפּגעפאַלן ניט ווייט פון געטאָ.

באטאָג איז אין געטאָ אריינגעלאָפן א צעקאָכטער נאָיגעבאָיער. עמעצער האָט אים געזאָגט, אז באנאכט זיינען פון געטאָ ארויסגעלאָזן געוואָרן צוויי ווייסע ראקעטעס. הייסט עס, דאָ האָט מען געוווסט וועגן דעם, אז עס וועלן קומען צו פליען עראָפּלאַנען און מע האָט געוואַרט אף זיי; יידן האָבן געגעבן די באָלשעוויקעס א סימען, געהאָלפן זיך אָריענטירן, באלויכטן די שטאָט. ער וועט ניט זוכן די שולדיקע. פאר אזא פאראט וועלן ענטפערן אלע. ער אליין, מיט זיינע אייגענע הענט, וועט אונטערצינדן די געטאָ: „זאָלן די יידן, פלאקערנדיק, לייכטן זייערע פריינט די קאָמוניסטן".

כ'האָב שוין לאנג ניט געשריבן. דאָס לעבן איז איינטאָניק: אויב מע רעדט ניט וועגן פאָנאר, רעדט מען וועגן עסן. עטלעכע מאָל האָב איך געזען א. ר. אָבער וועגן וואָס זאָל איך מיט אים ריידן? וועגן שול? וויפל קאָן מען לעבן מיט זיכרוינעס? און איצט איז ניטאָ וועגן וואָס — ער ארבעט, איך האָב זיך מיינע דייגעס. וועגן זיי קאָן מען זיך טיילן מיט דער מאמען, אָבער ניט מיט אים.

שוין מארט. באלד פרילינג...

ס'איז ווידער זייער ניט רויק: עס גייט אויס דער טערמין פון די געלע שײַנען.

האַרבסט, ווען מע האָט זיי אַרויסגעגעבן, האָבן די פינף כאַדאָשים פון זייער גילטיקייט אויסגעזען זייער לאַנג. דער 30 מאַרט, האָט זיך געדוכט, איז נאָך זייער ווײַט. מיר האָבן געהאָפט, אַז ביז דעם דאָזיקן טאָג וועט מען די היטלעריסטן שוין עפּשער פאַרטרײַבן. איצט דערנעענטערט זיך דער טאָג און מע האָט די היטלעריסטן נאָך ניט פאַרטריבן.

יעדער איינער פּרוּווט, ווי ער קאָן, דערוויסן זיך, וואָס וועט מיט אונדז זײַן ווײַטער? אָבער — קיינער ווייסט גאָרניט. צי דען האָט עפּעס אַ געסטאַפּאָ־מאַן אָדער אַ מיטאַרבעטער פון „געביטס־קאָמיסאַריאַט" זיך ניט אויסגערעדט פאַר עמעצן? אַזאַ געהיימקייט איז ניט קיין גוטער סימען...

כ'האָב זיך דערוווּסט אַן אויסערגעוויינלעכע נײַעס: אין געטאָ איז פאַראַן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, וועלכע גרייט זיך קעמפן קעגן די אָקופּאַנטן. דאָס איז די פ.פ.אָ. — פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. אירע מיטגלידער האָבן מיט די אייגענע הענט געמאַכט אַ מינע און אונטערגעלייגט זי אונטער די באַן־רעלסן לעבן נײַ־ווילנע.

הוראַ!

אָבער ריידן וועגן דעם טאָר מען ניט. די מאַמע האָט אפילע פאַרבאָטן צו פאַרשרײַבן דאָס. נאָר ווי קאָן איך דורכלאָזן אַזאַ נײַעס!

די לעצטע דרײַ נעכט, איידער עס האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון די געלע שײַנען, זײַנען די מענער פון אונדזער דירע געשטאַנען לויט דער ריי אויף דער וואַך, קעדיי אין פאַל פון אַן אַקציע זאָלן מיר ניט געטראָפן ווערן שלאָפנדיקע.

הײַנט, אין דער לעצטער נאַכט, שלאָפט שוין קיינער ניט.

די נאַכט איז קימאַט אַ פרילינגדיקע, נאָר עפּעס אַ פאַרגליווערטע, אַ לעבנסלאָזע — עס איז פינצטער אין גאַס און פינצטער אויף דער נעשאָמע.

מיט מאַטערניש דערוואַרט זיך ביז טאָג. צו דער אַרבעט דאַרף מען גיין אָדער ניט? די געטאָ־פּאָליציאַנטן שרײַען, פאַרשטייט זיך, אַז מיר זאָלן, ווי שטענדיק, אַרויסגיין צו דער אַרבעט. נאָר פּלוצעם האָט זיך פאַרשפּרייט אַ

קלאַנג, אז די געסטאַפּאָ וועט גלײַך פון דער ארבעט יאָגן אין פּאָנאר, און די געטאָ וועט מען „רייניקן” באַטאָג.

די בריגאַדעס זײַנען זיך צעפאַלן: מע לויפט אַהיים זיך באַהאַלטן, ראַטעווען, שטעלן א ווידערשטאַנד. די געטאָ־פּאָליציאַנטן כאַפּן מענטשן און יאָגן צו דער ארבעט.

די מאמע האָט מען ארויסגעפירט פון שטוב קימאַט איבערגוואַלד. איך האָב זיך באַהאַלטן אויפן הויף, מע זאָל ניט דאַרפן געזעגענען זיך.

דער טאָג איז אוועק אין אַן אָנגעשטרענגטן וואַרטן. נאָר דערווײַל האָט גאָרנישט ניט פּאַסירט. עפּשער באַנאַכט?

מיר האָבן געדרעמלט אין די בגדים. די נאַכט איז אויך דורכגעגאַנגען רויִק. עפּשער האָבן די פאשיסטן פארגעסן, אז עס איז אויסגעגאַנגען דער טערמין?

די שײַנען פארלענגערט מען. ווידער ניט אַלעמען מיטאַמאָל, קעדיי עס זאָל ניט זײַן קיין פּאַניק.

די מאמע האָט איר שײַן שוין פארלענגערט; מע האָט פּאָשעט פאַרשטראָכן די דאַטע 30.III.1942 און אוועקגעשטעלט א שטעמפּל 30.IV. סאַכאַקל אויף איין כּוידעש... אָפּטימיסטן פאַרזיכערן, אז פאַר דער צײַט וועט מען אָפּדרוקן ארבעטס־ביכלעך, וועלכע מע וועט ארויסגעבן אָנשטאָט די געלע שײַנען.

דאָס מאָל האָבן די אָפּטימיסטן קיין טאָעס ניט געהאַט: די געלע שײַנען בײַט מען טאַקע אויף ארבעטס־ביכלעך. איך האָב שוין געזען אַזאַ ביכל. דאָס איז א לענגלעך בלעטל פון האַרטן ראָזן פּאַפּיר, צונויפגעלייגט אינדרײַען. אויף דער ערשטער זײַט (ריכטיקער, אויפן טאָוול) — די פאַמיליע, נאָמען, ווו און ווען געבוירן, וווין־אָרט (אויף דער פראַגע איז שוין אָפּגעדרוקט אויך דער ענטפער: „ווילנע. געטאָ”), ספּעציאַליטעט, פאַמיליע־צושטאַנד און אַזוי ווײַטער. די צוויי אינווייניקסטע זײַטן זײַנען באַשטימט אויף פארנאָטירונגען וועגן דער ארבעט: ווו און אויף וואָס פאַר אַן ארבעט, ווען אָנגעקומען, ביז ווען געאַרבעט. ווײַטער — באַמערקונגען פון דער געטאָ־מאַכט.

אז אַלע אייגנטימער פֿון די געלע שײַנען װעלן באַקומען די אַרבעטס־ביכלעך, װעט מען אָנהייבן אַרױסגעבן זיי אויך יענע, װאָס האָבן בלויע שײַנען.

דער נאָמען „בלויע שײַנען" איז שוין, אַגעװי, פֿאַרעלטערט. לעצטנס דרוקט מען די שײַנען אויף גרינעם און װײַסן פּאַפּיר: אַפּאָנעם עס קלעקט ניט קיין בלויי פּאַפּיר.

איך האָב מיט דער מאַמען שוין לאַנג זיך צונױפֿגערעדט, אַז פֿרילינג װעל איך גיין אַרבעטן. און איך אַרבעט שוין טאַקע: איך טראָג װאַסער.

װען איך בין צום ערשטן מאָל אַרױס באַגינען פֿון געטאָ, האָב איך זיך דערשראָקן — אויף די גאַסן אָן אַ שיר היטלעריסטן! כ'האָב זיך געשלעפּט צוזאַמען מיט דער גאַנצער בריגאַדע און מירע געהאַט אױפֿצוהײבן די אויגן. און די גאַסן זײַנען אַזעלכע ברייטע, ריינע. דאָ איז אויך ליכטיקער איידער אין געטאָ.

כ'האָב געזען דעם לערער פֿון פֿראַנצויזיש באַקאַיטיסן. עפּשער האָב איך ניט געדאַרפֿט קוקן אויף אים, װאָלט ער זיך ניט באַגריסט. אויב עמעצער האָט דאָס באַמערקט, װעט דאָס אים קיין גוטס ניט ברענגען...

איך אַרבעט אויף די גערטנער פֿון אַן אַלטן רײַכן מאַן. פּאַלעװיטש הייסט ער. די גערטנער זײַנען גאַנץ װײַט, ערגעץ לעבן קאַלװאַריסקן מאַרק. דער באַלעבאָס איז זייער אַ בייזער. גלײַך אינעם ערשטן טאָג האָט ער אָנגע־זאָגט, מיר זאָלן זיך ניט דערװעגן אַרױסצוטראָגן פֿונדאַנען כאָטש איין מערעלע. אויב מיר װעלן באַם יעטן אויפֿעסן אַ מערעלע אָדער אַן אוגערקע, װעט ער דאָס שענקען, נאָר אויב ער װעט כאַפּן, אַז מע טראָגט אַרױס כאָטש איין מערעלע, װעט ער באַלד מעלדן אין געסטאַפּאָ.

דערװײַל איז נאָך ניטאָ װאָס צו יעטן און װאָס צו עסן. מיר שלעפּן װאַסער צו באַגיסן. די ערשטע עמערס זײַנען געװען זייער שװערע, און שלעפּן דאַרף מען װײַט, ביז די לעצטע בייטן. אין געטאָ איז דאָס אַ מע־האַלעך פֿון צװיי גאַסן.

כ'האָב געשלעפּט פֿולע עמערס און זיך געײַלט מיט פּוסטע צוריק. די צײַט איז קוים געקראָכן. מיטיק־צײַט האָבן די פּוילישע פֿרויען, װאָס אַר־בעטן ניט װײַט פֿון אונדז, זיך געזעצט עסן. איך האָב מיט אַלע קױכעס באַמיט זיך, זיי זאָלן ניט באַמערקן, װי איך קוק אויף זיי, און זאָלן ניט

מיינען, אז איך בעטל. פאַרשטייט זיך, ווען זיי גיבן, וואָלט איך זיך ניט אָפּגעזאָגט.

א ביסל געזעסן, האָב איך זיך קוים אופגעהויבן פון אָרט — עס האָט ווי געטאָן דער גאַנצער קערפּער. די הענט האָבן זיך געטרייסלט, די עמערס זײַנען ווי געוואָרן שווערער. די ארבעט איז געוואָרן אן עמעסע פּײַניקונג. די זון איז אונטערגעגאנגען זייער לאַנגזאַם.

אין אָוונט האָט די מאמע ניט געקאָנט אײַנבעטן זיך בא מיר, איך זאָל עפּעס עסן: ס'האָט מיך געיבלט, ווי געטאָן דער קאָפּ. די מאמע האָט גע־זאָגט, אז דאָס בין איך פאַרשיקערט פון דער פרישער לופט. נאָר וואָס גייט מיר אָן די סיבע — מיר איז שלעכט, און גאָר!

אינדערפרי האָב איך ניט געקאָנט אופשטיין. די מאמע האָט זיך געבעטן, דערקלערט מיר, אז קוים ארבעט איך, טאָר איך ניט דורכלאָזן קיין איין טאָג, ווײַל מע וועט עס האלטן פאר סאבאָטאזש. זי האָט מיר, ווי א קליי־נינקע, געהאָלפן זיך אָנטאָן, און איך האָב געכליפּעט פון פאַרדראָס, וואָס אפילע די אייגענע מאמע פאַרשטייט מיך ניט, שטעלט זיך ניט פאָר, ווי שווער מיר איז. די מאמע האָט ארופגעצייגן אף מיר דאָס העמד, דאָס קליידל און אלץ געטרייסט, אז נאָכן ערשטן טאָג פיזישע ארבעט פילט מען זיך שטענדיק אזוי מיד. דערנאָך גייט אלץ דורך.

נעכטן האָב איך בעעמעס געפילט זיך שלעכט, און הײַנט איז שוין קימאט צו פאַרלײַדן.

קעדיי מיר זאָל ניט זײַן אזוי אומעטיק בייס דער ארבעט און די צײַט זאָל לויפן גיכער, צייל איך די עמערס. הײַנט האָב איך אָנגעטראָגן 96 עמערס. 48 מאָל בין איך געגאנגען מיט צוויי פולע עמערס וואסער.

דער סאָוועטנפארבאנד האָט אונטערגעשריבן מיט ענגלאנד און אמערי־קע אן אָפּמאך. מע האָט זיך צונויפגערעדט וועגן א געמיינזאמען קאמף קעגן היטלערן און זײַנע שותפים.

די נײַס וועגן דעם אָפּמאך איז א זיכערע. ביכלאל זײַנען די אינפאָר־מאציעס, וועלכע מיר האָבן וועגן פראָנט, ריכטיקע. די אומלעגאלע קאָמוניס־טישע אָרגאניזאציע פון געטאָ פאַרשפּרייט צווישן די אײַנוווינער די אינפאָר־מאציעס פון סאָוועטישן אינפאָרמביוראָ.

לאַנג ניט געווען קיין נײַע באַפֿעלן, איז נאַט אײַך! דער הער בורגאָמיסטער האָט באַפֿוילן, אַז יעדער אײַנוווינער פֿון געטאָ זאָל אײַנצאָלן אַ „קאָפּ־שטײַער“ פֿאַרן צווייטן האַלביאָר פֿון 1941. אײנגיכן וועט מען דאַרפֿן צאָלן אויך פֿאַר דער ערשטער העלפֿט פֿון איצטיקן יאָר.

מײַן קאָפּ ווערט „געשאַצט“ אין 8 מאַרק. עפּשער איז דאָס ניט טײַער, נאָר ווו נעמט מען 8 מאַרק? פֿאַרקויפֿן איז שוין קימאַט ניטאָ וואָס. אַפֿילע די קינדער פֿאַרשטייען דאָס. די שכיינע האָט אַ פֿרעג געטאָן בײַ ראָוועלען, וואָס ער עסט, האָט ער געענטפֿערט: „דעם אַרבל פֿון דער מאַמעס נאַכט־העמד“.

סאַראַ גליק, וואָס אויף דער וועלט איז דאָ דער לערער יאַנײַטיס...

אַוועק אַ יאָר נאָך דער אָקופּאַציע פֿון ליטע. ווי אַלץ האָט זיך געענדערט! וויפֿל אומשולדיקע מענטשן זײַנען אומגעקומען! ווי גיך ענלעך איז דאָס יאָר אויף די פֿאַבריקע. אָבער די איצטיקע טעג אין געטאָ, ווען עס זײַנען ניטאָ קיין אַקציעס, זײַנען ענלעך איינער אויפֿן אַנדערן.

...פֿריִער באַגינען. פֿאַרשלאָפֿענע מענטשן קומען זיך צונויף אויף רודניצקי־גאַס, קלײַבן זיך בריגאַדעסווײַז. ייִנגעלעך מיט הילצערנע פּודעלעך אויפֿן האַלדז, דרייען זיך אַרום צווישן אוילעם און לייגן פֿאַר זייער סכוירע: „סאַכאַרין! פּאַפּיראָסן! פּאַפּיראָסן! ווער דאַרף פּאַפּיראָסן? שטיינדעלעך פֿאַר צינד־מאַשינקעס!“ פּרוּוון לייגן פֿאַר קאָרענע פּלעצלעך.

פֿון שטאָט קערן זיך אום עטלעכע קוימענקערערס. דאָס זײַנען די רײַכסטע מענטשן פֿון געטאָ. ווען איך בין געווען אַ קלײנינקע, האָב איך פֿאַר קוימענקערערס מוירע געהאַט. נאָכדעם האָב איך אויף זיי ראַכמאָנעס געהאַט, וואָס זיי זײַנען שטענדיק שמוציק, אויסגעשמירט אין סאַזשע, און איצט בין איך זיי פּאָשעט מעקאַנע — זיי זײַנען אַלעמאָל זאַט. אין שטאָט פֿעלן אויס קוימענקערערס, האָט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג זיך געמוזט ווענדן אין געסטאַפּאָ, מע זאָל דערלויבן נעמען קוימענקערערס פֿון געטאָ, און די קוימענקערערס זאָלן באַקומען די געהעריקע שײַנען, וואָס דערלויבן זיי אָן אַ וואַך אַרומגיין איבער די גאַסן און אַפֿילע אַרײַנגיין אין די הײַזער. בײַ די קוימענקערערס אין די שײַנען איז אָנגעשריבן, אַז דער דאָזיקער „Jude“ מעג אַליין, אָן באַגלייטונג, גיין איבער די גאַסן. פֿאַר אויסרייניקן אַ קוימען גיבן גוטע מענטשן אָפּצועסן, אַנדערע גיבן נאָך עפּעס פֿאַר דער מישפּאָכע אויך.

די טויער־וואך קאָנטראָלירט ניט די שמוציקע קאסטנס פון די קוימענקערערס, מאכמעס עס ווילט זיך ניט פאטשקען די הענט. מורערן אין די הענט קאָנען זיי אויך ניט אריינפאלן, — די קוימענס רייניקן זיי גאָר פרי און קערן זיך אום אין געטאָ, ווען אלע אנדערע גייען ערשט ארויס צו דער ארבעט.

...צוביסלעך ווערט די געטאָ פוסטער, — די בריגאדעס גייען ארויס צו דער ארבעט. איצט באווייזן זיך אין די געסלעך זעלטענע פארבייגייער — די אָנגעשטעלטע פון יודענראט. זיי זיינען אָנגעטאָן רייִנער, אָבער זייערע געזיכטער זיינען אזוי בלאס, מאמעש דורכזיכטיק.

עס נעמט הודיען און פייפן די עלעקטרישע זעג. די געטאָ לעבט ווידער אויף: עס הייבן אָן ארבעטן די געטאָ־ווארשטאטן.

אין אָוונט קערן זיך אום די מידע ארבעטער. עס פאלט צו די נאכט. עס ווערט טויט־שטיל ביזן קומענדיקן פרימאָרגן.

ווען מיר זיינען היינט געקומען פון דער ארבעט, איז באם טויער נאָך געווען רויק. מיטאמאָל איז געוואָרן א בעהאָלע — די געטאָ־פאָליציאנטן האָבן גענומען טרייבן פון באריער יענע, וועלכע זיינען געקומען באגעגענען די אָנקומענדיקע פון שטאָט, זיי האָבן אָפּגעשטעלט די באוועגונג אין געטאָ. וואָס איז געשען? — באם טויער האָט זיך באוויזן מורער! ער שטייט באם ארייַנגאנג און קוקט, ווי די פאָליציאנטן פון דער טויער־וואך פירן דורך דעם קאָנטראָל. ווען אים געפעלט ניט, שטעלט ער זיך אליין צו דעם קאָנט־ראָל. בא איינער א פרוי געפינט ער 20 פעניג (עס איז דערלויבט צו האָבן בא זיך נאָר 10). ער באפעלט, מע זאָל זי ארייַנפירן אין צימער פון דער טויער־וואך, אויסטאָן נאקעט און געבן 25 שמיץ. עס שמייסן זי פינף פאָלי־ציאנטן, יעדערער דערלאנגט צו פינף שמיץ. דעם סאדיסט מורער באפרי־דיקט עס ניט — ער נעמט זיך אליין צו דער פייניקונג.

פארענדיקט מיט דער פרוי, וואָס איז שוין קוים א לעבעדיקע, קערט ער זיך אום צום טויער. די סאדיסטישע טייווע האָט זיך אין אים צעברענט, ער זוכט נייע קאָרבאָנעס.

ער באמערקט, אז בא איינעם אָן עלטערן ייִדן שטעקט עפּעס פון אונטערן רעקל. דאָס איז א קעסעלע סופּ. מורער הייסט אים טייקעף, דאָ אפן אָרט, אופעסן דעם גאנצן סופּ. אויב דיר איז ווייניק דאָס, וואָס מע גיט דיר, זאָגט מורער, איז פלאץ עסנדיק. דער מענטש הייבט אָן צו עסן. אָבער דאָס איז

אים ניט לײַכט: דער גוטער מענטש, וואָס האָט אים געגעבן דעם סוף, האָט אים פֿריִער אָנגעקאָרמעט ביז זאט, קעדיי דעם סוף זאָל עסן די מישפּאָכע. אָבער מורערן וועסטו דאָס ניט זאָגן. ער דראָעט, אז אויב דער ייִד וועט ניט אויסלעקן דאָס קעסעלע, וועט ער אים שיקן קיין פּאָנאר. דער מענטש וואָרגט זיך, נאָר ער שלינגט...

לעסאָף ווערט מורערן דאָס אַלץ נימעס. אויב ער געפֿינט עפּעס, זאָגט ער פּאָשעט: „אָף לינקס". זײַנע העלפֿער יאָגן אזא איינעם אוועק אין טפּיסע. מענטשן שטאַרבן דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט ברענגען די קינדער א פּיצל ברויט.

קיין צווייטער פּראָנט איז נאָך ניטאָ. די היטלעריסטן נוצן דאָס אויס און גרײַפֿן אָן. אין קרים גייען בלוטיקע שלאַכטן. העלדיש פּאַרטיידיקט זיך סעוואַסטאָפּאָל.

אין געטאָ איז ניט פֿריילעך. עס איז שרעקלעך הייס. ס'איז אומעגלעך צו אַרבעטן. אפֿילע עסן ווילט זיך שוין ניט אזוי שטאַרק. און קיין גיכע באַפֿרײַונג זעט זיך נאָך אַלץ ניט. עמעס, די ערד אונטער די אָקופּאַנטן ברענט. עס שאַפֿן זיך פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס. כ'האָב געהערט, אז אויך בא אונדז אין געטאָ באַוואָפֿנט מען זיך. מיט איין וואָרט, מענטשן זיצן ניט מיט פֿאַרלייגטע הענט. אָבער אַלץ ווערט געמאַכט בעסאָד סוידעס.

א נײַע פּאַניק. באַטאָג זײַנען צו דער געטאָ צוגעפֿאָרן עטלעכע וועגענער. אין יעדן פֿון זיי זײַנען געזעסן צו צוויי סאָלדאַטן. זייער עלטסטער איז אַרײַן אין געטאָ און באַפֿוילן, אז גענס זאָל אויסשטעלן עלטערע און אָפּגעשוואַכטע מענטשן, וועלכע מע וועט „אײַנאָרדענען אָף אָפּרו הינטער דער שטאָט".

זקיינים זײַנען אין געטאָ פֿאַרבליבן זייער ווייניק. זיי זײַנען קימאַט אַלע אומגעקומען ביים די אַקציעס. דערפֿאַר האָבן זיך אָבער באַוויזן נײַע זקיינים — מענטשן, וועלכע זײַנען זייער פֿרי אַלט און שוואַך געוואָרן. אייניקע פֿון זיי לעבן מיט די מישפּאָכעס, אַנדערע — אין מוישעוו־זקיינים. דער מוישעוו־זקיינים — דאָס זײַנען עטלעכע פֿינצטערע, איפּעשדיקע צימערלעך, געדיכט אָנגעשטעלט מיט אײַזערנע בעטלעך. די אײַנוווינער פֿון מוישעוו־

זקיינים זײַנען קימאַט צוגעשמידט צום בעט. די וואָס קריכן מיט מאַטערניש אַראָפּ פֿון די בעטן, זײַנען גיכער שאָטנס, איידער מענטשן.

לויט גענס באַפֿעל האָבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן זיך אַ לאָז געטאָן צו־נויפֿנעמען די זקיינים, דערבײַ, ווי די פּאַפּוגײַען, איבערגעכאַזערט די פּלאַ־פֿלערײַ פֿון די היטלעריסטן, אַז מע דאַרף ניט מוירע האָבן, אַז מע וועט זיי נאָר פֿירן קיין פּאָספּעשעק און דאָרט אײַנאָרדענען אויף דאַטשע. נאָר ווער גלייבט זיי?

אָנגעהויבן האָבן זיי, פֿאַרשטייט זיך, פֿון מוישעװ־זקיינים. אַזוי ווי אַ סאַך פֿון די זקיינים קאָנען ניט שטיין אויף די פֿיס, זײַנען די וועגענער אַרײַנ־געפֿאָרן אין געטאָ. די פּאָליציאַנטן האָבן געטראָגן די אומבאַהאָלפֿענע לע־בעדיקע סקעלעטן און געלייגט זיי אין די וועגענער.

אַנדערע זקיינים האָט מען געפֿירט פֿון די הײַזער, וווּ זיי וווינען. די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי אומגעריכט, אַז קיינער האָט ניט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן.

די היטלעריסטן האָבן זיך געהאַלטן העפֿלעך: ניט געשריִען, ניט גע־שלאָגן. אפֿילע געהייסן, אַז די זקיינים זאָלן באַגלייט ווערן דורך עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן און דורך אַ קראַנקן־שוועסטער. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז די וועגענער וועלן זיך באַלד צוריק אומקערן, קעדיי באַזאָרגן די זקיינים מיט אַ קעכער, מיט ברויט, טעפּ און געשיר.

וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?

די פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן באַגלייט די זקיינים, באַשטעטיקן, אַז מע האָט די אַלטע לײַט בעעמעס געבראַכט קיין פּאָספּעשעק, און דאָרט איז אַלץ גרייט צום אָפּרו. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ ליגן.

ניסים וועניפֿלאָעס! די זקיינים זײַנען בעעמעס אין פּאָספּעשעק! מע האָדעוועט זיי גראָד ניט שלעכט, מע שלאָגט ניט, מע פֿאָטאָגראַפֿירט זיי אפֿילע. נאָר די קרויווים פֿון די זקיינים בעטן זיך בא גענסן, מע זאָל די אַלטע לײַט צוריק ברענגען אין געטאָ. גענס וויל דערפֿון אפֿילע ניט הערן. ער פֿאַרזיכערט, אַז נאָך צוויי וואָכן רו וועט מען זיי אַלע, פֿרישע און גע־זונטע, ברענגען צוריק אין געטאָ.



הירש ראָלניקאס — מאשעס פאָטער, אדוואָקאט. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע

פאַרשטייט זיך, אַז מע האָט אָפּגעזאָגט.

היינט אינדערפרי האָבן די היטלעריסטן געפאָדערט פון געמיינדע, ער זאָל זיי צושיקן זיינע פּאָליציאַנטן, כּדי זיי זאָלן אָפּפירן די זקנים צוריק אין געטאָ. צוליב טעכנישע סיבות קאָן מען זיי ניט האַלטן אַזוי לאַנג, ווי עס איז גע־ווען פאַרויסגעזען.

די פּאָליציאַנטן זיינען געקומען קיין פּאָספּעשעק, אַריינגעזעצט די אַלטע לייט אין לאַסט־אויטאָס. די אויטאָס זיינען געקומען אין שטאָט, אָבער אין געטאָ זיינען זיי ניט פאַרפאָרן...

וואָס ווייטער איז געוואָרן קלאָרער, ווּהין מע פירט די אַלטע לייט.

דאָס מאָל האָבן געציטערט אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן — באַגלייטן ביזן קייווער האָבן זיי מוירע. מערדער האָבן, ווי באַוווּסט, פיינט צו לאָזן לע־בעדיקע איידעס.

נאָר די פּאָליציאַנטן האָבן זיך אומגעקערט אַליין. די העכער הונדערט זקנים זיינען פאַרשניטן געוואָרן...

צוליב וואָס איז נייטיק געווען אָט די טראַגיקאָמעדיע מיטן „אַפּרו־הויז“, האָבן מיר ניט געקאָנט פאַרשטיין. אַלנפאַלס, די פאַשיסטן האָבן געוואָלט עמעצן פאַרבלענדן די אויגן.

שוין באַלד האַרבסט. די אָקופּאַנטן האָבן באַשלאָסן צו באַזאָרגן זיך מיט הייצוואַרג. אויף האַקן וואַלד פאָדערן זיי, פאַרשטייט זיך, מע זאָל געבן מענטשן פון געטאָ. זיי זאָגן אַפילע צו, אַז אַ העלפט פונעם אָנגעהאַקטן האָלץ וועט באַקומען די געטאָ. וואָס פּלייסיקער די מענטשן וועלן אַרבעטן, אַלץ מער האָלץ וועט באַקומען די געטאָ.

געגנס האָט געמאָלדן, אַז אַרויסגיין האַקן וואַלד וועלן מוזן יענע אַלע מענער, וועלכע זיינען פאַרעגיסטרירט אין „אַרבייטס־אַמט“ און זיינען איצט פריי פון אַרבעט. דער אוילעם איז אָבער זייער אָנגעשראָקן און גלייבט ניט, אַז מע וועט פירן האַקן וואַלד, מע וויל זיך פון דעם אַרויסדרייען. נאָר עס העלפט גאָרנישט. מע זאָגט, אַז אַפילע די אָנגעשטעלטע פון יודענראַט וועלן מוזן אָפּאַרבעטן אין וואַלד אַ געוויסע צאָל טעג. דאָס וואָלט גראָד געווען גוט, זאָלן זיי אויך פאַרזוכן דעם טאַם פון שווערער פּראַצע.

אָבער די היטלעריסטן איילן זיך ניט צו שיקן אין וואַלד. מענטשן זאָגן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די וועלדער זיינען פול מיט פּאַרטיזאַנער, וועל־

כע רײַסן אויף בריקן, לאָזן אַראָפּ פֿון די רעלסן צוגן. די היטלעריסטן האָבן מוירע, אַז די מענטשן פֿון געטאָ וועלן זיך פֿאַרייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער.

די היטלעריסטן האָבן קיין ברירע ניט — זיי שיקן פֿאַרט מענטשן פֿון געטאָ. עמעס, געגנס האָט באַקומען אַ באַפֿעל, אַז מע זאָל שיקן מיט זיי געטאָ־פּאָליציאַנטן, וועלכע זאָלן אַכטונג געבן, אַז די האָלצהעקער זאָלן זיך ניט פֿאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער. באַ דער קלענסטער פֿאַרבינדונג, וועט די גאַנצע געטאָ גיין „קאַפּוט".

נעכטן אָוונט האָבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן ביז שפּעט אין דער נאַכט פֿאַנאַנדערגעטראָגן מוידאָעס צו אַלע יענע, וואָס דאַרפֿן פֿאָרן אין וואַלד.

עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. מענטשן לויפֿן זיך באַהאַלטן. די געטאָ־פּאָליציאַנטן כאַפּן זיי, און בייסמײַסע כאַזערן זיי איבער געגנס ווערטער, אַז די מוירע איז איבעריק, אַז מע פֿירט בלויז האַקן וואַלד. וואָרעם אויב ניט, צוליב וואָס זשע שיקט מען מיט די האָלצהעקער געטאָ־פּאָליציאַנטן און אַפֿילע אַ דינסטלייטער? פֿאַרשטייט זיך, אַז אָף אַזאַ אַרגומענט לייגט קיינער קיין אַכט ניט — קעדיי אָפּנאַרן דעם אוילעם, וועלן די היטלעריסטן דען זשאַלעווען עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן?

עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז מע פֿירט ניט האַקן וואַלד, נאָר אָפּרייניקן די פֿעלדער פֿון מינעס.

צו צאָרעס איז מען שוין געוווינט, גייט מען צום „אַרבײַטס־אַמט". די מענטשן זעען אויס ניט ווי האָלצהעקער, נאָר גיכער ווי שאָטנס אָפּן בעסוילעם. אייניקע טראָגן מיט זיך קליינע פּעקלעך, אָבער די מערהייט האָט מיט זיך גאָרנישט מיטגענומען. צוליב וואָס שלעפּן מיט זיך זאַכן, זאָלן זיי בעסער בלײַבן באַ דער מישפּאָכע, וועט מען די זאַכן אויסבײַטן אָף ברויט.

12 אַזייגער. אין געטאָ פֿאָרן אַרײַן די ערשטע צען וועגענער. אָף יעדערן — אַ סאָלדאַט. ווײַבער הייבן אָן צו וויינען און קלאָגן. די געטאָ־פּאָליציאַנטן יאָגן זיי אַוועק.

עס עפֿנט זיך דער טויער און אינגיכן פֿאַרמאַכט ער זיך ווידער...

די אוועקגעפֿירטע מענטשן אַרבעטן טאַקע בעעמעס אין וואַלד. עטלעכע פּרוּוון האָבן געקראָגן בריוועלעך פֿון זייערע מענער (אַ דאָרפֿישער פּויער האָט אַרײַנגערוקט עמעצן פֿון אַ פּאַרבײַגייענדיקער בריגאַדע).

אַלע לויפֿן צו די גליקלעכע לייענען די בריוועלעך.

גיטע (איך אַרבעט מיט איר צוזאַמען אױף די גערטנער) רעדט מיר שױן לאַנג אײַן, איך זאָל זיך פֿאַרשרײַבן אין כאָר. זי זאָגט, אַז דאָרטן איז זײער אינטערעסאַנט. דער איקער, אַז מע זינגט, פֿאַרגעסט מען כאָטש אױף אַ װײַלע װעגן אַלץ.

די טעג בין איך דאָרטן געװען. דער אָנפֿירער פֿון כאָר דורמאַשקין האָט פֿאַרהערט מײַן שטים, געפּרוּװט מײַן געהער, דעם זכּרון און געהײסן גלײַך בלײַבן אױף דער רעפּעטיציע. אָבער דער כאָר, װײַזט זיך אַרױס, זינגט אין העבֿרעיִש, און איך פֿאַרשטײ קײן װאָרט ניט.

די כאָריסטן דערצײלן, אַז פֿון אָנהײב איז זײער שװער געװען. נאָך יעדער אַקציע פֿלעגט פֿעלן אַ טײל מענטשן. און מע האָט געדאַרפֿט זוכן נײַע. דאָס איז ניט קײן לײַכטע זאַך: מענטשן גײען אין כאָר ניט גערן, מע טײַנעט, אַז מע איז מיד, אַז די הײמישע לאָזן ניט, און אַ סך זײַנען פֿאַרשעט אין טרױער. ניט זעלטן, איבערהױפּט נאָך אַן אַקציע, פֿלעגט מען װאַרפֿן אין די שױבן שטײנער און פֿאָדערן, מע זאָל ניט זינגען. דער כאָר האָט אַפֿילו ניט געהאַט װוּ צו רעפּעטירן — יעדעס מאָל פֿלעגט מען זיך אױפֿקלײַבן אין אַן אַנדער אָרט. און פֿאַרט פֿלעגן די רעפּעטיציעס פֿאָרקומען צװײ מאָל אין װאָך — דינסטיק און פֿרײַטיק. איצט האָט דער כאָר שױן צװײ צימערן (אױף סטראַשון־גאַס 12), אַ פּיאַנע און אַפֿילו אַן אוניפֿאָרם.

אַגעװ, דורמאַשקינס כאָר איז ניט דער אײנציקער. פֿאַראַן נאָך אַ כאָר, אַ ייִדישער. מיט אים פֿירט אָן סלעפּ. אין ייִדישן כאָר זינגט די װוּנדערבאַרע סאָליסטקע — ליובע לעװיצקאַיאַ, װאָס איז ביז דער מלחמה געװען אַ סאָליסטקע אין ראַדיאָ.

דורמאַשקין האָט געשאַפֿן אױך אַ סימפֿאָנישן אָרקעסטער. אָנגעקומען איז דאָס אים ניט לײַכט: ערשטנס, זײַנען אין געטאָ געבליבן זײער װײניק מוזיקאַנטן. דער, װאָס האָט ניט געהאַט קײן סײכל צו פֿאַרשרײַבן זיך פֿאַר אַ סטאָליער, גלעזער אָדער כאָטש שוסטער און האָט זיך שטאָלץ אָנגערופֿן מוזיקאַנט, — איז שױן לאַנג אין פּאָנאַר. און די, װעלכע האָבן איצט אַ נײַע מלאָכה, באַמיִען זיך צו װערן גוטע פֿאַכלײַט, מע זאָל זײ ניט אַרױסיאָגן פֿון דער אַרבעט. אין אַזאַ לאַגע זײַנען די פֿינגער פֿאַרגרעבט, ניט געהאָרכזאַם. און בײַכלאַל װי קאָן מען נאָך צװעלף שאָ שװערער אַרבעט האַלטן אַ פֿידל אין האַנט? און דער, װאָס קאָן יאָ, האָט קײן פֿידל ניט. אױב ער האָט יאָ געהאַט, האָט ער זי שױן לאַנג אױסגעביטן אױף ברױט.

גאָר עס איז א קלאַל: וואָס מער שווערקייטן, אַלץ מער ענטוזיאַזם. אַן אָרקעסטער האָט מען ווי־ניט־איז צונויפגעקליבן. נאָטן קריגט דורמאַש־קין דורך גוטע מענטשן אין דער פילהאַרמאָניע. איצט גרייט דער אָרקעס־טער צוזאַמען מיטן כאָר בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער טעקסט פון פערטן טייל פון דער סימפאָניע איז אַן אָדע פון שילערן אונטערן נאָמען „צו פרייד". מע האָט מיר איבערגעזעצט איר אינהאַלט. דאָרטן ווערט געזאָגט, אַז אַלע מענטשן זיינען ברידער. אוואַדע אַזוי... א שאָד נאָר, וואָס די היטלעריסטן ווילן פון דעם ניט וויסן.

היינטיקער טאָג האָט געקאָנט זיין דער לעצטער אין מיין לעבן. אינ־דערפרי בין איך, ווי געוויינלעך, אַרויס צו דער אַרבעט. באַטאָג האָב איך גאָרנישט ניט פאָרויסגעפילט. פאַרקערט, געהאַט אפילע, קאָן מען זאָגן, א גוטע שטימונג. מיר האָט זיך איינגעגעבן אויסבייטן דער מאַמעס בלוזקע אויף מעל.

אָנגעשאָטן די מעל אין געשטעפטע „קאָרסעטן", האָב איך געוואַרט אויפן אָוונט, ווען כ'וועל זיי אָנטאָן אונטערן קלייד, פאַרגאַרטלען זיך מיט א ריי־מענדל, כ'זאָל ניט אויסזען צו גראָב, און דורכשמוגלען דאָס דורכן געטאָ־טויער.

גייענדיק פון דער אַרבעט, האָט איינער א פאַרבייגייער שטיל א זאָג געטאָן צו אונדז, מיר זאָלן אין געטאָ ניט גיין — דאָרט איז אומרויִק.

מיר האָבן זיך פאַרלוירן. וואָס טוט מען? וווּהין גייט מען? און וואָס קומט פאָר אין געטאָ? אַן אַקציע? דער בריגאַדיר הייסט גיין, ווייל אונדזער שטיין צערודערטע קאָן אַרויסרופן א כשאַד.

מיר שלעפן זיך קוים פאָרויס. אייניקע ראָטן, מיר זאָלן זיך אומקערן צו דער אַרבעט, אַנדערע טייַנען, אַז דאָס איז א זיכערער זעלבסטמאָרד — עס איז שוין אָוונט, און מיר גייען ניט אין געטאָ, נאָר אין א פאַרקערטער ריכטונג.

נאָך א דורכגייער וואָרנט אונדז, אַז מיר זאָלן ניט גיין: באַם טויער אונטערזוכט מען זייער שטאַרק.

הייסט עס, מורער. די, וואָס האָבן זיך ניט געקליבן אַריינשמוגלען עפּעס אין געטאָ אומלעגאַל, האָבן זיך באַרויִקט. יענע, ווידער, וואָס טראָגן יאָ עפּעס פאַרבאָטנס, באַמיִען זיך אומבאַמערקטערהייט אויסליידיקן פון די קע־

שענעס באהאלטענע קארטאָפל, צי עטלעכע מערלעך. נאָר ווו זאָל איך אהינ־טאָן די מעל? איך קאָן דאָך ניט אויסטאָן זיך אינמיטן גאס.

די געטאָ איז שוין גאָר נאָענט... מע מוז טייקעף עפּעס צוטראַכטן, באלד וועט זײַן צו שפּעט... ווען מע וועט פירן קיין פּאָנאר, וועל איך בעשומו־פן ניט קאָנען זיך מוחל זײַן, לעמײַ איך האָב דורכגעלאָזט אזא מאָמענט.

גיטע בעט מיך, איך זאָל אראָפּרײַסן פון איר רוקן די געלע לאַטע, זי וועט אין געטאָ ניט גיין. וועל איך אויך ניט גיין... צוזאמען מיט איר בין איך דרייסט ארויף אפן טראָטואר. עס כאפּט ארום א פּאכעד... גיטע נעמט מיך אונטערן אָרעם און מיר שטעלן טריט. אָפּגעגאנגען א ביסל — אָט איז קאָוונער גאס. דאָרטן איז א סאקאָנע: א סאך פארבײַגייער. מיר קערן זיך אום צוריק, דורך עפּעס א דורכגאנג קומען מיר ארויס אף גרויס־סטעפּאנער גאס. אָבער זי איז זייער קורץ, באלד זײַנען מיר ווידער אף קאָוונער גאס. מיר גייען נאָכאמאָל צוריק. פונווײַטן זעט זיך די געטאָ. באם טויער איז נאָך אלץ א ריי...

געמאכט דעם זעלבן קרײַז. נאָר וויפל קאָן מען זיך אזוי ארומדרייען? אויב עמעצער וועט באמערקן, וועט ער גלײַך פארשטיין. מיר זיינען אריבער די קאָוונער גאס און אוועק דורך עפּעס אומבאקאנטע געסלעך.

ס'איז געוואָרן פינצטער. באלד וועט מען שוין, מיסטאמע, ניט ארײַנ־לאָזן אין געטאָ. עפשער האָבן זיך שוין אלע בריגאדעס אומגעקערט פון דער ארבעט, און מיר וועלן ביכלאל ניט האָבן מיט וועמען ארײַנצוגיין? מע מוז גיין...

מיר קוקן זיך אָנגעשטרענגט אײַן און, אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט, איז באם טויער נאָך אלץ פול מיט מענטשן, נאָר די לאגע איז שוין דאָרט, ווײַזט אויס, א ביסל רויִקער. מיר דערנעענטערן זיך. ווילן זיך ארײַנכאפּן אין א פארבײַגייענדיקער בריגאדע, נאָר מע לאָזט אונדז ניט, — ווער וועט דאָס ריזיקירן צוליב אונדז מיטן לעבן. גייענדיק אזוי פארבײַ די בריגאדעס, דערצו מיט איין פוס אפן טראָטואר, מיטן צווייטן אפן ברוק, — זײַנען מיר צוגעקומען קימאט צו דער געטאָ. גיטע גיט מיך א שלעפּ פאָרן ארבל, מיר שטעלן זיך מיט ביידע פיס אפן טראָטואר און שפּאנען אוועק פארבײַ דער געטאָ, אזוי ווי מיר האָבן צו איר קיין שײַכעס ניט.

מיר שלעפּן זיך ווידער דורך די פינצטערע געסלעך. די פענצטער זײַנען פארהאנגען. מיר גייען קימאט טאפּנדיק די ווענט. און ווידער קומען מיר ארויס אף זאוואלנע גאס. פונווײַטן מיטן ברוק דערנעענטערט זיך א

מענגע מענטשן. מיסטאמע, אונדזערע א בריגאדע. גיטע שעפּטשעט, אז מיט אָט דער בריגאַדע מוזן מיר שוין אומבאַדינגט אַרײַן אין געטאָ. אַניט ריזי־קירן מיר צו בלײַבן אין גאַס אַף א גאַנצער נאַכט און דאָס הייסט — אַרײַנ־פאַלן אין לוקישקער טפּיסע.

ווען די בריגאַדע האָט זיך דערנעענטערט, האָבן מיר זיך אַרײַנגעשטופּט צווישן די מענטשן. דער אוילעם איז דאָ געווען פיל פריינטלעכער. אנדערע האָבן געבורטשעט, אז מיר זײַנען „מעשוגענע קעפּ", אָבער דערוווּסט זיך די סיבע פון אונדזער „שפּאַציר", האָבן זיי אונדז אַרײַנגענומען אין סאַמע מיט און צוגעזאָגט פאַרשטעלן פון דער געטאָ־פּאָליציי. ווען מיר זײַנען געווען לעבן טויער, האָט איינער אַפילע געפּרוּווט אַרופלייגן מיר אַף דער פּלייצע א האַנט, עס זאָל זיך ניט זען, אַז איך בין אָן לאַטעס.

מורער איז באַם טויער שוין ניט געווען. דערפאַר אָבער האָבן זיך גע־סטאַרעט די פּאָליציאַנטן. זיי האָבן געפונען און צוגענומען מײַן מעל, וואָס איז מיט אזא דיזיקע אויסגעהיט געוואָרן...

די מאַמע מאַכט פון דעם ניט קיין שטאַרקן ווען; גוט, וואָס איך בין אליין געקומען גאַנץ... זי האָט שוין ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראַכטן וועגן מיר.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. פאַר־נאַכט, אין דער צײַט, ווען דער אוילעם האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, איז צום טויער האַסטיק צוגעפאָרן מורער. אַרײַנגעלאָפן אין שפּײַכ־לער, ווו מע לייגט צונויף די צוגענומענע באַם טויער פּראָדוקטן, און א קוק געגעבן, וויפל און וואָס עס איז קאָנפיסקירט, איז ער אַרויסגעלאָפן צוריק און אָנגעבראָכן די ביינער עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן, פאַרוואָס זיי קאָנטראָלירן שלעכט.

אין געטאָ האָט זיך אופגעהויבן א שרעקלעכע פּאַניק. מענטשן זײַנען דערשראָקן, פאַרלוירן. איינע נאָך דער אַנדערער פירט מען אָפּ אין געטאָ־טפּיסע גרופּעס „פאַרזינדיקטע". פרויען דערזעען צווישן די פאַרהאַלטענע זייערע מענער און ברידער. שרײַען זיי, קלאָגן, שילטן. אַלע זײַנען געווען אין טויט־שרעק פון מורערס דראָונג, אַז ער וועט ניט דערלאָזן, מע זאָל ניט אויספילן זײַנע באַפעלן. ער האָט דאָך פאַרבאָטן אַרײַנברענגען אין געטאָ פּראָדוקטן פון אויסן און אָט די "Verdamte Juden"[1] זײַנען אויווער

---

[2] פאַרפלוכטע יידן.

אף זייַן פאַרבאַט. קעדיי ווי געהעריק אָנצולערנען זיי, וועלן דערשאָסן ווערן הונדערט מענטשן!

א טייל פון די פאַרהאַלטענע האָט מען פונדעסטוועגן באַנאַכט אַרויסגע־לאָזט. דערשאָסן האָט מען צען פּרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין נייַווי־לייקע און זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין די הענט צו מורערן אַליין. זיי האָט מען אָוועקגעפירט. דער עלטערער פון דער וואַך האָט זיך אַפילע אונטערגע־שריבן, אַז ער האָט זיי איבערגענומען באַם לייטער פון געטאָ־טפּיסע און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צושטעלן זיי אין פאָנאַר...

עס איז שוין אָנגעקומען דער נאָיאַבער־כוידעש. עס איז קאַלט, קימאַט ווינטער. צי וועלן מיר אויסהאַלטן, אַפילע אָן אַקציעס?

איין טרייסט — דעם ווינטער וועט היטלער שוין געוויס אייַנעמען א מיסע־מעשונע. די היטלעריסטן כאַפּן שטאַרקע קלעפּ. ווי לאַנג דויערן עס די קאַמפן בא דער וואָלגע, און סטאַלינגראַד קאָנען זיי ניט אייַנעמען. ווי העלדיש די רויטאַרמייער באַשיצן יעדעס שטיקל גאַס, יעדע שטוב.

די פאַשיסטן האַלטן שמאָל ניט נאָר אַפן פראָנט. איינער א מענטש האָט מיר דערציילט בעסאָד, אַז די געטאָ־פּאַרטיזאַנער, די מיטגלידער פון פ.פּ.אָ., באַוואָפענען זיך. דאָס געווער טראָגט מען אַרייַן, פאַרשטייט זיך, ניט דורכן טויער, נאָר דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן, אונטערן האַלץ און אַפילע אין טרונעס.

דער זעלבער מענטש האָט מיר געזאָגט, אַז אַזעלכע געטאָ־פּאַרטיזאַנער זייַנען נאָך זייער ווייניק, אָבער אין דעם איז שולדיק געגנס. ער רעדט אייַן די מענטשן, אַז בלויז דורך געהאָרכזאַמקייַט און גוטער אַרבעט קאָן מען זיך ראַטעווען פון פאָנאַר. נאָר אויב די מאַכט וועט זיך דערוויסן, אַז אין געטאָ איז פאַראַן כאָטש איין פּאַרטיזאַנער, — וועט מען טייקעף אופּרייַסן די גאַנצע געטאָ.

אייערנעכטן האָט מען געבראַכט אין געטאָ א שווער פאַרוואונדעטן אין בויך, דעם דינסטלייטער פון דער געטאָ־פּאָליציי שליאָסבערגן, וואָס האָט

אַנגעפּירט מיטן האקן וואלד. גלייך איז אין שפּיטאָל געקומען געגס. בייס זייער שמועס איז אין פּאלאטע קיינער ניט געווען. נאָר מענטשן זאָגן, אז געשאָסן אין אים האָבן די ייִדן, איבער וועלכע ער איז געווען דינסטלייטער. שליאָסבערג האָט זיי געהאלטן אין איין דראָען, אז ער וועט דערציילן געגנטן וועגן זייער פאַרבינדונג מיט די פּארטיזאנער פון די ארומיקע וועלדער, אז זיי קלייבן זיך אליין אוועקגיין אין וואלד. האָט מען געפונען פאר נייטיק צו „באַרויִקן" אים.

געגס איז שוין אָפיציעל דער „פירער" פון געטאָ. ביז איצט האָט עס זיך פאַרמעל גערעכנט, אז עס זיינען דאָ פאראן צוויי מאכט־אָרגאנען: דער יודענראט מיט זיין פּאָרזיצער א. פריד און די פּאָליציי מיט איר שעף י. געגס (כאָטש פאקטיש האָט אויך פריִער געהערשט געגס אליין). איצט איז אָפיציעל געמאָלדן, אז געגס איז באשטימט אלס מושל פון געטאָ און מעג פירן די געטאָ, ווי ער פארשטייט. קורץ, ער איז דער „פירער" פון געטאָ.

אלס פּאָליציי־שעף איז באשטימט געוואָרן דעסלער (ביז איצט געווען קאָמענדאנט פון צווייטן פּאָליציי־צירקל). א. פריד וועט זיין געגס' שטעל־פארטרעטער פאר אדמיניסטראטיווע איניאָנים.

גיטע האָט מיר דערציילט א סאך אינטערעסאנטס וועגן איינער א קאָ־מיוניסטקע סאָניע מאדייסקער. מיט א פאלשן פּאס, אלס א פּוילישע מיידל, האָט זי געדארפט אריבערגיין די פראָנט־ליניע און קומען קיין וועליקיע לוקי. מע האָט זי געכאפּט. אפן פארהער האָט זי געשוויגן. מע האָט זי פארמישפּעט צום טויט. אין דעם לעצטן אָוונט איז איר געלונגען ארויסצו־רייסן זיך פון די פאשיסטישע נעגל.

סאָניע מאדייסקער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע און לעבט דאָ אומלעגאַל. זי האָט ניט מוירע פאר קיין שום געפאר, זי העלפט אייַנשאפן געווער, זי קומט אין געטאָ, האלט אונטער פארבינדונגען מיט די אומלע־גאלע שטאָטישע קאָמוניסטן.

ס'איז ווידער זייער, זייער שלעכט: מורער האָט גענומען קאָנטראָלירן די געטאָ־דירעס.

יענע וואָך איז ער פּלוצעם אַרײַן אין געטאָ און פֿאַרגאַנגען אין ערשטן הויף. מיטן פּוס געעפֿנט די נאָענטסטע טיר, האָט ער זיך אַרײַנגעריסן אין אַ דירע און איז צוגעפֿאַלן צו אַ פּראָדוקטן־פּאָליצע. געפֿונען אויף איר נאָר אַ ברעקל ברויט, האָט ער געהייסן ווײַזן, וואָס קאָכט זיך אין טעפּל. זיך איבערצײַגט, אַז דאָרטן איז נאָר וואַסער מיט געציילטע גרויפּן, איז ער צוגעלאָפֿן צו דער שאַפֿע, — צי זײַנען פֿאַראַן קליידער אָן געלע לאַטעס. אַ בייזער, וואָס ער האָט גאָרנישט ניט געפֿונען, איז ער אַרײַן אין אַ צווייטער דירע. נאָר אויך דאָרט האָט ער קיין פֿאַרבאָטענע שפּײַז ניט געטראָפֿן.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער זיך ווידער געלאָזט אויף אַן „אינספּעקציע”. אין איין דירע האָט ער צופֿעליק באַמערקט אויפֿן פֿענצטער אַ שטיקל פֿאַרטריקנטע ליפּן־פֿאַרב. האָט ער צעמיימעסט אַ פֿרוי, וואָס האָט זיך אים גראָד אונטערגערוקט אונטער דער האַנט.

גלײַך האָט מען אויף די גאַסן אויסגעהאַנגען געוועס באַפֿעל (דוכט זיך, שוין דער צווייטער אַזאַ), אַז פֿרויען איז פֿאַרבאָטן צו טראָגן צירונג (צי דען זײַנען אין געטאָ נאָך פֿאַראַן פֿרויען, וואָס פֿאַרמאָגן דאָס) און באַנוצן קאָסמעטיק.

איצט קאָנטראָלירן אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן אין אונדזערע דירעס די פּאָליצעס, טעפּלעך און שאַפֿעס.

אויב ביז איצט האָט מען געדאַרפֿט „מאַלינעס” נאָר פֿאַר מענטשן, דאַרף מען זיי איצט אויך פֿאַר שפּײַז.

מײַנע נאָטיצן און לידער האָב איך אויך באַהאַלטן. טאָמער געפֿינט מען זיי, איז אַן אומגליק — מע וועט אונדז אַלעמען צונעמען. די מאַמע זאָגט, אַז ניט אַלץ דאַרף מען פֿאַרשרײַבן. דאָס וויכטיקסטע אויסכאַזערן אויף אויסווייניק און פֿאַרגעדענקען, ווײַל עס קאָן זייער זײַן, אַז מע וועט דאָס פֿאַרשריבענע מוזן פֿאַרניכטן. אויב מורער וועט אויך ווײַטער זוכן אין די דירעס, קלײַבט זי זיך ניט ריזיקירן מיט אונדזערע קעפּ צוליב מײַנע נאָטיצן. כ׳קען שוין קימאַט אַלץ אויף אויסווייניק. ביז איך געפֿין אויף מײַן שיינער אַרבעט אַ שטיקל פּאַפּיר, קומט מיר אויס צו „פֿאַרשרײַבן” אין קאָפּ און אויסכאַזערן, קעדיי ניט צו פֿאַרגעסן.

מע האָט אַ ביסל פֿאַרגרעסערט דעם געטאָ־שעטעך. אָפּגעגעבן אונדז נאָך עטלעכע הײַזער אויף יאַטקעווער גאַס און פֿאַרײַניקט זי מיט סטראַשון־

גאס. עס איז אונדז צוגעקומען דאָס אשמענער געסל. מע האָט אונדז אויך „געשאָנקען" עטלעכע האלבע הײַזער, וועלכע גרענעצן פון הינטן מיטן געטאָ. זייערע פאסאדן גייען ארויס מיכוץ דער געטאָ. דעריבער האָט די געטאָ געקראָגן נאָר צו האלבע הויפן אף דער דײַטשישער גאס — פון נומער 21 ביזן נומער 31. אין אָט די הײַזער האָט מען אריבערגעפירט יענע אלע, וואָס זייערע דירעס האָבן געגרענעצט מיט די געטאָ־ווארשטאטן. ארײַנגיין אין אָט די הויפן קאָן מען נאָר דורך די לעכער אין די ווענט.

מיר וווינען איצט אף דײַטשישער גאס, נומ. 31. אונדזער האלבער הויף איז אָפּגעטיילט פון דער צווייטער העלפט, וואָס געפינט זיך מיכוץ דער געטאָ, מיט א געמויערטער וואנט. אין דער וואנט איז ניטאָ אפילע קיין שפעלטעלע, דורך וועלכן מיר זאָלן עפעס זען, וואָס עס טוט זיך אף דער פארבאָטענער העלפט הויף. אפילע דעם באלקאָן צעטיילט א דיקע וואנט. אין אונדזער רעשוס איז נאָר א קוואדראט פון ברוק און א שטיקל הימל צווישן די הויכע ווענט. מיר זײַנען ווי פארשפארט אין א גרויסן, טרוקענעם ברונעם. די אָקופאנטן האָבן זייער שטרענג קאָנטראָלירט, אז די קעלערס און בוידעמס זאָלן אויך ווערן פארמויערט.

אין הויף, ווו מיר האָבן פריער געוווינט, האָט מען אריבערגעפירט די שלאָסערײַ. אף רודניצקי־גאס 6 האָט מען פארברייטערט די סטאָליער־ווארשטאטן, געעפנט א שנײַדער־ווארשטאט און א שטריקער־ווארשטאט. לאסט־אווטאָס פירן ארײַן אין געטאָ בערג צעריסענע און פארבלוטיקטע שינעלן, הענטשקעס, שקארפעטן, וועש און פירן ארויס ריינע, פארלאטעטע.

עס זײַנען פארברייטערט אויך די שוסטער־ווארשטאטן, איבערהויפט די אָפּטיילונג פון „מאנילא"־טופליעס. דאָ מאכט מען פון מאניל־גראָז דאמען־שיכלעך. זיי זײַנען פילפארביקע און שיינע. ווען גענס פירט איבערן געטאָ פארשיידענע געסטאפּאָ־קאָמיסיעס, ווײַזט ער זיי שטענדיק די אָפּטיילונג פון „מאנילא"־טופליעס, ווו עס שטייען שטענדיק עטלעכע צענדליק פאָר שענסטע טופליעס פאר מאטאָנעס. ווען ער קומט מיט די דײַטשן אין ווארשטאט, פרעגט ער מיט א כניפעסדיקער שטים, וועלכע טופליעס געפעלן די הערן אמבעסטן און וווהין באפעלן זיי ברענגען די טופליעס אלס א סוווע־ניר פון געטאָ.

פאראן דאָ אויך כעמישע לאבאראטאָריעס, ווו מע ארבעט אויס שמירעכצן אף פוצן שיך, צײַנפּודער, אפילע זייף פון פערדישע ביינער .די פּראָדוקציע נעמט צו די שטאָט־פארוואלטונג.

מע האָט דאָ, אין געטאָ, געעפנט אויך א זייגערמאכעריי — ניט פאר אונדז, פארשטייט זיך, נאָר פאר די היטלעריסטן. מיר האָבן שוין קימאט פארגעסן, ווי א זייגער זעט אויס. אָבער רעמאָנטירן אלטע זייגערס איז ניט אינטערעסאנט. לויטן פּראָיעקט פון איינעם אן אינזשעניער האָט א גרופּע ספּעציאליסטן געמאכט אן עלעקטרישן זייגער פארן געטאָ — מע האָט אים אופגעהאנגען אין מיטן גאס.

איך ארבעט שוין מער ניט בא פּאָלעוויטשן אף די גערטנער. ער האָט אונדז אָפּגעזאָגט. אף ווינטער דארף ער אונדז ניט.

איך ארבעט אלס אופראמערן אין די קאזארמעס אף ברייטער גאס. כ׳מוז ראמען א גאנצן שטאָק — די סאָלדאטישע און די אָפיצערישע שלאָף־צימערן, די קאנצעליאריע, דאָס עסצימער, די קאָרידאָרן און טרעפּ. אן אנדערש מאָל שיקט מען מיך אין קיך שיילן קארטאָפל.

די ארבעט איז זייער א שווערע, אָבער זי „לוינט". אמאָל בלייבט פון די סאָלדאטן צו ביסלעך סופּ, גיס איך דאָס צונויף אין א קעסעלע, פאר־באנדאזשיר די האנט, בינד זי צו מיט א טיכעלע צום האלדז, און אונטערן אָרעם באהאלט איך דאָס קעסעלע סופּ. אויב באם געטאָ־טויער הייבט אָן א פּאָליציאנט זוכן, הייב איך זיך אָן קרימען, אז די האנט טוט זייער ווי. יעדן מאָל סטארע איך זיך ארייַנפאלן צו אן אנדער פּאָליציאנט, מע זאָל מיך ניט פארגעדענקען.

שוין דריי מאָל האָט מיר אָפּגעגליקט אף אזא אויפן דורכצוטראָגן א קעסעלע סופּ דורכן געטאָ־טויער.

הייַנט האָב איך זיך דערוווּסט זייער א טרויעריקע יעדיע. איך האָב נאָך וועגן דעם אפילע דער מאמען ניט דערציילט.

ווען מיר האָבן אין די קאזארמעס געשיילט קארטאָפל, האָט דעם קעכער זיך פארוואָלט א צאפּ טאָן אונדזער בלוט. דאָס איז א פארעטער, וועלכער האָט דעזערטירט פון דער רויטער ארמיי און דינט בא די דייַטשן. איינע פון אונדז האָט ער אכזאָריעסדיק געשלאָגן דערפאר, וואָס זי האָט זיך געווענ־דעט צו אים ניט אזוי, ווי ער האָט באפוילן, — „געערטער הער קאָך". א צווייטע האָט ער געצוווּנגען, זי זאָל ארופשטעלן אף דער פּליטע א גרויסן

קעסל קאַרטאָפֿל, וועלכן עס הייבן געוויינלעך אויף צוויי סאָלדאַטן. זי האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט אויפֿהייבן אַזאַ מאַסע, האָט ער זי געשלאָגן אָן ראַכמאָנעס. דערנאָך איז אים איינגעפֿאַלן צו נעמען אונדז אויפֿן „פֿאַרהער“: ווו ווער איז געבוירן, ווו ווער האָט געלעבט, וואָס געטאָן ביז דער מילכאָמע. דערהערט, אַז ביז 1940 האָבן מיר געוווינט אין פּלונגע, איז ער פֿריילעך געוואָרן. וויַיזט זיך אַרויס, ער האָט פֿאַר דער מילכאָמע געדינט אין דער אַרמיי צוזאַמען מיט איינעם פֿון פּלונגע — ביניאָמין שער. איצט איז ער שוין אויף יענער־וועלט. אין דעם שאַבעס, וואָס ערעוו דער מילכאָמע, האָט מען ביניאָמינען געשיקט פֿון פּאַליגאָן קיין ווילנע, ער זאָל ברענגען עלעקטרישן דראָט (ער איז געווען אַן עלעקטראָמאָנטיאָר). מע האָט אים פֿאַרהאַלטן אין שטאָט, און דינסטיק האָבן פֿאַרעטער אים דערהאַרגעט אַלס קאָמוניסט און באַגראָבן אין קאַזאַרמע אויפֿן הויף.

ביניאָמין איז געווען דעם פּאַפּאַס אַ שוועסטערקינד...

אין אָוונט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ גרויסע שרעק: די מאַמע האָט זיך לאַנג ניט צוריקגעקערט פֿון דער אַרבעט. מיר האָבן שוין געקליבן זיך לויפֿן צו עמעצן פֿון איר בריגאַדע דערוויסן זיך, וואָס האָט פּאַסירט, נאָר זי איז אַליין געקומען. נאָך דער אַרבעט איז זי אָן די לאַטעס אַוועק אויף דער אַלטער דירע, עפּשער וועט זי קאָנען פֿון דאָרטן עפּעס ברענגען. זי האָט אונדז ניט געזאָגט, קעדיי מיר זאָלן זיך ניט באַאומרויִקן. נאָר די ריזיקע איז געווען אומזיסט — זי האָט אויף דער אַלטער דירע שוין קיין זאַך ניט געפֿונען.

כ׳האָב געמיינט, אַז קיין צווייטן ווינטער וועלן מיר ניט אויסהאַלטן, נאָר פֿונדעסטוועגן לעבן מיר. מיר זיַינען נאָך מער אויסגעשעפּט, הונגעריק, אָפּגעריסן, דערפֿאַר אָבער שוין ניט אַזעלכע צעשראָקענע און נידערשלאָגענע. דאָס הייסט ניט, אַז מיר האָבן שוין קיין מוירע ניט פֿאַר נייַע אַקציעס. ניין, די געפֿאַר איז נאָך גרויס, נאָר מיר ריידן שוין איצט ניט נאָר וועגן דעם. די הויפּט־טעמע פֿון אונדזערע רייד איז די דורכפֿאַלן פֿון די היטלעריסטן אויפֿן פֿראָנט, וועגן די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און וועגן פּ.פּ.אָ. אין געטאָ גופֿע.

ווען איך הער אזעלכע רייד, דוכט מיר, אז די פרייהייט איז שוין געווע־טער, רעאַלער. כ׳הייב אָן צו פאַנטאַזירן, ווי וועט אַלץ פאַרקומען אויף דער וואָר, וויאַזוי מיר וועלן ווערן באַפרייט, אומקערן זיך אַהיים, טרעפן זיך מיטן פאָפאַ.

ווי דערלעבט מען דאָס שוין!..

מע האָט דערשאָסן די זינגערן ליובע לעוויצקאַיאַ. אַזוי האָט באַפוילן מורער. זי איז אומגעקומען צוליב אַנדערהאַלבן קילאָ אַרבעס, וועלכע זי האָט געוואָלט אַריינטראָגן אין געטאָ.

פאַרבייפאָרנדיק, האָט מורער דערזען, ווי ליובע לעוויצקאַיאַ און סטר־פעל גייען אין געטאָ. ער האָט זיי אָפּגעשטעלט און געהייסן באַווייזן, וואָס זיי טראָגן. בא לעוויצקען האָט ער געפונען אַרבעס, בא סטופּעלן — קאַר־טאָפל. ער האָט באַפוילן, מע זאָל זיי אָפּפירן אין לוקישקער טפיסע.

דעם אַרעסט האָבן איבערגעלעבט אַלע.

מע דערציילט, אַז זי האָט אין טפיסע געזונגען. אַפילע די בייזע און פאַרכמורעטע אופזעער האָבן איר דאָס ניט פאַרבאָטן. זי האָט אַלץ געהאָפט, אַז מע וועט זי ראַטעווען. אָבער די טעג זיינען געגאַנגען, די קויכעס זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן און ס׳האָט זיך אויך געענדיקט די האָפענונג.

אין טפיסע האָט זי זיך געמאַטערט ניט לאַנג — אַפילע קיין צוויי וואָכן ניט. ווי נאָר עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ קליינע גרופּע אַזעלכע „פאַר־ברעכער", האָבן די פאַשיסטן זיי אַוועקגעפירט קיין פאָנאַר.

געפירט האָט מען זיי אויף אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָ. ליובע האָט דעם גאַנצן וועג געזונגען. פאָרנדיק דורך די גאַסן, האָט די וואַך זי געשלאָגן, זי זאָל אופהערן זינגען. אָבער ס׳איז ניט געווען אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל קאָ־נען איינשטילן איר פלוצעם קרעפטיק געוואָרענע שטים. זי האָט געזונגען! איין ליד געענדיקט, האָט זי אָנגעהויבן אַ צווייטע — און אַזוי דעם גאַנצן וועג. אַפילע בא דער אָפענער גרוב האָט זי געזונגען איר באַליבטע ליד „צוויי טייבעלעך ווייסע", נאָר ענדיקן די ליד האָט זי ניט באַוויזן...

די היטלעריסטן האָבן דערקלערט טרויער! דריי טעג מוזן זיין פאַרמאַכט אַלע טעאַטערס, קינאָ, און רעסטאָראַנען.

הוראַ!!! זיי טרויערן נאָך זייערע דיוויזיעס, וועלכע מע האָט צעקלאַפּט בײַ דער וואָלגע. אוי, ווי עס ווילט זיך גיין טאַנצן! דאָס האַרץ פֿרייט זיך — דערלעבט דעם טרויער פֿון די אָקופּאַנטן!

און די לעני̆נגראַדער בלאָקאַדע האָט מען שוין, ווײַזט זיך אַרויס, אויך דורכגעריסן! איצט וועט מען אָנהייבן זיי יאָגן, געבן קלעפּ. דערצו איז ערשט אָנהייב פֿעוורואַל. זיי וועלן זיך נאָך אָנפֿרירן!

פֿון די קאַזאַרמעס האָט מען מיר אָפּגעזאָגט. איצט אַרבעט איך אויף דער מעבל־פֿאַבריק „ווילניוס" אַלס אַ פּאָלירער. פֿון באַגינען ביז בײַנאַכט פּאָליר איך נאַרטעס. פּאָליטור גיט מען ווייניק, אָבער די נאַרטעס מוזן גלאַנצן. „רײַב" איך זיי אַ גאַנצן טאָג.

יענע וואָך האָט מען אויף אַלע פֿענצטער, טישן און וואַרשטאַטן פֿאַנאַנדערגעלייגט אויפֿרופֿן. די אָקופּאַנטן אַגיטירן די יוגנט, זי זאָל פֿאָרן קיין דײַטשלאַנד אויף אַרבעט. אין די אויפֿרופֿן זײַנען אָפּגעדרוקט פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון שיינע צימערן מיט ווײַס־געדעקטע בעטן און זײַדענע גאַרדינען אויף די פֿענצטער. אונטער די פֿאָטאָגראַפֿיעס שטייט געשריבן, אַז אַזוי לעבן אַלע, וואָס קומען פֿונדאַנען קיין דײַטשלאַנד. אָבער קיינער פֿון די אַרבעטער אײַלט זיך ניט צו רעגיסטרירן. דער מײַסטער דערציילט, אַז אויף מאָרגן נאָך די אויפֿרופֿן האָבן זיך באַוויזן אַנדערע, אומלעגאַלע. אין זיי איז געשריבן, אַז אַלע צוזאָגענישן פֿון די פֿאַשיסטן איז אַ ליגן. די יוגנט פֿון ליטע זאָל ניט גלייבן און ניט פֿאָרן קיין דײַטשלאַנד, נאָר בלײַבן אין ליטע און קעמפֿן פֿאַר פֿרײַהײַט.

די היטלעריסטן יאָגט מען! שוין באַפֿרײַט וואָראָניעזש, כאַרקאָוו, ראָסטאָוו און אַ סך אַנדערע שטעט.

מאַרט. דער ערשטער פֿרילינג־כוידעש. נאָר דאָ איז נאָך קאַלט און שמוציק. אויפֿן האַרצן איז שווער, כאָטש עס פֿרייען די פֿאַרלוסטן פֿון די פֿאַשיסטן. אָבער אַז איך גיב אַ טראַכט, אַז מיר זײַנען נאָך אַזוי ווײַט פֿון פֿראָנט, און יעדער טאָג קאָן ברענגען אַן אומגליק, — ווערן אויסגעלאָשן

די האָפּענונגען. אפּאַנעם, אז מע דאַרף זײַן זייער א שטאַרקער מענטש, מע זאָל שטענדיק גלייבן. ניט בלויז דאָן, ווען עס גייען גוטע נײַעס פון פראָנט, נאָר שטענדיק, אַפילו איצט, ווען מע האָט אונדז ווידער דערנידעריקט, צוגעגליכן צו הינט, אופגעהאַנגען אפן האַלדז א נומערל.

אין געסטאַפּאָ האָט מען, אפּאַנעם, באַשלאָסן, אז מיר זײַנען צו ווייניק געצייכנט, אז לאַטעס און שײַנען זײַנען פאַר אזעלכע „געפערלעכע עלע־מענטן" נאָך ניט גענוג. האָט מען געהייסן דורכפירן א קאָנטראָל־רעגיס־טראַציע (לויט די פריערדיקע יעדיעס) און אַרויסגעבן „פּעסער" מיט בלע־כענע נומערן.

דער „פּאַס" איז א שטיקל געל, האַרט פּאַפּיר, צונויפגעלייגט אינצווייען. דאָרטן איז פאַרשריבן די פאַמיליע, נאָמען, פאָטערס נאָמען, יאָר און אָרט פון געבוירן, פאַמיליען־לאַגע, די פאַרב פון די אויגן און האָר, דער אָוואַל פון פּנים, דער וווּקס. דאָ גופא אן אָפּדרוק פון די פינגער, ווי בא פאַר־ברעכער.

דאָס נומערל איז קײַלעכדיק, אויסגעשניטן פון בלעך. די ברעגעס זײַנען שלעכט אַרומגעשניטן. אינמיטן א מאָגנדאָוויד, אין די דרײַ ווינקלען זײַנע שטייען דרײַ אויסיעס — „וו", „ג" (ווילנער געטאָ) און „וו" אָדער „מ" (ווײַב אָדער מאַן). אויבן — צוויי לעכעלעך אף דורכציִען א שטריקל.

מענער און פרויען האָט מען רעגיסטרירט באַזונדער. די נומערן פון די „פּעסער" הייבן זיך אָן סײַ בא די מענער, סײַ בא די פרויען פון דער ציפער 1. פרויען איז אין געטאָ מיט א פּאָר טויזנט מער איידער מענער.

דעם אזויגערופענעם פּאַס מוז מען שטענדיק האַלטן בא זיך. און דאָס נומערל טאָר מען ביכלאַל ניט אַראָפּנעמען פון האַלדז — ניט באַטאָג און ניט באַנאַכט. די פּאָליציאַנטן פון דער טויער־וואַך מוזן שטרענג קאָנטראָלירן, צי האָבן אלע די בלעכעלעך באַם אַרויסגיין צו דער אַרבעט און קומען אין געטאָ.

מיר האָט דאָס פאַרשאָלטענע בלעכל גלײַך דעם ערשטן טאָג צעדראַפּעט די הויט. אויסער דעם האָט דאָס בלעכל געגומען שוואַרץ ווערן. די מאַמע האָט מיר אויסגעלערנט מאַכן פון א שטיקל שטאָף א קליינעם פוטליאַר. ווײַזט זיך אַרויס, אז מיר זײַנען ניט די איינציקע כאַכאָמעס. איינער אן אַפּי־צער האָט דאָס באַמערקט, האָט ער זיך צעשריִען: „פערפלוכטע יודען", די גאַנצע פּעל איז שוין באַלד ניט זייערע, היטן זיי נאָך די הויט!

נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אויב דאָס בלעכל. דראַפּעט די הויט און עס טוט ווײ? האָט מען זיך אָן אַנדער אײַצע געגעבן — געמאַכט אַ נײַעם פּאַסאָן פּוטליאַר, וואָס איז פֿון אויבן ניט פֿאַרנײַט. אויב עמעצער פֿאָדערט באַווײַזן דאָס נומערל, דאַרף מען אַ צי טאָן פֿאַרן שטריקל, נעמט עס זיך אַרויס, און דער פּוטליאַר בלײַבט אין בוזעם.

איך בין געווען אויף אַן אינטערעסאַנטן אָוונט פֿון ריטמישער פּלאַסטיק. קלײנע מיידעלעך האָבן אויסגעפֿילט איבונגען פֿון ריטמישער פּלאַסטיק, עלטערע מיידעלעך האָבן געטאַנצט. מיר איז זייער געפֿעלן געוואָרן זייער טאַנץ „די ברויגעזע קאַלע". אָבער דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער טאַנץ „די געלע לאַטע", געשאַפֿן און געשטעלט דורך דער באַלעטמייסטערין נינאַ גערשטיין. איך קאָן אים ניט פֿאַרגעסן — ער שטייט מיר פֿאַר די אויגן.

...אויף דער סצענע לויפֿט אַרויס אַ קלײן מיידעלע. זי טאַנצט פֿרײלעך, זאָרגלאָז, שוועבט, ווי אַ שײנער שמעטערלינג. מיטאַמאָל ווערט פֿינצטער. פֿון אויבן קריכט אַראָפּ אַ ריזיקע געלע לאַטע. די מוזיק איז אַ טרויעריקע. דאָס מיידעלע דערשרעקט זיך. אַפֿן פֿאָן פֿון שוואַרצן פֿאָרהאַנג זעט די לאַטע אויס ווי אַ גרויסע לויערנדיקע שפּין. דאָס מיידעלע וויל אַנטלויפֿן, זיך אַרויסרײַסן. עס וואַרפֿט זיך, בעט, סטראַשעט, אָבער אַלץ אומזיסט — דאָס מיידעלע פֿאַלט, ווי אַן אונטערגעשאָסענע... פֿינקטלעכער וואָלט געווען: ווען מע זאָל ווײַזן דעם האַקנקרײַץ, אָבער אַלע פֿאַרשטייען דעם סימבול: גראָד דער האַקנקרײַץ האָט אונדז געצוווּנגען צו טראָגן די געלע לאַטע.

אין די אַרומיקע שטעטלעך (אַשמיאַן, מיכאַלישקי און אַנד.) זײַנען געווען אַקציעס. מע האָט דערשאָסן אַרום דרײַ טויזנט מענטשן.
נאָך דרײַ טויזנט... שוין הונדערטער טויזנטער דערמאָרדעטע.

אין אָט די שטעטלעך ליקווידירט מען אינגאַנצן די געטאָס. די היטלעריסטן האַלטן, אַז איצט, ווען אין די אַרומיקע וועלדער איז פֿול מיט פּאַרטיזאַנער, וועלן די ייִדן, וואָס וווינען ניט ווײַט פֿון די וועלדער, אין די

קליינע שטעטלעך, געוויס זוכן א פארבינדונג מיט די פארטיזאנער. דעריבער האָבן זיי באשלאָסן צונויפנעמען די ייִדן אין ווילנער און קאָוונער געטאָס.

ווײַזט אויס, אז דאָס מאָל זאָגן זיי אן עמעס — מע האָט שוין אפילע געשיקט געטאָ־פּאָליציאנטן, וועלכע וועלן דארפן דורכפירן די רעגיסטראציע.

נעכטן האָט גענס אוועקגעשיקט אין פיל שטעטלעך פּאָליציאנטן, קעדיי פון דאָרטן אריבערפירן די ייִדן אין ווילנער און קאָוונער געטאָס.

הײַנט האָט זיך באוויזן די ערשטע פארטיע. מע האָט זיי געבראכט אף וועגענער, וועלכע זײַנען געפאָרן אין א לאנגער ריי. אף יעדן צווייטן וואָגן — א באוואָפנטער היטלעריסט.

באם ארײַנפאָרן אין געטאָ ציילט מען. אויסער דעם, לאָזט מען ניט ארײַן אלע אָנגעקומענע מיטאמאָל, נאָר גרופּעסווײַז. די איבעריקע האלט מען ניט ווײַט פון געטאָ, אפן קארמעליטער פּלאץ.

מע האָט אָפּגענארט!..

פון אלע ייִדן, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט קיין קאָוונע, האָבן זיך געראטעוועט בלויז עטלעכע. זיי האָבן זיך אומלעגאל ארײַנגעכאפּט אין געטאָ און דערציילט דעם גרויליקן עמעס. געפירט האָט מען זיי מיט דער באן. אין די וואגאָנען זײַנען די מענטשן געזעסן רויק. מע האָט נאָר גערעדט וועגן דעם, ווי וועט זיך לעבן אין קאָוונע? ווען די צוקונפט איז אומבא־וווּסט, זעט זי אויס ענלעך אף דער פארגאנגענהײַט, און די פארגאנגענהײַט אין די זיכרוינעס זעט אלעמאָל אויס בעסער, ווי עס איז געווען אינדער־עמעסן.

פּלוצעם האָט דער צוג פארלאנגזאמט זײַן גאנג. א וואלד! היטלעריסטן בא אָפענע גריבער!

אייניקע וואַרפן זיך ברעכן די גראטן פון די פענצטערלעך, אנדערע שרײַען, פּויקן מיט די פויסטן אין די ווענט. אין עטלעכע וואגאָנען, ווו בא די טירן איז געזעסן א וואך פון סאָלדאטן, האָבן די מענער זיי אראָפּגע־שטופּט און גענומען שפּרינגען פון וואגאָן, לויפן: ווער צום וואלד, ווער פאָרויס מיט דער באן־ליניע, ווער איבערן פעלד. די וואך עפנט א שיסערײַ. ס׳קומען צו לויפן אויך די טאליאָנים, וואָס האָבן געוואַרט בא די שוין גרייטע גריבער. אָבער די מענטשן שפּרינגען דרייסט פון די וואגאָנען און

לויפן. יונגע, אלטע, פרויען, קינדער — קיינער בלייבט ניט אין די וואגאָנען. פארוואונדעטע פאלן, געזונטע ווארפן זיך אַף די סאָלדאטן און רייסן פון זייערע הענט די ביקסן, ווארגן זיי, אָבער זיי פאלן אונטערגעשאָסענע. די פארוואונדעטע קאָרטשען זיך פון ווייטיק, שרייען און רופן הילף. די סאָלדאטן שילטן, בינדן איבער אייגער דעם צווייטן די צעביסענע הענט, יאָגן זיך נאָך די אומגליקלעכע, פארטשעפען זיך אין פארוואונדעטע און טויטע, שטעכן מיט די פיקעס אין וועמען זיי טרעפן. און פון די וואגאָנען הערן ניט אוף צו שפרינגען אלץ נייע און נייע מענטשן. א סאָלדאט הייסט דעם מאשיניסט, ער זאָל טייקעף רירן פונעם אָרט דעם צוג, נאָר די מענטשן שפרינגען פון די זיך באוועגנדיקע וואגאָנען, א סאך פון זיי פאלן אונטער די רעדער, צעברעכן זיך די פיס, נאָר פון די וואגאָנען שפרינגט מען אלץ...

געענדיקט מיט אלע אנטלאָפענע, שלעפן די סאָלדאטן ארויס פון די וואגאָנען א הייפעלע זקיינים און פרויען, וועלכע האָבן זיך פארוקט אין די ווינקלען, און יאָגן צו די גריבער. אין וואלד הילכן ווידער שאָסן.

די רעלסן זיינען פארוואלגערט מיט הארוגים. די גראָבנס זיינען פול. אפילע ווייט־ווייט אפן פעלד, וווּהין נאָר דאָס אויג דערלאנגט, ליגן הארוגים. אָקאָרשט זיינען דאָס געווען לעבנסלוסטיקע יונגע מענער, שיינע פרויען, קינדערלעך... די מערדער גייען ארום צווישן די הארוגים, באטראכטן זיי, גיבן וועמען א בריק מיטן פוס, וועמען א זעץ מיט דער ביקס־קאָלבע, וועמען א האסטיקן דריי־איבער, קעדיי זיך איבערצייגן, אז דער קאָרבן איז שוין טויט. אַף וועמען עס פאלט א כשאד, אז ער לעבט נאָך, שטעכט מען אים אריין אין בויך א פיקע. זיי נישטערן אין די קעשענעס, אין די אוועקגעוואָרפענע פעקלעך. ווי נאָר זיי דערזעען עפעס ווערטפולס, רוקן זיי עס גלייך צו זיך אין בוזעם.

די סאָלדאטן זיינען אוועקגעפאָרן. ס'איז געבליבן נאָר א וואך, וואָס דארף היטן די מייסים...

נאכט... די ערד אָטעמט שווער: עס דריקן זי די קערפערס פון אומשולדיקע מענטשן.

אינדערפרי האָט געגס באקומען א באפעל, ער זאָל ארויסשיקן קיין פאָנאר 25 געטאָ־פאָליציאנטן, וועלכע דארפן צונויפקלייבן די הארוגים און ארייננווארפן זיי אין די גריבער.

די אופגאבע האָט מען דער געטאָ־פּאָליציי איבערגעגעבן גאַנץ אָפן, קעדיי דער אוילעם זאָל וויסן: שטעלן א ווידערשטאנד אָדער אנטלויפן איז אומעגלעך...

די געטאָ־פּאָליציאנטן האָט מען אוועקגעפירט אונטער א פארשטארקטער וואך. זיי זײַנען שטארק דערשראָקן און דערשלאָגן: טראָגן מייסים איז ניט בלויז א ניט אָנגענעמע מעלאָכע, נאָר זייער א געפערלעכע — ווער ווייסט, צי מע וועט זיך אומקערן לעבעדיקע — די פאשיסטן האָבן ניט ליב, ווען עס בלײַבן איבער איידעס פון זייערע פארברעכנס...

פארנאכט זײַנען אין געטאָ ארײַנגעפאָרן עטלעכע פורן מיט די זאכן פון די דערשאָסענע.

אַלע ווייסן מיר, אז פארן דערשיסן צווינגט מען די מענטשן אויסטאָן זיך נאקעט, אז די זאכן פירט מען אוועק פון פאָנאר. אָבער מע פלעגט זיי קיינמאָל ניט ברענגען אין געטאָ, מיר פלעגן זיי ניט זען און אז מע זעט ניט מיט די אייגענע אויגן, לעבט מען אזוי ניט איבער.

דער וואָגן מיט די זאכן פאָרט איבערן שמאָלן ברוק. די בגאָדים שאָקלען זיך, ווי לעבעדיקע... אָט הענגט אראָפּ אַן ארבל. נעכטן אינדערפרי האָט א מענטש באם אָנטאָן זיך ארײַנגעשטעקט אין דעם ארבל זײַן האנט, און איצט איז די האנט א פארגליווערטע, א טויטע... אָט ליגט א קינדעריש מאנטעלע... וויפל יאָר איז געווען דעם קינד, וואָס האָט עס געטראָגן? א היטל. עס דוכט זיך, אז עס פארדעקט אַן אראָפּגעהאקטע קאָפּ. דאָס היטל גליטשט זיך... אונטער דעם שטעקט א שוך...

עס ווילט זיך וויינען, וואָיען, בײַסן, שרײַען. נאָך נעכטן, ערשט נעכטן האָבן אונטער די בגאָדים געקלאפּט לעבעדיקע הערצער! ערשט נעכטן זײַנען דאָס געווען לעבעדיקע מענטשן! און הײַנט? זיי זײַנען שוין ניטאָ. מע האָט זיי דערהארגעט! איר הערט — דערהארגעט!

די געטאָ־פּאָליציאנטן האָבן זיך אומגעקערט שפּעט אין אָוונט. זיי זעען אויס פינצטער. איינעם האָט מען געבראכט אָן באוווסטזײַן: אין א צעקאָליעטשעטן מעס מיט א צעשמעטערטן קאָפּ האָט ער דערקענט זײַן מאמען...

זיי דערציילן קימאט גאָרנישט, די פּאָליציאנטן. זיי זאָגן נאָר, אז הארוגים זײַנען דאָרט זייער א סאך, ניט אַלע האָט מען באוויזן צונויפקלײַבן. מאָרגן וועט מען דארפן ווידער פאָרן...

אויף צונויפקלייבן די איבעריקע הארוגים האָט מען געשיקט 25 געטאָ־פּאָליציאַנטן.

די געטאָ איז אין טרויער...

מורערן רופט מען אָפּ פון ווילנע. מע ווינטשט אים, אַז אויפן וועג צום נייעם אָרט זאָל ער איינעמען אַ מיסע־משונה.

ווען מען וועט מען באַשטימען אויף זיין אָרט — דאָס ווייסט דערווייל קיינער ניט.

אויף מורערס אָרט וועט זיין קיטעל, וואָס איז שוין באַוווּסט מיט זיין ביישער אַכזאָריעס, מיטן ליקווידירן עטלעכע געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן. אַזוי־אַרום קאָן מען זיך ריכטן אויף נאָך ערגערע אַקציעס און גזירעס, איידער מורערס...

אין געטאָ האָט זיך גענומען רודערן: אייניקע טראַכטן, וויאַזוי אַרויס־גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, אַנדערע זוכן פריינט אין שטאָט, בא וועמען זיי וועלן עפּשער קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן, די דריטע גרייטן מאַלי־נעס אין געטאָ גופא.

פאַר זיין אָפּפאָרן פון ווילנע איז מורער געקומען אין געטאָ. מיר האָבן זיך גערעכט, אַז זיין געזעגענען וועט „באַקרוינט" ווערן מיט קאָרבאָנעס. צום גליק, איז דאָס ניט געשען. מע ווייסט אפילו ניט, נאָך וואָס איז ער געקומען, צי ניט אַמאָל נאָך דער לעצטער מאַטאָנע?

די שטימונג איז אַ שרעקלעכע: קיטעל קלייבט זיך אָנהייבן זיין הער־שאַפט מיט דער קאַסטראַציע פון די מענער.

אָפּטימיסטן פרווון איינשמועסן, אַז אויף דער אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט וועט קיטעל דאָס ניט טאָן, ער וועט אָנפרעגן בערלין, און ביז ער וועט קריגן דעם ענטפער, קאָן זיך נאָך אַלץ ענדערן.

קיינער גלייבט ניט די טרייסטער און אַלע זיינען אין זייער אַ געדריקטן צושטאַנד.

כ'האָב שוין לאַנג גאָרנישט פאַרשריבן. צי די היצן זײַנען שולדיק, צי די שטימונג. עמעס, עס איז אויך קיין באַזונדערע נײַס ניט געווען. איצט שרײַב איך באַגינען נאָך זייער אַן אומרויִקער און שלאָפלאָזער נאַכט. מיר ווייסן ניט, וואָס וועט אונדז ברענגען דער קומענדיקער טאָג. עפשער שרײַב איך דאָס לעצטע מאָל. קיטעל וואָרנט, אַז ער וועט ליקווידירן די געטאָ. כ'וועל פּרוּוון באַשרײַבן אַלץ לויטן סיידער, ווי עס איז פאָרגעקומען.

די נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן זייער ניט רויִק. קיינער האָט גאָרנישט ניט געוווּסט, אָבער שוין דער פאַקט, אַז גענס האָט אָנולירט אַלע דערלויבענישן צו גיין באַנאַכט און האָט באַפוילן, אַז קיינער, אויסער די געטאָ־פּאָליציאַנטן, טאָר זיך הײַנטיקע נאַכט ניט באַווײַזן אין גאַס, האָט קיין גוטס ניט פאָרויסגעזאָגט.

אונדזער שאָכן האָט פאָרט געוואַגט אַרויסגיין אין גאַס — מע דאַרף דאָך וויסן, וואָס עס טוט זיך.

מיר זײַנען געשטאַנען בײַ די פענצטער און געוואָלט עפּעס אויפכאַפּן, זיך דערוויסן, דערהערן, פאַרשטיין. ס'האָבן זיך נאָר געהערט פײַפערײַען פון פּאָליציאַנטן, אַמאָל ווײַטע, אַמאָל נאָענטע, אַ לויפערײַ, געשרייען. ס'האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע שאָסן. עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן און איז אַוועקגעלאָפן.

דער שאָכן האָט זיך אומגעקערט און געבראַכט זייער אַ טרויעריקע ידיעה. מע האָט אויסגעשפּירט דעם אומלעגאַלן שטאָטישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די שפּורן פירן אויך אין געטאָ. די געסטאַפּאָ פאָדערט בײַ גענסן, ער זאָל צושטעלן דעם מיטגליד פון שטאָטקאָם פון קאָמפּאַרטיי איציק וויטענבערגן (ער איז דער אָנפירער פון פ.פ.אָ.).

גענס האָט אַרויסגערופן אי. וויטענבערגן צו זיך. ניט וויסנדיק, צוליב וואָס מע רופט אים, איז וויטענבערג אַוועק. געגס האָט אים אַרעסטירט און איבערגעגעבן די שטאָטישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן שוין אויף אים געוואַרט. ווען זיי האָבן וויטענבערגן געפירט דורכן געטאָ, זײַנען פּאַרטיזאַנער מיט געווער אין די הענט באַפאַלן די פּאָליציאַנטן, באַפרײַט זייער קאָמאַנדיר און אים באַהאַלטן. צווישן די, וועלכע האָבן באַפרײַט וויטענבערגן איז געווען איינער מיט וואָנצעס[1], וועמען איך קען אין פּנים. הייסט עס, ער איז אויך אַ מיטגליד פון פ.פ.אָ.!

[1] דאָס איז געווען י. קאַפּלינסקי, שפּעטער דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנער־מאַכנע „פאַרן ניצאָכן".

גענס איז פונעם דורכפאַל געווען זייער צערודערט. צוזאַמען מיט זיינע פּאַליציאַנטן איז ער אַרומגעלאָפן און געשטעקט אין יעדן ווינקעלע. די געסטאַפּאָ האָט, מאַשמאָעס, שטרענג געוואָרנט, אַז אויב מע וועט ניט צו־שטעלן וויטענבערגן, וועלן זיי ליקווידירן די געטאָ. הייסט עס, ס׳וועט קומען אַ סאַך אויך צו גענסן און זיינע פּאָליציאַנטן. דערפאַר קריכן זיי אַזוי פון דער הויט.

באַלד הייבט שוין אָן טאָגן. איך ענדיק שרייבן. אָף דער אַרבעט וועט מען אַרויסלאָזן, צי ניט?

כ׳בין ערשט געקומען פון דער אַרבעט. טרויעריקע נייעס: איציק וויטענ־בערג איז אין געסטאַפּאָ.

איצט האָב איך זיך דערוווסט אויספירלעכער וועגן די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט און היינטיקן טאָג.

ווען די געטאָ־פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערוווסט וועגן וויטענבערגס אַרעסט, האָבן זיי פּראָקלאַמירט זייער פּאַראָל „ליזע רופט״[1], וואָס האָט באַ־טייט, אַז עס ווערט דערקלערט אַ טייקעפּדיקע מאָביליזאַציע פון אַלע מיט־גלידער פון פּ.פּ.אָ.

אומזיסט האָט גענס געפּרווט געפינען וויטענבערגן. באַוואָפנטע געטאָ־פּאַרטיזאַנער האָבן אָפּגעטריבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגן זיך דערנעענטערן צום הויז, ווו יענע האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט.

גענס האָט באַשלאָסן בייטן די טאַקטיק. ער האָט באַפוילן צו וויסן געבן וויטענבערגן דעם אולטימאַטום פון געסטאַפּאָ: אָדער איציק וויטענבערג אָדער די גאַנצע געטאָ.

דער „פּאַרלאַמענטאַריער״ האָט געבראַכט גענסן אַזאַ ענטפער: די פּאַר־טיי־אָרגאַניזאַציע האַלט ניט, אַז מיט אַרויסגעבן וויטענבערגן וועט מען ראַ־טעווען די געטאָ. אויב קיטעל האָט שוין געטומען ריידן וועגן אַ ליקווידאַ־ציע, וועט די ליקווידאַציע סיי ווי פאָרקומען. די פּאַרטיזאַנער וועלן אָבער

---

[1] אַ מיטגליד פון פּ.פּ.אָ. מיטן נאָמען ליזע (איר פאַמילע האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן) האָט מען פאַרהאַלטן באַם אַריינטראָגן אין געטאָ געווער, מע האָט זי דערשאָסן, איר נאָמען איז געווען דער שלאַכט־פּאַראָל פון די פּאַרטיזאַנער.

שטעלן א ווידערשטאנד. און וויטענבערג, זייער קאָמאנדיר, וועט זיין צוזאַ־מען מיט זיי. ער וועט קעמפן קעגן די פאשיסטן.

אַלזאָ, וויטענבערגן וועט די געסטאפּאָ ניט באקומען.

די צייט איז געגאנגען. גענס האָט ווידער געשיקט צו וויטענבערגן דעם פֿאַרבינדלער.

און פּלוצעם האָט וויטענבערג געמאָלדן, אז ער וועט גיין. ער וויל ניט, אז איבער אים זאָלן אומקומען צוואנציק טויזנט מענטשן. ער האָט רויִק זיך געזעגנט מיט די כאוויירים, געבעטן, זיי זאָלן פֿאָרזעצן דעם קאמף, און איז אוועק צו גענסן, צו וועמען עס האָבן באדארפט אָנקומען די געסטאַ־פּאָ־לייט.

פֿון יענער זייט געטאָ, לעבן טויער פֿון הויף, ווו עס האָט געוווינט גענס, האָט זיך אָפּגעשטעלט א פֿאַרמאכטער אווטאָ פֿון געסטאפּאָ[1]. גענס האָט ארויסגעפירט וויטענבערגן, באוואָפנטע סאָלדאטן האָבן אים א כאפּ געטאָן, אריינגעוואָרפן אין אווטאָ און אוועקגעפירט... וויטענבערגן וועט מען, מיסטאמע, פייניקן און נאָכדעם דערשיסן.

כ'ווייס ניט וויפֿל איך וועל לעבן, אָבער פֿאַר יעדער רעגע לעבן וועל איך דאַרפֿן דאנקבאר זיין איציק וויטענבערגן. היינט האָט ער מיך געראַ־טעוועט. ניט נאָר מיך — אויך די מאמע, מירען, די קינדער, טויזנטער מאַמעס און קינדער...

ווייזט זיך ארויס, אז וויטענבערג האָט געהאט בא זיך סאם, און אין געסטאפּאָ האָט ער זיך אָפּגעסאמט.

דער שאָכן האַלט, אז מע האָט, מיסטאמע, אויסגעשפּירט ניט דעם גאנצן שטאָטישן אונטערגרונט־קאָמיטעט. אין אים גייען אָן סאָפעק אריין נאָך קאָ־מוניסטן פֿון געטאָ, ניט בלויז וויטענבערג. אויב מע פֿאָדערט מער קיינעם

---

[1] גענס האָט געוווינט אפֿן הויף פֿון דער פּאָליציי־קאָמענדאטור. דער הויף האָט געגרענעצט מיט דער ארקלייר־גאס, וואָס האָט זיך געפֿונען אויסער דער געטאָ. דער טויער אַף דער גאס איז, פֿארשטענדלעך, געווען פֿארמויערט, אָבער דאָס טירל פֿון מויער האָט מען, לויט גענס ביטע, איבערגעלאָזט. דער שליסל פֿון טירל איז געווען בא גענסן. באנוצן זיך מיט דעם ארויסגאנג האָט געמעגט נאָר ער אליין. מוירע האָבנדיק, אז אויב מע וועט פירן וויטענבערגן דורך דער געטאָ, וועט ווידער עפּעס פּאסירן, האָט גענס אים ארויסגעפירט געהיים דורכן טירל.

ניט, איז א סימען, אז וועגן די איבעריקע מיטגלידער ווייסט מען ניט.[1]

אין וואלד, צו די פארטיזאנער, איז ארויס א גרויסע גרופע מיטגלידער פון דער געטא־ארגאניזאציע פון פ.פ.א. מערסטנס יונגע, וועמען מע האט אין דער צייט פונעם געיעג נאך וויטענבערגן געזען מיט געווער אין די הענט. פארבליבן אין געטא איז פאר זיי איצט א טאפלטע סאקאנע.[2]

יעדער טאג ברענגט נייס. אין צוזאמענהאנג מיט דעם, וואס מענטשן גייען ארויס אין וואלד צו די פארטיזאנער, האט געגנס געהייסן אלע בריגאדירן צושטעלן אין טויער־וואך רעשימעס פון זייערע בריגאדעס און יעדן טאג, איבערפרי און אין אוונט, מעלדן וויפל מענטשן גייען ארויס פון געטא צו דער ארבעט און וויפל קערן זיך אום צוריק.

מיט א קורצער צייט צוריק האט מען אין שטאט פארהאלטן דעם מיטגליד פון פ.פ.א. סווירסקי. מע האט בא אים געפונען געווער און פארשפארט אין לוקישקער טפיסע. פון געטא האט מען אין טפיסע געבראכט אויך זיינע צוויי טעכטערלעך. ווען די סאלדאטן זיינען אריין אין קאמער נעמען דעם פאטער, האט די יינגערע טאכטער זיך א ווארף געטאן צו אים, ארומגעכאפט מיט די הענטלעך זיין האלדז און ניט אפגעלאזט. איינער פון די סאלדאטן האט אויסגעשאסן, און דאס קינד איז געפאלן טויט אפן דיל. סווירסקין מיט דער עלטערער טעכטערל האט מען אוועקגעפירט קיין פאנאר.

היינט באגינען האט א געטא־פאליציאנט פון דער טויער־וואך פארהאלטן א יונג, וואס האט געוואלט אריינטראגן אין געטא געווער. דער יונג האט געפרווט איינריידן דעם פאליציאנט, ער זאל אים אפלאזן, דערביי געטייטנעט, אז דאס געווער איז באשטימט פארן קאמף קעגן די היטלעריסטן און אין אט דעם קאמף זיינען פאראינטערעסירט אלע: סאפקאלסאף וועלן דאך די היטלעריסטן ניט שאנעווען אויך די געטא־פאליציאנטן. דער פאליציאנט האט

[1] מיטגלידער פון אומלעגאלן שטאטישן פארטיי־קאמיטעט זיינען געווען אויך דער סעקרעטאר פון דער פארטיי־ארגאניזאציע פון געטא ב. שערשנעווסקי און כ. באראווסקאיא, וועלכע איז בייס דער ליקווידאציע פון געטא צוזאמען מיט א גרויסער גרופע דורך קאנאליזאציע־רערן, אוועק אין וואלד און געווארן קאמיסאר פון דער פארטיזאנער־מאכנע „פארן ניצאכן".

[2] דאס זיינען געווען ב. שערשנעווסקי, ר. בוראקיסקאיא. (סעקרעטאר פון דער קאמיוג־ארגאניזאציע אין געטא), די ברידער ל. און ג. גארדאן, י. דובטשאנסקי, ר. שערשנעווסקאיא, י. מאצקעוויטש און אנדערע.

אָבער אפילו הערן ניט געוואָלט. ער האָט געגומען שרייַען, אז צוליב אזעל־כע „שוויץ־קעפּ" קאָן לייַדן די גאנצע געטאָ. אויב מע וואָלט לעבן רויק, ניט שטעלן קיין ווידערשטאַנד, וואָלטן די דייַטשן גאָרנישט ניט געטאָן. „מיט א רעוואָלווער קעגן אוטאָמאַטן און טאנקען קאָן מען ניט גיין. פאַר אָט דעם רעוואָלווער קאָן מען פאַרניכטן די גאנצע געטאָ".

דערזען, אז מיטן פּאַליציאַנט וועט ער זיך ניט צונויפריידן האָט דער יונג אויסגעשאָסן אין אים און אין טומל פארשוווּנדן.

דעם פאַרווּנדעטן פּאָליציאַנט האָט מען אוועקגעפירט אין שפּיטאָל. גלייַך איז אהין געקומען די גאנצע פּניי פון געטאָ. געהייסן די דאָקטוירים טאָן אלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך, קעדיי ראַטעווען דעם פאַרווּנדעטן. אָבער ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. דער פּאָליציאַנט האָט זיך געמוזט געזעגענען מיטן לעבן.

די גרויסע גרופּע מענטשן, וואָס איז ארויס אין וואַלד, האָט בא מיצ־קונער בריק אָנגעטראָפן אויף דעם סוינעס א לאָקערונג. עס האָט זיך צעפלאַ־קערט א שלאַכט. ליידער זייַנען די קויכעס געווען ניט קיין גלייַכע. פון דער גאַנצער גרופּע זייַנען לעבן געבליבן בלויז עטלעכע מענטשן...

דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשראָקן: אין וואַלד זייַנען ארויס נייַע צוויי גרופּעס, מערסטנס באָכערים. פאַר פאַמיליע־מענטשן איז דאָס צו שווער.

פאַריקע נאַכט האָבן מיר דערהערט, ווי מע קלאַפּט אין אונדזער דירע. דאָס זייַנען געקומען צוויי געטאָ־פּאָליציאַנטן רופן אונדזער שאָכן קויפמאַן מיט זייַן געזינד צו גוענסן. קויפמאַן מיט זייַן פרוי זייַנען אוועק, און דאָס קינד האָבן זיי געלאָזן מיט דער באָבען. אינגיכן זייַנען די פּאָליציאַנטן ווי־דער געקומען און געזאָגט, אז די עלטערן בעטן ברענגען דאָס קינד. די באָבע האָט עס וואַרעם אייַנגעוויקלט און אוועקגעטראָגן.

אונדז איז באַפאַלן א פּאַכעד: אויב מע שיקט אינמיטן נאַכט נאָכן קינד, הייסט דאָס, אז דער געטאָ דראָט א געפאַר, און געגנס וויל ראַטעווען זייַנע מענטשן. קויפמאַן איז געווען בריגאַדיר פון די אַרבעטער, וועלכע זייַנען

געווען באַשעפטיקט אין „הערעסבאַ־שטעלע", אַ מיטגליד פונעם „בריגאַ־דירן־ראַט", וועלכן גענס האָט געשאַפן, און אַ גוטער באַקאַנטער פון גענסן.

די באָבע איז געקומען צוריק, נאָר זי האָט אונדז גאָרנישט געקאָנט דערציילן. דאָס קינד האָט זי אָפּגעגעבן דער מוטער. זיי זיצן אין קרימינאַל־פּאָליציי, דאָרטן געפינען זיך נאָך עטלעכע בריגאַדירן מיט די געזינדן. צוליב וואָס האָט מען זיי אַרויסגערופן און מע האַלט זיי אין דער פּאָליציי, ווייסט קיינער ניט.

מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט, עס זאָל ווערן טאָג. אויף די גאַסן איז פאַרהעלטעניסמעסיק רויק, מענטשן קלייבן זיך אַרויסגיין צו דער אַרבעט. די בריגאַדעס, וועמענס בריגאַדירן מע האָט באַנאַכט אַרויסגערופן צו גענסן, וועלן גיין צו דער אַרבעט אָן זיי. עמעצער וועט זיי פאַרבייטן איין טאָג.

אין אָוונט, ווען כ'בין געקומען פון דער אַרבעט, האָב איך זיך אַלץ דערוווּסט...

באַנאַכט האָט מען אין קרימינאַל־פּאָליציי געבראַכט אַ גאַנצע גרופּע בריגאַדירן מיט די געזינדן. אַלע האָבן געוואַרט אויף גענסן, ווייל גערופן אַהער האָט מען זיי אין זיין נאָמען. גענס איז אָבער ניט געקומען. אַנשטאָט אים איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון דער אַרבעטס־פּאָליציי, טאָווביןץ. דאָס האָט ער אָרגאַניזירט אָט די „נאַכט־שפּיל", דאָס האָט ער געשיקט ברענגען קויפּמאַנס קינד.

באַגינען האָט טאָווביןץ געזאָגט די בריגאַדירן, אַז גענס בעט זיי אַריי־בערגיין אין דער געטאָ־טפּיסע. די בריגאַדירן האָבן זיך גענומען באַמרויִקן, נאָר זעענדיק, אַז אין געטאָ איז שטיל, האָבן זיי אויפגעהערט צו שרעקן זיך. כוץ דעם, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־טפּיסע ביי געל זיי אויך פאַרזיכערט, אַז קיין סאַקאָנע דראָט זיי ניט.

מיטאַמאָל האָבן די בריגאַדירן דערהערט, ווי צו דער טפּיסע איז פון דער שטאָט־זייט, פון לידסקער גאַס, צוגעפאָרן אַן אויטאָ. אויף די טרעפּ האָבן זיך צעהילכט שווערע טריט פון סאָלדאַטן און די שטימען פון געטאָ־

[1] די טפּיסע, ווי גענס הויף, האָט אויך געהאַט אַ באַזונדער טירל, וואָס פירט אַרויס אין שטאָט. דער שליסל פון טירל איז געווען באַם טפּיסע־קאָ־מענדאַנט. מיטן טירל פלעגט מען זיך באַנוצן זעלטן, ווען מע האָט געדאַרפט איבערגעבן די אַרעסטאַנטן פון טפּיסע אין געסטאַפּאָ בעסאָד פון די געטאָ־איינוווינער.

פּאָליציאַנטן. זיי האָבן עמעצן געיאָגט פון דער שכיינעסדיקער טפּיסע־קאַמער. ערגעץ אָפן הויף האָט געדונערט אויך געגנס שטים. די בריגאַדירן זיינען געזעסן אין איינע שרעק.

ווען דער אויטאָ איז אָפּגעפאָרן, איז אין קאַמער פון די בריגאַדירן אַריינגעלאָפן א צופרידענער בייגעל. ער האָט זיי דערקלערט, אז די געפאר איז אריבער. באלד וועלן זיי קענען גיין אהיים. ער האָט זיי דערציילט די סיבע פון דעם טומל.

קיטעל האָט געפּאָדערט, מע זאָל דערשיסן אלע בריגאַדירן, פון וועמענס בריגאַדעס ס'איז כאָטש איין מענטש אוועק אין וואלד צו די פּארטיזאַנער. נאָר די בריגאַדירן זיינען געווען אייגענע מענטשן בא געגנסן, האָט ער אָנשטאָט די בריגאַדירן געשיקט אנדערע. די בריגאַדירן וועלן איניכן גיין אהיים.

פלוצעם האָט זיך ווידער דערהערט א הודזשעריי פון א צופאָרנדיקן אויטאָ. די אָנגעקומענע סאָלדאַטן האָבן גענומען קלאַפּן אין טיר.

בייגעל איז געוואָרן ווייס פון שרעק און געפּנט. א צערייצטער איז פארביי־געלאָפן קיטעל. ער האָט באַפוילן, געגנס זאָל טייקעף קומען.

קיטעל האָט זיך געבייזערט אף אים, געזידלט, געדראָט, אז ער וועט ניט דערלויבן, מע זאָל אים נארן. ער האָט געפּאָדערט די עמעסע בריגאַדירן.

אין קאַמער פון די בריגאַדירן הערט מען אלץ דייטלעך, וואָרט אין וואָרט... געגנס הייסט אָפּשליסן די טיר...

קויפמאַנס פרוי לויפט צו צום פענצטער. עס איז דער צווייטער שטאָק, דאָס פענצטער איז פארגראַטעט. אונטן שטייט נאָך פון באַגינען די באָבע. די מאַמע שטופּט פּאַרזיכטיק דורך דאָס קינד דורך די גראַטעס און, א געשריי געבנדיק: „זאָל דאָס קינד כאָטש בלייבן לעבן!", לאָזט זי דאָס קינד פאלן אף דער באָבעס הענט. די באָבע כאַפּט אונטער דאָס וויינענדיקע אייניקל און באגלייט צום טויט דעם זון מיט דער שנור...

פארנאכט איז קיטעל געקומען אין געטאָ און געהייסן צונויפנעמען די גאנצע באפעלקערונג. ער האָט געמאָלדן, אז מיט עטלעכע שאָ צוריק זיינען אין פּאָנאַר דערשאָסן געוואָרן 32 מענטשן — 11 בריגאַדירן און זייערע געזינדן. זיי, קלוימערשט, האָבן געמוזט שטארבן דערפאר, וואָס זיי האָבן שלעכט געהיט די מיטגלידער פון זייערע בריגאַדעס. זאָלן אלע וויסן, אז פון היינטיקן טאָג אָן וועלן פאר יעדן איינעם, וואָס וועט אוועקגיין אין וואלד צו די פּאַרטיזאַנער, דערשאָסן ווערן דאָס גאַנצע געזינד פונעם אוועק־

געגאנגענעם, דער בריגאַדיר און אנדערע יודען פון דער בריגאַדע... די מאכט איז גוט אינפאָרמירט, ווער עס גייט אוועק צו די פארטיזאנער, ווייל אונטערוועגנס כאפּט מען זיי. זאָלן די היינט דערשאָסענע 32 מענטשן זיין א לערע פאר אלעמען. זאָלן די יודען קיינעם ניט באשולדיקן: אויב זיי וואָלטן אליין אף אזא אויפן ניט פירן צו זייער טויט, וואָלטן זיי געקאָנט ארבעטן און לעבן. און נאָך: ער, קיטעל, וועט ניט דולדן, מע זאָל אים נארן, ווי דאָס איז געווען היינט, ווען מע האָט אים אָנשטאָט די עמעסע בריגאַדירן אונטערגערוקט זקיינים.

ווען מע האָט די ערשטע גרופּע קלוימערשטע „בריגאַדירן" געפירט קיין פּאָנאר, האָט עמעצער פון דער גרופּע א זאָג געטאָן, אז זיי זיינען גאָר קיין בריגאַדירן ניט. האָט זיך קיטעל צעקאָכט. די זקיינים האָט ער סיווי גע־הייסן פירן קיין פּאָנאר, נאָר אליין האָט ער זיך צוריקגעקערט און געפאָ־דערט די עמעסע בריגאַדירן.

איבערן געטאָ גייען ארום יינגלעך מיט פּלאקאטן, אין וועלכע עס איז געמאָלדן, אז מאָרגן, זונטיק, דארפן אין זאל פון טעאטער קומען אלע ברי־גאַדירן און ארבעטער. גענס וועט האלטן א וויכטיקע רעדע.

אין זיין רעדע האָט גענס נאָכאמאָל דערציילט וועגן די בריגאַדירן. געפאָדערט, מע זאָל אכטונג געבן איינער אפן צווייטן. אויב עמעצער וועט אוועק אין וואלד צו די פּארטיזאנער, וועט מען דערשיסן ניט בלויז זיין געזינד און דעם בריגאַדיר, נאָר אויך די גאנצע בריגאַדע. צוליב וואכזאמ־קייט ווערט יעדע בריגאַדע איינגעטיילט אין גרופּעס, צו צען מענטשן אין א גרופּע. פאר יעדעס צענטל ווערט באשטימט אן עלטסטער, וואָס טראָגט פאר אלץ די אכרייעס. יעדער איינער, בא וועמען עס קומט אוף א כשאד, אז עמעצער קלייבט זיך אוועקגיין צו די פּארטיזאנער, דארף טייקעף מעלדן וועגן דעם. דערמיט וועט ער ראטעווען סיי זיך, סיי די גאנצע בריגאַדע.

אונדזער בריגאַדע איז שוין צעטיילט אף גרופּעס. גוט, וואָס איך בין נאָך צו יונג און קיינער האָט ניט פאָרגעלייגט מיין קאנדידאטור אלס עלט־סטע. קיינער וויל ניט נעמען אף זיך אזא פאראנטוואָרטלעכקייט.

דער כוידעש אווגוסט הייבט זיך אָן פון גוטע יעדיִעס: די פאשיסטן האָבן זיך געמוזט אָפּטראָגן פון אָריאָל און בעלגאָראָד. אין מאָסקווע איז אין צוזאמענהאנג דערמיט געווען א סאליוט.

וויפל שטעט זײַנען שוין באפרײַט! ווי ווײַט אָבער זיי אלע זײַנען פון ווילנע. מע האלט, אז אהער וועט די רויטע ארמיי קאָנען קומען לעפּיערעך אין א האלב יאָר ארום, ניט פריִער. גאנצע זעקס כאדאָשים... ניין, ניין, מע דארף ניט טראכטן וועגן דעם. בעסער גלייבן, גלייבן!

קיטעל איז פּאָשעט א ווילדע כײַע, ניט קיין מענטש! דער ערגסטער מענטש קאָן ניט זײַן אזא אכזער!

אין קענער טאָרף־לאגער איז קיטעל געקומען אין א פּרעכטיקער שטימונג, מיט א גאנצער סוויטע און אפילע מיט מאטאָנעס — פּאפּיראָסן, טאבעק און מארמעלאד. די פּאפּיראָסן און טאבעק האָט ער געהייסן פאנאנדערגעבן די בעסטע ארבעטער, און די מארמעלאד — זייערע קינדער. ער האָט באקוקט דעם לאגער, די ארבעטס־ערטער, געפרעגט, צי אין לאגער איז פאראן א פריזירער און האָט זיך בא אים אָפּגעראזירט.

דער לאגער־עלטסטער און די ארבעטער גופע האָבן ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס קומט דאָ פאָר. עמעצער האָט געפּרוּווט זיך כאָכמענען, אז די היטלעריסטן האלטן שוין מיסטאמע גאָר שמאָל, אויב זיי פאָרן צו יידן מיט מאטאָנעס. אָבער די מערהײַט האָט גוט געדענקט, אז אויך אין געטאָ פלעגט מען ערעוו אן אקציע ארויסגעבן אף די שפּײַז־קארטלעך בעסערע פּראָדוקטן. בא זיי איז אופּגעקומען א כשאד, אז עפשער איז דער מארמעלאד אָפּגעסאמט.

קיטעל האָט זיך געלאָזט ריידן, ער האָט אָפּטימיסטיש געענטפערט אף עטלעכע פראגן וועגן דער צוקונפט פונעם לאגער.

געענדיקט באקוקן, האָט ער פאראָרדנט אלעמען זיך צונויפקומען אין שײַער — ער וועט האלטן א רעדע.

אין זײַן רעדע האָט ער געהייסן פלײַסיק ארבעטן, דער איקער — ניט פארבינדן זיך מיט די פּארטיזאנער. די דײַטשישע מאכט, האָט ער געזאָגט, איז ניט פארינטערעסירט צו אומברענגען די יידן, פארקערט: זי דארף האָבן

אַרבעטס־קראַפט. וועט מען אַרבעטן, וועט מען לעבן! די דײַטשישע מאַכט וועט זיך באַמיִען צו פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, די באַזאָרגונג.

כאָטש זײַנע רייד זײַנען געווען אומגלייבלעך, האָבן זיי בײַ אייניקע אופגעהויבן די שטימונג.

געענדיקט די רעדע, איז קיטעל אוועק צום טיר. אַ פײַף געטאָן — און ווי פון אונטער דער ערד זײַנען אויסגעוואַקסן סאָלדאַטן. דורכגעלאָזט אים, האָבן זיי פאַרשלאָסן די טיר. מענטשן האָבן זיך דערשראָקן, אָנגעהויבן שרײַען, קלאַפּן אין די ווענט און אין טיר. נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט. ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק.

יעדערער שפּאַרט זיך צו דער טיר, ווי נאָר ער וואָלט זי קאָנען עפענען. אַלע שרײַען, ליאַרעמען, שטופּן. אַנדערע פּרוּוון באַרויִקן דעם עולם, ליקווידירן די פּאַניק. זיי אַליין זײַנען באַהערשט פון פּחד, נאָר זיי ווײַזן דאָס ניט אַרויס. זיי טײַנען: מיסטאָמע האָט מען צײַטווײַליק איזאָלירט, מע וויל מאַכן אין לאַגער אַן אונטערזוכונג, קאָנטראָלירן, צי איז ניטאָ קיין געווער. אַנדערע, ווידער, שרעקן דעם עולם, אַז קיטעל וויל מיסטאָמע אַרויספירן די מישפּאָכעס און איבערלאָזן אין לאַגער בלויז די, וואָס אַרבעטן. די פּאַניק פאַרשטאַרקט זיך. מע שרײַט, מע יאָמערט. מענטשן פּרוּוון מיט די פּלייצעס צעעפענען די ריזיקע טיר פון שײַער, מיט די פויסטן דורכברעכן אַ וואַנט, נאָר די טיר איז שטאַרקער פון פּלייצעס, די ווענט זײַנען טויב צו די קלעפּ פון פויסטן. טויב און דול זײַנען אויך די סאָלדאַטן, וועלכע היטן פון יענער זײַט...

דורך די שפּאַלטן פון טיר און פון די ווענט האָט גענומען שפּאַרן אַ רויך. אַ סרייפע!!! די געשרייען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ווילדע קוילעס. מענטשן קלעטערן איבערן באַלקן, ווילן אַנטלויפן דורכן דאַך.

דער רויך ווערט אַלץ געדיכטער. אַ יונגערמאַן נעמט אַרויס פון קעשענע אַ רעוואָלווער. אין אַן אַנדער צײַט וואָלט מען ניט געלאָזן אים באַנוצן זיך מיט געווער, נאָר איצט הייסט מען אַפילע. ער שיסט אויס אין דער לופט. איין מאָל, אַ צווייט מאָל. קיינער ענטפערט ניט. ער האָט אויסגעשאָסן אַלע קוילן, ניט לאָזנדיק אַפילע קיין איין קויל פאַר זיך...

עס באַווײַזט זיך אַ פלאַם. ער פאַרברייטערט זיך, דערנעענטערט זיך. קעמפנדיק מיטן שטיקנדיקן רויך, שרײַען מענטשן, רופן נאָך הילף: עפּשער וועלן די פּויערן, וואָס זײַנען געבליבן אין די באַראַקן, דערהערן און קומען ראַטעווען.

דער פלאם ווערט אזעסדיקער, גאנוועט זיך אונטער אלץ נעענטער. די, וואָס שטייען בא די ווענט, ווילן אנטלויפן פון פײַער, זיי שטופן זיך צום צענטער. נאָר ס'איז ענג, אלע זײַנען צוגעשפארט איינער צום צווייטן, ניטאָ וווהין זיך א קער צו טאָן. בא איניקע האָבן זיך שוין אָנגעצונדן די קליידער, די האָר. קאָרטשענדיק זיך פון שרעקלעכן ווייטיק, שפארן זיי זיך צום צענטער, אהין, ווו דער פלאם דערגרייכט נאָך ניט. פון זיי צינדן זיך אָן אנדערע. מע פרווט לעשן איינער באם צווייטן דאָס פײַער. נאָר אומזיסט. עטלעכע מענטשן זײַנען שוין געפאלן אָן באוווסטזײַן. אף זיי פאלן אנדערע. דער פלאם צעבושעוועט זיך נאָך מער, אײַלט זיך אלעמען ארומכאפן, אײַנשלינגען, באהאלטן זיי אין זײַן רויטער געגעם־היץ.

אין דער זעלבער צײַט דערהערן זיך ווילדע געשרייען פון די פרויען־באראקן, זיי בעטן הילף! זיי ברענען אויך! און קינדער, פיצלעך קינדער!!! דעם שוין אנטריגענדיקן באוווסטזײַן כאפט ארום א שוידער.

עס פאלט אײַן דער דאך, עס צעוואלגערן זיך די ווענט, עס פלאקערט א גרויסער שײַטער פון מענטשן און קלעצער...

און קיטעל מיט זײַן סוויטע שטייען ניט ווײַט אפן בערגל און קוועלן פון דעם בילד...

ווען קיטעלן איז דערעסן געוואָרן צו קוקן, האָט ער זיך ארײַנגעזעצט אין אוטאָ און איז אוועקגעפאָרן. אָנגעזאָגט די סאָלדאטן, זיי זאָלן אכטונג געבן, אז דער פלאם זאָל זיך ניט אריבערווארפן אף די נאָענטעביימער, און זיי זאָלן פונדאנען ניט אוועק, ביז דער שײַטער וועט ניט אויסגעלאָשן ווערן.

דער שײַטער האָט געברענט לאנג... נאָכדעם האָבן די סאָלדאטן לאנג געמישט דאָס אש און די פארברענטע ביינער...

ווען די סאָלדאטן זײַנען אוועק, האָט דאָ געגומען הוליען דער ווינט. ער האָט דאָס אש צעווייעט, געיאָגט אין דער לופט...

פון אָט דעם איימעדיקן געגעם האָבן זיך געראטעוועט בלויז צוויי מענטשן, זיי זײַנען צופעליק ניט ארײַן איז שײַער. דערזען די צוגרייטונגען פון די היטלעריסטן, זײַנען זיי אנטלאָפן, זיך ארײַנגעגאנוועט אין געטאָ און אלץ דערציילט.

קיטעל האָט ליקווידירט אויך דעם רעשער טאָרף־לאַגער.

מע דערציילט, אַז נאָך אַ שלאַכט מיט די פּאַרטיזאַנער האָבן די היטלער־ריסטן געפֿונען אין וואַלד אַ הייטל, ווו אײנעם אונטערשלאַק איז געלעגן אַן אַרבעטס־שײַן אויפֿן נאָמען פֿון אַן אַרבעטער פֿון רעשער טאָרף־לאַגער.

דעם לאַגער האָט קיטעל ליקווידירט פּאַשעטער אַלעמען דערשאָסן און אויפֿן אָרט באַגראָבן!..

כ'האָב געהערט, אַז מע האָט דערשאָסן אײנעם אַ מיטגליד פֿון פּ.פּ.אָ. — טיקטינען. ער האָט געהיים אַרויסגעטראָגן געווער פֿון דעם פּאַשיסטישן סקלאַד אין בורבישאָק. ווען ער האָט דערפֿילט, אַז מע האָט אים אַנטדעקט, האָט ער געפּרוווט לויפֿן, נאָר עס האָט אים דעריאָגט דעם סוינעס אַ קויל.

וואָס וועט זײַן ווײַטער? די היטלעריסטן ווייסן געוויס, אַז אין געטאָ זײַנען פֿאַרשפּאַרט שוין ניט קיין געהאָרכזאַמע, אָנגעשראָקענע, שטילינקע מענטשעלעך, מיט וועלכע מע קאָן טאָן, וואָס מע וויל. יעדער העפּטלינג שטעלט איצט אַ ווידערשטאַנד. וויטענבערג, פּ.פּ.אָ., דאָס מאַסנווײַזע אַוועקגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, די „קאָוונער אַקציע“, ווען מענטשן האָבן אַפֿילע מיט הוילע הענט זיך געוואָרפֿן אויף דער וואַך...

קלאָר, אַז די היטלעריסטישע מאַכט וועט אַזאַ לאַגע ניט דולדן. עמעס, אײניקע פּרוּוון דערווײַזן, אַז איצט, קלוימערשט, האָבן די דײַטשן שוין ניט קיין רעכט אַליין, אָן דעם העסקעם פֿון דער העכערער מאַכט, ליקווידירן גרויסע געטאָס. נאָר די העכערע מאַכט וועט אין אַזאַ דערלויבעניש ניט אָפּזאָגן. פֿאַר זיי איז קיין כּילעק ניט, צי איז דאָס דער קענער לאַגער, דער רעשער, צי די ווילנער געטאָ — אַלצייינס.

וואָס וועט זײַן?

דערווײַל ציִען די היטלעריסטן אַלץ ענגער צונויף די קייטן. זיי האָבן פֿאַנאַנדערגעשיקט צו אַלע אונטערנעמער אַן אינסטרוקציע, אונטערגעשריבן פֿונעם געביטס־קאָמיסאַר, ווי מע דאַרף זיך באַגיין מיט די יודען, וואָס געפֿינען זיך בײַ זיי אויף אַרבעט. ערשטנס, שטרענג אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן ניט אַרומגיין אָן די לאַטעס אָדער מיט שלעכט צוגענייטע לאַטעס. צווייטנס, ניט צעטיילן אויף קליינע גרופּעס און ניט שיקן זיי אויף אַרבעט אײנציקווײַז. דריטנס, ניט אַרויסלאָזן פֿון די אַרבעטס־לאָקאַלן, אַפֿילע מיט אַ באַגלייטער. פֿערטנס, איזאָלירן די יודען פֿון אַלע איבעריקע אַרבעטער. פֿינפֿטנס, בײַ

דער קלענסטער אומגעהאָרכזאמקייט אָדער אומצופרידנקייט טייקעף מעלדן וועגן דעם דער דייטשישער מאכט. ווייטער: פארבאָטן יעטווידע פארלייכטערונגען. אין יענע ארבעטס־לאָקאלן, ווו עס זיינען פאראן א קיך און אן עס־זאל, פארבאָטן די יודען צו באנוצן זיך מיט זיי. פאר ניט אויספילן די אלע פאראָרדענונגען וועלן די ארבעטסגעבער צוגעצויגן ווערן צו פאראנטוואָרטלעכקייט.

ניט געקוקט אף קיין זאך, טרעפן דאָך פאלן, ווען יוגנטלעכע אנטלויפן אין וואלד צו די פארטיזאנער.

נעכטן איז צוזאמען מיט דער בריגאדע געקומען צו לויפן אין געטאָ זייער אן איבערגעשראָקענער ייד, אן אויסגעשמירטער און אין צעפליקטע בגאָדים. ער איז בעלעם געוואָרן אין הויף פון רודניצקי־גאס, 7 (דאָרט וווינען אלע, וואָס ארבעטן אפן אעראָדראָם).

ער האָט דערציילט, אז אינמיטן טאָג איז זיין גרופע פלוצעם ארומגערינגלט געוואָרן פון א גרויסער וואך. מע האָט געהייסן וואַרפן די ארבעט און זיך אויסשטעלן. דערזען אזא וואך, האָבן מענטשן זיך דערשראָקן, אָבער אנטלויפן איז געווען אוממעגלעך: די וואך האָט זיי געדיכט ארומגערינגלט. איינער א היטלעריסט האָט געזאָגט, אז מע וועט זיי פירן קיין עסטלאנד אף ארבעט.

אין אזעלכע זאכן גלייבט שוין קיינער ניט...

ס'האָבן זיך ניט צוריקגעקערט פון דער ארבעט נאָך עטלעכע גרויסע בריגאדעס. די געטאָ זעט אויס ווי א בעסוילעם.

וואָס ווייטער, אלץ ערגער. מע רעדט, אז קימאט פון אלע אונטערנעמונגען וועט מען אָפּזאָגן די יידן. מע וועט לאָזן זייער ווייניק, נאָר אין עטלעכע ערטער.

די אייביקע אָפּטימיסטן טייַנען, אז דאָס איז אוממעגלעך: קאָלזמאַן זיי האלטן די געטאָ, וועלן די אָקופּאַנטן צאַפּן דאָרט וואָס מער ארבעטס־קראַפט. אף ליקווידירן די געטאָ דארפן זיי באקומען א דערלויבעניש. דער פראָנט דערנעענטערט זיך גיך, ביז זיי וועלן קריגן די דערלויבעניש, וועט די רויטע ארמיי שוין זיין אזוי נאָענט, אז די פאשיסטן וועט ניט ליגן אין קאָפּ די געטאָ, זיי וועלן טראַכטן, ווי מאכט מען די פלייטע.

ווען דאָס זאָל טאקע אזוי זיין!

דער „ארבייטס־אמט" האָט געקראָגן אַ רעשימע פון די אונטערנעמונגען, וווּ מע זאָגט אָפּ אַלע ייִדן.

איך מיט דער מאַמען זײַנען שוין אויך אָן ארבעט...

הײַנט איז ווייער אַ מאָדנער טאָג. אינדערפֿרי האָבן אַלע, לויט דער געוווינהייט, זיך געקליבן אויף זייערע ערטער, פֿונוואַנען זיי גייען שטענדיק ארויס אויף דער ארבעט. מיר האָבן מיט קינע געקוקט אויף די איינצלנע בריגאַדעס, וואָס גייען אויך הײַנט צו דער ארבעט.

די געטאָ איז הײַנט אַ גאַנצן טאָג פֿול מיט מענטשן. פֿון די איינצלנע בריגאַדעס, וועלכע זײַנען אוועק אויף ארבעט, איז אין געטאָ ניט געוואָרן גערינגער. מיר זײַנען ניט געוווינט צו זען דאָ אין מיטן טאָג אַזויפֿיל מענטשן, איבערהויפּט מענער. ניטאָ וווּהין צו גיין. ניטאָ וואָס צו טאָן, ניטאָ וואָס צו עסן.

אַלץ האָט אַ שיר, אָבער ניט קיין אומגליקן. זיי ווייסן ניט פֿון קיין גרענעץ. עס האָט זיך געדוכט, אַז ערגער קאָן שוין ניט זײַן. זעט איר דאָך, אַז עס קאָן יאָ זײַן.

מאָרגן וועט שוין קיינער ניט ארויסגיין צו דער ארבעט: מע האָט אָפּגעזאָגט לאַכלוטן אַלעמען. די געטאָ וועט זײַן פֿאַרמאַכט, איזאָלירט פֿון דער גאַנצער וועלט.

באַנאַכט איז געווען רויִק.

געגנס האָט פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די, וועלכע האָבן פֿריִער געאַרבעט און ווילן אויך איצט ארבעטן, וועלן אײַנגעאָרדנט ווערן אויף ארבעט ניט אין שטאָט, נאָר אין געטאָ גופֿא. די געטאָ האָט מען פֿאַרמאַכט נאָר צוליב דעם, קעדיי ס'זאָל ניט זײַן קיין מעגלעכקייט אוועקצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער. עס פֿאַרברייטערן זיך די וואַרשטאַטן, איבערהויפּט די שטריקערײַ און שנײַדערײַ. עס וועלן ארבעטן דרײַ וואַכטעס. מע האָט געבראַכט אַ סאַך שינעלן און וועש, וועלכע מע דאַרף גיך אויסוואַשן און צורעכט מאַכן. אין די וואַרשטאַטן נעמט מען אָן נײַע מענטשן.

איך ארבעט אין די שטריקעריי־ווארשטאטן. זיי זײַנען זייער גרויסע — איבערן גאנצן זאַל פון יודענראט. עס שטייען לאנגע רייען טישן. בא יעדן טיש זיצן אײַנגעהויקערט איבער דער ארבעט 20 פרויען. די עלטסטע פון די טישן ברענגען א בארג צעריסענע הענטשקעס, און מיר שטריקן צו פינגער. אָדער האלבע פינגער. מיר ארבעטן אין דרײַ וואכטעס.

ניטאָ וואָס צו עסן. עמעס, אף די קארטלעך גיט מען איצט ארויס רע־גולערער, נאָר זייער ווייניק. וואָס ווײַטער, אַלץ שווערער ווערט צו לײַדן הונגער.

מיר דוכט, אז די געטאָ איז איצט ענלעך צו אן אלטער מאשין, פון וועלכער עס זײַנען ארויסגעשרויפט אַלע שרויפן. ביז קיינער טשעפּעט זי ניט, האלט זי זיך. זאָל נאָר עמעצער צורירן זיך צו איר, כאָטש מיט איין פינגער — וועט זי זיך צעשיטן.

אינדערפרי, ווען מיר האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן די ארבעט (די וואָך ארבעט איך אין דער ערשטער וואכטע), האָט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז די געטאָ איז ארומגערינגלט. מיר האָבן געוואָרפן די ארבעט און גע־וואָלט לויפן אהיים, אָבער דער עלטסטער פון דער וואכטע האָט ניט ארויס־געלאָזט. ער האָט פארמאכט די טיר און געהייסן זיצן אף די ערטער. ער וועט אליין ארויסגיין אפן גאס און זיך אַלץ דערוויסן.

זיצן מיר אף די ערטער. ארבעטן, פארשטייט זיך, קאָנען מיר שוין ניט. מיר זײַנען דערשראָקן, פרוּוון טרעפן, ווארפן בליקן אף דער טיר.

דער עלטסטער איז געקומען. נאָר פונעם ערשטן קוק אף אים האָבן מיר פארשטאנען, אז די קלאנגען האָבן זיך באשטעטיקט. מיר זײַנען זיך צעלאָפן איבער די היימען.

וואָס טוט מען? וווהין לויפט מען? פרוּווט מען זיך באהאלטן אין איין אָרט, דוכט זיך, אז גראָד דאָ וועט מען געפינען, אז אין אן אנדער אָרט וועט עפּשער אָפּגליקן.

שפּעט: די סאָלדאטן זײַנען שוין אין געטאָ. מיר זײַנען אראָפּגעלאָפן אין קעלער. דאָרט איז פײַכט, טונקל. אין יעדער וואנט — אן אָפענע נישע, וואָס דינט אַלס ארײַנגאנג אין א צווייטן קעלער. די קעלערן ציִען זיך, מיס־טאמע, אונטער דער גאנצער שטוב.

עס זײַנען זיך אַהער צונויפֿגעלאָפֿן מענטשן אויך פֿון אַנדערע דירעס, זייער פֿיל מענטשן. ס׳איז ענג, פֿינצטער. מיר באַוועגן זיך, טאַפּנדיק די ווענט. קינדער וויינען. מע הייסט אונדז גיין טיפֿער אין קעלער, באַם לייטער וועלן בלײַבן נאָר עטלעכע מענער. זיי וועלן זיך צוהערן, וואָס עס טוט זיך אויבן.

אין דער פֿינצטערניש האָב איך פֿאַרלוירן די מאַמע און רוועלען. זיי זײַנען, מיסטאָמע, ערגעץ אין אַן אַנדער טייל פֿון די קעלערס. רײַעלען האַלט איך פֿעסט פֿאַר דער האַנט, איך זאָל כאָטש זי ניט פֿאַרלירן. מירע איז געבליבן אויף דער אַרבעט, זי האָט זיך ניט אומגעקערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּאַניק.

מיר זײַנען מיד געוואָרן שטייענדיק. מיר האָבן זיך צוגעזעצט. ס׳איז קאַלט, פֿײַכט, אָבער די פֿיס וועלן כאָטש אָפּרוען. רײַעלען האָב איך אַוועקגעזעצט צו זיך אויפֿן שויס.

וואָס טוט זיך אויבן? ס׳איז אַ ליקווידאַציע אָדער נאָר אַן אַקציע?

די צײַט ציט זיך.

מע האָט גענומען ריידן, אַז עמעצער וואָלט געדאַרפֿט אַרויסקריכן אויפֿן הויף און אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך.

אין קעלער געפֿינט זיך אויך אַ געטאָ־פּאָליציאַנט. ער האָט זיך אונטערגעגעבן דער אַלגעמיינער פּאַניק און אויך באַהאַלטן זיך אין קעלער. פֿאַר אים איז די קלענסטע סאַקאָנע אַרויסצוגיין פֿונדאַנען.

ער האָט זיך אַרומגערײַניקט און צוגעזאָגט גלײַך צוריקקערן זיך.

שוין אַוועק אַ פּאָר שעה, און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ. אויב מע כאַפּט שוין פּאָליציאַנטן, הייסט דאָס, אַז עס גייט אַ ליקווידאַציע. שוין אָנגעקומען אונדזער סאָף...

מיר דערהערן אַ קלאַפּ. קיינער ענטפֿערט ניט. דער קלאַפּ כאַזערט זיך איבער. יאָ, דאָס האָט זיך אומגעקערט דער פּאָליציאַנט.

מע עפֿנט אים. שטרענג אָפֿיציעל באַפֿוילט ער אַלעמען אַרויסגיין פֿון קעלער.

באַם אַרויסגאַנג שטייען נאָך צוויי יידישע פּאָליציאַנטן. פֿרויען און קינדער לאָזן זיי דורך, מענער פֿאַרהאַלטן זיי. זיי שרײַען, מע זאָל ניט אַרויסווײַזן קיין ווידערשטאַנד. מע וועט פֿירן קיין עסטלאַנד אויף אַרבעט. נאָר ווער גלייבט זיי?

עס הייבט זיך אוף א שרעקלעך געשריי און געוויין. מענער לויפן צוריק אין קעלער, פאָליציאַנטן יאָגן זיך נאָך זיי, כאַפּן, טרייבן.

זיי האָבן אופגעקליבן די מענער און אוועקגעפירט.

איך גיי ארויס אפן גאס. סאָלדאטן זיינען דאָ גאַנץ ווייניק, די פולע באַלעבאַטים זיינען די געטאָ־פּאָליציאַנטן. מע האָט געגנסן באפוילן, ער זאָל אופקלייבן די בייטיקע דריי טויזנט מענער. די גאנצע פ.פ.אָ. איז מאָביליזירט און געפינט זיך אין עטלעכע הויפן אף סטראַשון־גאס, א גרייטע צום קאַמף. די געטאָ־פּאָליציאַנטן ווייסן וועגן דעם, און אין אָט די הויפן גייען זיי ניט.

אויספילן דעם באַפעל פון די אָקופּאַנטן איז געגנסן ניט לייכט. אלע מענער האָבן זיך באַהאַלטן. געגנס לויפט אליין ארום איבער די הויפן מיט א נאַקעטן קאָפּ, אָן א מאַנטל, און שרייט, אז די מענער זאָלן פרייוויליק ארויסגיין פון זייערע מאַלינעס. ער גאַראַנטירט, אז מע וועט פירן קיין עסטלאַנד אף ארבעט. אויב די מענער וועלן ניט ארויסגיין, וועט געשען אן אומגליק מיט דער גאַנצער געטאָ.

קיינער גייט ניט ארויס — שוין לאַנג גלייבט מען אים ניט.

עס רוקט זיך אָן די נאַכט און עס איז נאָך אפילע קיין טויזנט מענער ניטאָ. געגנס קריכט פון די קיילים, ער וואָרנט די פּאָליציאַנטן, אז אויב זיי וועלן ניט אופקלייבן די בייטיקע צאָל, וועט ער זיי אליין שיקן קיין עסטלאַנד.

די פּאָליציאַנטן ווילדעווען, לויפן, יאָגן, שרייען, שלאָגן. זיי זיינען אריינגעפאַלן אין בעסמעדרעש (אין א ווינקל־שטיב אפן ראָג פון שאַוולער און יאַטקעווער גאַסן האָבן די יידן געמאַכט א שול) און ארויסגעשלעפּט א צענדליק דאַוונענדיקע זקיינים. אוועקגעיאָגט זיי צום טויער. דאָרטן איז געשטאַנען קיטעל. דערזען, וואָס פאַר א „סכוירע" מע גיט אים, האָט ער אויסגעזידלט די פּאָליציאַנטן און געהייסן יאָגן די זקיינים צוריק אין געטאָ.

די פּאָליציאַנטן דערציילן וועגן דעם אף שריט און טריט. דאָס איז דאָך דער בעסטער באַווייז, אז מע נעמט טאַקע אף ארבעט.

צום סאָף טאָג איז זיי געלונגען אופצוקלייבן בלויז טויזנט דריי הונדערט מענטשן. און געהייסן האָט מען ברענגען דריי טויזנט...

עס האָט זיך דערהערט א פייף. די אקציע איז געענדיקט. די פאַרמאַטערטע פּאָליציאַנטן האָט מען אָפּגעלאָזט אהיים. אָבער נאָר ביז מאָרגן אינדערפרי.

די געטאָ איז געבליבן ארומגערינגלט.

מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין די זאַכן.

הײַנט האָט זיך אַלץ איבערגעכאַזערט. אַ סך האָט מען אָוועקגעפירט. עטלעכע הונדערט זײַנען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט.

עס איז שווער צו זאָגן, וויאַזוי האָבן די היטלעריסטן זיך דערוווּסט, אַז אין קעלער אויף סטראַשון־גאַס, 15, האָבן זיך באַהאַלטן אַ סך מענער. צוזאַמען מיט געוועסן זײַנען די פֿאַשיסטן אַרײַן אין הויף, געמאָלדן דורך אַ הויכרײדער, אַז אַלע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין קעלער, מוזן טייקעף אַרויס אין הויף. אין קעגנפֿאַל וועט מען זיי אויפֿרײַסן! זאָלן די פֿרויען ראַטעווען זייערע מענער און ברידער, אײַנרעדן זיי אַרויסגיין. די זעלבע ווערטער האָט איבערגעכאַזערט געגנס. אומזיסט. קיינער האָט זיך ניט באַוויזן. דער עלטסטער פֿון די פֿאַשיסטן האָט געהייסן אַלע פֿרויען אין פֿאַרלויף פֿון פֿינף מינוט פֿאַרלאָזן דאָס הויז. די סאָלדאַטן האָבן גענומען גרייטן אַן אופּרײַס. דינאַמיט האָבן זיי פֿאַרלייגט אונטער דער לינקער זײַט פֿון מויער, דאָרטן, ווו עס געפֿינט זיך דער קעלער.

צווישן די פֿרויען איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל. אייניקע האָבן זיך געיײַלט וואָס גיכער אַרויסלויפֿן פֿון הויף, אַנדערע האָבן געפּרוווט שטערן די סאָלדאַטן אינעם גרייטן דעם אופּרײַס, די דריטע זײַנען געלאָפֿן צום קעלער און צוריק: אָדער געשריִען, אַז די מענער זאָלן אַרויסגיין, אָדער געהייסן זיי בלײַבן. די מער רויִקע פֿרויען האָבן זיך אויסגעשטעלט באַם אַרײַנגאַנג אין קעלער, געטריבן די פּאַניקמאַכערס. זיי האָבן געטײַנעט, אַז דער קעלער איז אַ טיפֿער, אַ בעטאָנירטער, דער אופּרײַס וועט אים ניט שאַטן.

דערזעען, אַז די סאָלדאַטן לויפֿן שוין פֿון הויף, האָבן אויך די פֿרויען זיך געלאָזט לויפֿן.

עס האָט זיך דערהערט אַ דונערנדיקער קלאַפּ. איך בין געשטאַנען גאַנץ ווײַט און דאָך שיר ניט טויב געוואָרן. די געמויערטע וואַנט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און איז אײַנגעפֿאַלן. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ וואָלקן שטויב. ווען ער האָט זיך אַ ביסעלע צעשטרייט, האָבן מיר דערזען כורוועס. פֿון אַ האַלבער שטויב איז קיין זייכער ניט געבליבן, ווי זי וואָלט פֿריִער ניט געווען.

די פֿרויען זײַנען גלײַך צוגעלאָפֿן צו די כורוועס, אָפּגראָבן דעם אַרײַנגאַנג אין קעלער. יעדע פֿון זיי האָט געשלעפּט, וואָס זי האָט געקאָנט: ברעטער, דראָטן. צום הויף האָבן געיײַלט אַלץ נײַע און נײַע פֿרויען. איך

בין אוועקגעלאָפן אין שטוב, אָנזאָגן דער מאמען, ווי איך געפין זיך, און גלייך געקומען צוריק העלפן.

אין איין אָרט האָבן מיר אָנגעטאפּט א מענטשלעכן גוף. ס'האָט זיך באַוויזן א פוס פון א פרוי. גראָבנדיק ווייטער, האָבן מיר געפונען א קינדעריש פיסעלע. א שוידער איז מיר אדורך איבערן לייב און איך בין ארויסגעלאָפן אין גאס. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק ערשט דעמלט, ווען מע האָט דעם געפונענעם גוף און די באזונדערע טיילן פון מענטשלעכן קערפּער איינגעוויקלט אין א ליילעך און אוועקגעטראָגן אין מייסים־שטיבל.

פלוצעם איז הינטער אונדז אויסגעוואקסן א סאָלדאט. ער האָט פארבאָטן צו גראָבן. אויב די מענטשן האָבן ניט געוואָלט אויספילן דעם דייטשישן באפעל, מוזן זיי שטארבן. ער וועט שיסן אין יעדן, ווער עס וועט וואגן זיך דערנעענטערן, אופהייבן כאָטש איין ציגל.

און קיין דריי טויזנט מענער האָט מען פאָרט ניט צונויפגעקליבן. מאָרגן וועט די אקציע פאָרגעזעצט ווערן.

די היטלעריסטן האָבן היינט אופגעדעקט א באהעלטעניש פון די געטאָ־פארטיזאנער (אין הויף פון סטראשון־גאס, 12). די פארטיזאנער האָבן געוואָרפן אין די פאשיסטן עטלעכע גראנאטעס. די היטלעריסטן האָבן מאָמענטאל אופגעריסן דאָס גאנצע הויז. אונטער די כורוועס זיינען באגראָבן געוואָרן ניט נאָר די פארטיזאנער — אויך א סאך פרויען און קליינע קינדער.

אָבער ניט ווייניק היטלעריסטן האָבן אויך באצאָלט מיט זייערע לעבנס. גענס האָט געהאלטן אין איין פארענטפערן זיך. פאר די היטלעריסטן האָט ער געטייַנעט, אז אין געטאָ זיינען ניטאָ קיין פארטיזאנער, עס זיינען פאראן נאָר גוטע און געהאָרכזאמע ארבעטער. די גראנאטעס האָבן געוואָרפן עטלעכע יונגע צוציקעס, מיט וועלכע ער וועט שנעל א סאָף מאכן.

גענס האָט מיט נאָך א גרעסערער ריציכע געכאפּט מענער. ער האָט זיך געמאכט ניט זעענדיק, ווען צוזאמען מיט די מענער זיינען ארויס אויך איבערגעטאָנענע פרויען, וועלכע האָבן ניט געוואָלט זיך שיידן מיט זייערע מענער. וואָס ארט עס אים, אבי די צאָל זאָל זיין! פון געזונטע כוליגאנעס און פארעטער האָט ער אָרגאניזירט א „געהילפס־פּאָליציי", וועלכע האָט געהאָלפן כאפּן מענער, און דער איקער — געהיט דעם ספּאָרט־פּלאץ, ווו עס האָבן זיך געפונען די מיטגלידער פון פ.פ.אָ., קעדיי קיינעם ניט ארויס־

לאָזן פון דאָרטן. געגס האָט באַפוילן, מע זאָל ניט דערלאָזן קיין צוזאַמענטרעפענישן צווישן די מיטגלידער פון פ.פ.אָ. און די איינוווינער פון געטאָ, כּדי די פּאַרטיזאַנער זאָלן ניט קאָנען פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן די דײַטשן. ער האָט זייער מוירע געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד, פאַר אַן עמעסן באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס מיט די העגקער.

פיר טעג האָט געדויערט די אַקציע. סאָפּקאָלסאָף האָט זי זיך געענדיקט. די געטאָ איז שוין ניט אַרומגערינגלט.

הײַנט, דעם לעצטן טאָג, איז אַרײַנגעפאַלן געגס גוטער כאַווער ברוידע, דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן די „אַרבייטס־אַמטן" פון שטאָט און פון געטאָ.

די אַלע טעג איז אויך ברוידע אַרומגעלאָפן, געשריִען, געכאַפּט, פאַרהאַלטן מענער. הײַנט האָט ער, דערזעענדיק עטלעכע פאַשיסטן, געוואָלט, ווײַזט אויס, אויספּײַנען זיך פאַר זיי. האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון שטיוול א נאַהײַקע און א יאָג געטאָן זיך נאָך עמעצן. אָבער, אַרויסשלעפנדיק די נאַהײַקע, זײַנען אַרויסגעפאַלן אייניקע פּאַפּירן. די היטלעריסטן האָבן אים אָפּגעשטעלט און געהייסן ווײַזן די פּאַפּירן. ברוידע האָט געפּרוּווט זיך אַרויסדרייען, אָבער זיי האָבן געפאָדערט, ער זאָל ווײַזן די פּאַפּירן. דאָס זײַנען געווען זײַנע פאַרגרייטע דאָקומענטן אויף א פרעמדן נאָמען און אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט. די פאַשיסטן האָבן אים שרעקלעך צעמאַזיקט און אַרופגעשלײַדערט אויף דעם אויטאָ, וווּ עס זײַנען שוין געווען אַנדערע געכאַפּטע מענער. געגס האָט געפּרוּווט אים ראַטעווען, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן, פאַרקערט, די היטלעריסטן האָבן כּפעציעל קאָנטראָלירט, צי איז אַמאָל ניט אַנטלאָפן דער דאָזיקער טיפ.

די אַקציע האָט זיך געענדיקט. די וואָך האָט מען צוגענומען.

וואָס וועט זײַן ווײַטער?

אַגעוו, איז שוין סענטיאַבער. אָנהייב פון לערן־יאָר און ווידער אָן מיר. אין שול האָט מען מיך שוין, מיסטאַמע, פאַרגעסן. אָדער מע האַלט, אַז איך בין אומגעקומען.

געגס האָט אַוועקגעשיקט די שטאַרקסטע פּאָליציאַנטן און קימאַט די גאַנצע געהילפס־פּאָליציי אויף ראַסער גאַס, וווּ מע האַלט די געכאַפּטע מאַנצבלען, וועלכע מע דאַרף אַרויספירן קיין עסטלאַנד. די פּאָליציאַנטן האָבן באַדאַרפט העלפן אַרײַנזעצן זיי אין די וואַגאָנען.

אָבער זיי זײַנען גיך געקומען צוריק: וואגאָנען וועלן זײַן ערשט מאָרגן.
די יעדיע, אז אלע מענער לעבן און ווארטן אױף וואגאָנען, האָט א ביסל באַרויקט די געטאָ. אָבער אלציינס איז זי פאראליזירט פון פארצווייפלונג.

די געטאָ־פּאָליציאַנטן זײַנען ווידער געווען אױף ראַסע־גאַס. געקומען צוריק, האָבן זיי דערציילט, אַז זיי האָבן אלעמען אַרײַנגעזעצט אין אַן עשעלאָן, וועלכער וועט הײַנטיקע נאכט אָפּפאָרן קיין עסטלאַנד.
גלײַכצײַטיק האָבן די פּאָליציאַנטן געבראכט נאָך א נײַס, אַן ערגערע. זיי האָבן געהערט, אַז אפן וואָקזאַל איז אויסגעהאַנגען (אָדער די נאָענטסטע טעג וועט זײַן אויסגעהאַנגען) אַן אויפשריפט "Judenfrei" דאָס הייסט, אַז אין שטאָט איז מער ניטאָ קיין ייִדן...

נעכטן האָט מען דערשאָסן גענסן. מיר האָבן וועגן דעם זיך דערוווּסט ערשט הײַנט, אָבער שוין נעכטן אַרום האַלבן טאָג האָבן מיר דערשפּירט, אַז עפּעס גרייט זיך. עמעצער האָט דערציילט, אַז ס'איז נעכטן געקומען א שאַליער פון גאַיגעבאַיערן און צוגענומען בײַ גענסן און דעסלערן דאָס געווער — צוויי רעוואָלווערן און גראַנאַטן, וועלכע זיי האָבן געטראָגן מיט זיך אַלס באַאמטע.
גענסן האָט מען אַרויסגערופן אין געסטאַפּאָ.
עס איז געוואָרן אָוונט און ער האָט זיך ניט אומגעקערט. אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז שוין ניטאָ אױף דער וועלט.
ווו און ווי האָט מען אים דערשאָסן — ווייסט קיינער ניט, אָבער מע זאָגט, אַז ניט אין פּאָנאַר. קיינער בענקט נאָך אים ניט, סײַדן עפּשער די פּאָליציאַנטן.
די היטלעריסטן לאָזן קיינמאָל ניט איבער לעבעדיק זייערע געהילפן, וועלכע זײַנען איידעס פון זייערע פאַרברעכנס. און גענס איז בעפּיירעש געווען בײַ זיי א גוטער געהילף. זיי האָבן געהאַט צו אים גרויס צוטרוי, געגעבן אים געווער, פאַרשיידענע וויכטיקע פּריווילעגיעס. ער האָט געהאַט רעכט אַרומצוגיין אָן לאַטעס און אפן טראָטואַר. ער האָט געמעגט קומען און אפילו נעכטיקן אין זײַן אַלטער דירע אין שטאָט, ווו עס זײַנען געבליבן לעבן זײַן פרוי און די טאָכטער. עמעס, די פרוי איז פון ליטווישער נאַציאָ־

נאליטעט. אָבער די טאַכטער האָט דאָך געמוזט זײַן אין געטאָ. די היטלער־ריסטן האַלטן אפילו אײניקלעך פון ייִדן פאַר האַלב־ייִדן.

מיט עפּעס, ווײַזט אויס, האָט גענס דאָך ניט צוגעטראָפן די פּאַשיסטן...

אונדזער שאָכן פון ערשטן צימער זאָגט, אז ווען גענס וואָלט אזוי־פיל ניט געדרייט מענטשן א קאָפּ, אז נאָר מיט געהאָרכזאמקייט קאָן מען אויסמײַדן פּאָגראָמען און דערלעבן די פרײַהײַט, אז מיט שטעלן א ווידערשטאנד וועלן מיר צו גאָרנישט ניט דערשלאָגן זיך, נאָר, פאַרקערט, ארופּברענגען אויף זיך אן אומגליק — וואָלטן די מענטשן פון געטאָ אקטיווער זיך אײַנגעשלאָסן אין קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן.

פון גענס דירע האָט מען ארויסגעפירט דאָס גאַנצע מעבל און די זאַכן.

די געטאָ איז אָן א פאָרזיצער, מיסטאמע וועט מען באַשטימען דעסלערן. ער איז איצט סײַווי דער עלטסטער.

צום גרויס באַדויערן, וועלן מיר האָבן אן אומגעוויינטשענעם פאָרזיצער — קיטעלן אליין. ער האָט באַפוילן אויסשטאַטן אים א קאַבינעט אין געטאָ, אליין צוגעקליבן מעבל און געהייסן דרינגענד באַנײַען עס.

די היטלעריסטן טרעטן אָפּ. די רויטע ארמיי גרײַפט אָן בא סמאָלענסק. איצט איז שוין ניט לאַנג געבליבן צו ווארטן ביז דער פרײַהײַט!

מירען איז געלונגען ארויסצוגיין פון געטאָ, זי האָפט, אז גוטע מענטשן וועלן זי באַהאַלטן, אָדער העלפן קריגן פאַלשע דאָקומענטן. עפּשער וועט איר געלינגען אויך אונדז ראַטעווען.

ווידער...

קיטעל האָט געפאָדערט טויזנט מענער אויף ארויסצופירן קיין עסטלאנד. אליין האָט זיך אָנגעהויבן פונדאַסנײַ: סאָלדאַטן האָבן ארומגערינגלט די געטאָ, די געטאָ־פּאָליציאַנטן האָבן געכאַפּט מענער.

באטאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז פון געטאָ איז אַנטלאָפן דעסלער מיט זײַן פרוי און פאַרכאַפּט מיט זיך די גאַנצע געטאָ־קאַסע. ס'איז אַנטלאָפן אויך דער קאָמענדאַנט פון דער טויער־וואַך, לעווּאַס.

הייסט עס, ס'איז שוין גאָר שלעכט...

קיטעל מיט זײַן סוויטע שפּרײַזט אַרום איבערן געטאָ. די געסעלעך זײַנען פּוסט. מיר זיצן הינטער פאַרשלאָסענע טירן און פאַרהאַנגענע פענצטער, נאָר דורך אַ שפּעלטעלע דערוועגן מיר זיך נאָכצוקוקן די געסטאַפּאָ־לײַט.

קיטעל האָט געהייסן דערלאַנגען אים אין קאַבינעט אַ מיטיק. ער מיט זײַנע לײַט שיקערן, און די פּאָליציאַנטן כאַפּן מענער. אָבער איצט איז דאָס זיי נאָך שווערער: קיינער וויל זיי ניט פאָלגן.

פאַרנאַכט איז קיטעל אַרויס פון קאַבינעט. עטלעכע קאָמענדאַנטן פון די פּאָליציי־צירקלען האָבן אים האַכנאָעדיק געבעטן צו פאַרלענגערן די אַקציע נאָך אויף איין טאָג, ווײַל זיי האָבן בעשומויפן ניט באַוויזן אויפצוקלײַבן די נייטיקע צאָל. קיטעל האָט געענטפערט, אַז ער רופט ביכלאַל אָפּ די אַקציע. די געכאַפּטע מענער זאָל מען אָפּלאָזן אַהיים.

קיטעל האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו פאַרכאַסמענען דעסלערס דירע און איז אַוועק פון געטאָ. עס איז אַוועק אויך די וואַך, וואָס האָט געהאַט אַרומגערינגלט די געטאָ.

איבער אונדז האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שווערע, אומרויִקע נאַכט.

ס'איז שטיל. אין געטאָ — קיין איין היטלעריסט. מיסטאָמע ווײַל ס'איז זונטיק. דער טויער איז פאַרמאַכט און עפנט זיך ניט: קיינער גייט ניט אַרײַן, און קיינער גייט ניט אַרויס. ווען מע וואָלט כאָטש אַזוי לאָזן לעבן, זאָל זײַן אפילו אָן עסן! מיר וואָלטן, דוכט זיך, אויסגעהאַלטן. גאָר גיך וועט דאָך זײַן דאָ די רויטע אַרמיי!

קיטעל איז ווידער אין געטאָ. אַנשטאָט דעסלערן האָט ער אַלס פּאָליציי־שעף באַשטימט אָבערהאַרטן.

מע האָט געבראַכט צען לאַסט־אויטאָס מיט שינעלן און העלמשקעס. די ווײַבער זאָגן, אַז אויף דער באַן־סטאַנציע שטייען זיבן וואַגאָנען מיט זאַכן.

אויב זיי וואָלטן זיך קלייבן צו ליקווידירן די געטאָ, וואָלטן זיי דאָך גאָרנישט ניט געפֿירט אַהער.

דער לעצטער אָוונט פֿון סעפּטעמבער. אונדז האָט ווידער אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. ס'האָט נאָך גאָרנישט ניט פּאַסירט, אין געטאָ איז נאָך ניטאָ קיין איין היטלעריסט, אָבער די שרעק מאַטערט.

באַנאַכט איז אין די שניידערײַ־וואַרשטאַטן (ווו עס האָט געאַרבעט די באַנאַכטיקע וואַכטע) געקומען אָבערהאַרט און געהייסן גיך אויפֿוועקן אים אַ באַנד אָפּן אַרבל. ווען דער באַנד איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט ער אים אָנגעטאָן אויף דער האַנט און איז אַוועק. ער האָט גאָרנישט ניט גערעדט, גאָרנישט ניט דערקלערט. נאָר אויף אים איז קענטיק געווען, אַז עפּעס קומט פֿאָר.

גרויער באַגינען. אין געטאָ רודערט זיך: מענטשן מיט קינדער און פּעקלעך אײַלן צו די מאַלינעס. דאָס מאָל האָבן זיך אויסטערלעיעבן דער אַלגעמיינער פּאַניק אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן. און דאָס האָט נאָך פֿאַרגרעסערט די שרעק.

עס איז געקומען קיטעל מיט עטלעכע געסטאַפּאָ־לײַט. באַם טויער האָט זיי איבערגענומען אָבערהאַרט און באַגלייט זיי צום הויף פֿון יודענראַט. דערבײַ געהייסן עטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע זײַנען נאָך געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס, זיי זאָלן צונויפֿרופֿן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אַלע אײַנוווינער פֿון געטאָ פֿאַר אַ וויכטיקער מיטיילונג.

איך בין אויך געלאָפֿן אויף דער פֿאַרזאַמלונג.

די היטלעריסטן זײַנען אַרויף אויפֿן גאַנעק פֿון דעסלערס דירע, געהייסן ברענגען אַ הויכריידער. איינער האָט פֿאַרגעלייענט פֿאָלגנדיקן באַפֿעל פֿונעם געסטאַפּאָ־שעף: די ייִדן פֿון ווילנער געטאָ, וועלכע זײַנען אַהער אַרײַן מיט צוויי יאָר צוריק, ווערן עוואַקוירט אין צוויי אַרבעטס־לאַגערן. איינער פֿון זיי געפֿינט זיך אין עסטלאַנד, דער צווייטער — אין ליטע, לעבן שאַוול. די עוואַקואַציע מוז דורכגעפֿירט ווערן אין משך פֿון הײַנטיקן טאָג. מיט זיך מעג מען נעמען אַזויפֿיל זאַכן, וויפֿל מע וועט קאָנען אַליין דערטראָגן.

דער פֿאַרלייענער האָט פֿון זיך צוגעגעבן, אַז ער ראָט מיטנעמען אָן עמער, טעפּ און אַנדערעווירטשאַפֿט־זאַכן, ווײַל אויפֿן נײַעם אַרבעטס־אָרט וועט מען דאָס ניט געבן. אין פֿיר שעה אַרום דאַרפֿן מיר זײַן גרייט אין וועג.

דער היטלעריסט האָט נאָכאמאָל איבערגעלייענט דעם באַפעל. נאָכדעם האָט אים צוויי מאָל איבערגעכאַזערט אין ייִדיש אָבערהאַרט.
מע דאַרף גיין אַהיים, און צו עלף אַזייגער פאַרזאַמלען זיך אַף רודניצ־קי־גאַס.
איך ברענג דער מאַמען די אומעטיקע ידיעה. ריַיעלע גיט אַף אונדז אַ קוק מיט דערשראָקענע אויגן: „און טאָמער זאָגן זיי ניט דעם עמעס און וועלן יאָגן קיין פּאָנאַר?" וואָס קאָן איך איר ענטפערן, אַז איך אַליין קלער וועגן דעם?
די מאַמע הייסט די קינדער אויסליידיקן זייערע פּאָרטפעלן — זי וועט יעדערן אַריַינלייגן צוביסלעך וועש.
— און מיַינע ביכעלעך וועלן מיר ניט נעמען? — פרעגט אַ דערשראָ־קענער רוּוועלע. — דאַרטן וועט מען ניט לאָזן לייענען?
— אַז מיר וועלן זיַין פריַי, מיַין קינד, — וועסטו שוין לייענען, — טרייסט אים די מאַמע. אָבער איר שטים ציטערט אַזוי, אַז רוּוועלע קוקט אַף איר מיט שרעק.
די מאַמע פּאַקט די זאַכן. די קינדער זיצן אַפן בעטל און קוקן איר נאָך. זעענדיק, אַז זי וויינט, פּינטלען זיי אויך מיט זייערע גרויסע אייגעלעך.
איך פּרוּוו דערוויַיזן, אַז מע דאַרף ניט וויינען — עפּשער וועלן זיי בעעמעס פירן אין אַ לאַגער. אויב דאָרטן וועט אַפילע זיַין ערגער, וועלן מיר אַלציינס אויסהאַלטן — שוין ניט לאַנג געבליבן צו וואַרטן אַף דער באַפריַיונג. אָבער ניט איך אַליין גלייב אין דעם לאַגער, ניט מיַינע ווערטער טרייסטן זיי.
**איך שטיי באַם פענצטער.** אין הויף איז בלאָטיק. פרילינג וועט דאָ זיַין טרוקן. ניט נאָר דאָ — אומעטום. עפּלביימער וועלן בליִען. פון ווינט וועלן די בלעטעלעך זיך באַוועגן, ווי לעבעדיקע. אַ גוטער רייעך וועט שמעקן. דער הימל וועט זיַין העל־בלוי און זייער גרויס. ווי גוט עס איז אַף אים צו קוקן, אָדער אַריַינשפּיליען אין די האָר אַ בלימל! איצט, אויב איך וועל בליַיבן לעבן, וועל איך שוין קענען פרייען זיך!
די מאַמע זאָגט, אַז מע דאַרף שוין גיין.
אין די געסלעך איז פול מיט מענטשן. שטילע, דערשלאָגענע, שפּאַנען זיי אין איין ריכטונג — צו רודניצקי־גאַס. אייניקע שלעפּן גרויסע פּעק, אַנדערע טראָגן קימאַט גאָרנישט. צוליב וואָס נאָך שווערער מאַכן די לעצטע שאָען?

איך טראָג א טשעמאָדאַן, א פּעקל, אפן פּלייצע — דעם טאַטנס האַרבסט־מאַנטל, וועלכן דער לערער יאַנייטיס האָט דעמלט געבראַכט צום געטאָ־טויער. די מאַמע האָט אלץ ניט געקאָנט זיך אָנטשיידן צו פאַרקויפן אים.

אַף רודניצקי־גאַס איז שוואַרץ פון מענטשן. מיסטאָמע גייען אַלע. אויב א ליקווידאַציע, האָט ניט קיין זין צו בלייבן אין א מאַלינע. די היטלעריסטן וועלן געוויס אָפּטאָן דעם זעלבן שפּיצל, ווי נאָך דער ליקווידאַציע פון דער צווייטער געטאָ: דאַן האָבן זיי אין יענעם ראַיאָן אויסגעשלאָסן דאָס וואַסער, דאָס פייער און אוועקגעשטעלט א וואַך. ווער עס האָט געוואַגט אַרויסרוקן די נאָז — האָט מען געכאַפּט, די איבעריקע זיינען אַליין אומגעקומען פון שטיקעניש און דורשט.

מיר דערנענטערן זיך צום טויער. כ׳בין דאָ אַזויפיל אַרומגעגאַנגען די לעצטע יאָרן. צי וועל איך נאָך ווען־עס־איז קומען אַהער? צי וועל איך נאָך ווען־עס־איז זען די הייזער, פענצטער, דעם קלויסטער־טורעם, וואָס סטאַרטשעט פון יענער זייט טויער?

באַם טויער שטייען נאַיִגעבויער, קיטעל, וויַיס און נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט, זיי ציילן די אַרויסגייענדיקע. איינער הייבט אויף איבער אונדזערע קעפּ זיין שטעקעלע, דערלייגט צו דער אַלגעמיינער צאָל נאָך פיר, און מיר גייען אַרויס.

אַף דער גאַס, פון ביידע זייטן, שטייען אַף די טראָטואַרן סאָלדאַטן מיט הינט. דורך אַזאַ וואַך וועסטו זיך שוין ניט דורכרייסן.

מיר גייען דורך דער העטמאַן־גאַס, שניידן דורך די ברייטע גאַס און פאַרקערעווען אַף סובאָטש. אָט איז די פילהאַרמאָניע. דאָ איז אונדזער שול־כאָר אַרויסגעטראָטן אַף דער אָלימפּיאַדע.

כ׳האָב שוין אינגאַנצן קיין קויעך ניט צו שלעפּן די זאַכן. דעם טאַטנס מאַנטל גליטשט זיך אַלע וויַילע אַראָפּ פון פּלייצע. ניט מיר אַליין איז שווער — אין בלאָטע וואַלגערן זיך א סאַך אוועקגעוואָרפענע פּעק. צוליב זיי איז נאָך שווערער צו גיין. מע דאַרף זיי איבערשפּרייזן אָדער אַרומגיין. און קיין קויעך איז ניטאָ. די מאַמע הייסט וואַרפן דעם מאַנטל, אָבער איך קאָן ניט, ווי איך וואָלט דערמיט אוועקגעוואָרפן דעם פּאַפּאַ גופע.

דער מאַנטל גליטשט זיך פאָרט אַראָפּ. כ׳וויל אים אויפהייבן, נאָר עמעצער איז אַרופגעטראָטן אַפן אַרבל. איך פּרוּוו אַרויסציִען, נאָר מע שרייַט אַף מיר, אַז איצט איז ניטאָ וואָס צו טרייסלען זיך איבער א שמאַטע. די מאַמע בעט ניט אָפּשטיין, מיר זאָלן ניט פאַרלירן איינע די אַנדערע.

דער מאַנטל איז געבליבן ליגן, מע טרעט אױף אים אָן ראַכמאָנעס.

ניט װײַט פֿון ראַסער גאַס בלײַבן מיר שטײן. אַ שפּאַרעניש. די, װעלכע גײען פֿון פֿאָרנט, רירן זיך קױמאַט ניט.

װאָס איז דאָרט געשען? עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז מע זאָל שיסן דאָ אױפֿן אָרט, אין שטאָט גופֿע. עפּשער זעצט מען אַרײַן אין אױטאָס?

מיר דערװיסן זיך, אַז מע יאָגט אין עפּעס אַ טױער, װאָס הינטערן קלױסטער. די מענער לאָזט מען אױפֿן גאַס, אָדער מע טרײַבט זײ אַ ביסל פֿאָרױס. די פֿרױען און קינדער יאָגט מען אין הױף אַרײַן.

די פֿרױען װײנען, געזעגענען זיך מיט זײערע מענער און װינטשן זײ לאַנג לעבן (זײ װעט מען, מיסטאַמע, פֿירן צו דער אַרבעט). לעבן אונדז געזעגנט זיך אַ פֿאָרפֿאָלק זײער רויִק — זײ גיבן אײנער דעם צװײטן אַ דריק די האַנט און גײען זיך פֿאַנאַנדער, װי זײ װאָלטן זיך באַלד דאַרפֿן װידער טרעפֿן. אַ יונגע פֿרױ שפּאַרט זיך אױף צוריק. זי האַלט אין האַנט מענערישע קלײדער. מיסטאַמע װײל זי דאָ גופֿע, צװישן דעם אױלעם, זיך איבערטאָן און גײן צוזאַמען מיטן מאַן.

דער הױף איז אַ גרױסער, פֿול מיט סאָלדאַטן. אױפֿן נאַסן גראָז לײגט מען די געבראַכטע פֿון שפּיטאָל שװער קראַנקע. אַנדערע לײגט מען אױף דער ערד, אַנדערע לאָזט מען ליגן אױף די טראָגבעטלעך. צװישן די קראַנקע דרײען זיך אַרום, זוכנדיק װוּ זיך צוטוליען, דערפֿרױרענע יעסוימים פֿון קינדערהײם. מיט נאַקעטע אָפּגעראַזירטע קעפּעלעך, ציטערן זײ פֿון קעלט אין זײערע דינע בגאָדימלעך.

אונדז טרײַבט מען װײַטער אין טאָל. אַרום דעם טאָל שטײט אױך אַ געדיכטע קײט סאָלדאַטן. אַפֿילע אין שמאָלן געסעלע, װאָס ציט זיך װײַט הינטערן טאָל, שטײען לעבן יעדער שטוב און אױף די דעכער סאָלדאַטן מיט קוילנװאַרפֿערס...

הײסט עס, טאַקע דאָ, אין שטאָט גופֿע...

די פֿיס זינקען. מיר שלעפּן זײ קױם אַרױס. קריכנדיק איבער די בלאָ־טעס, דערנעענטערן מיר זיך צו די סאָלדאַטן. אײנער הײבט אױף דעם אױטאָמאַט... נײן, דאָס װײַזט ער נאָר, אַז מיר זאָלן גײן װײַטער. מיסטאַמע װעט ער שיסן אין רוקן, כ׳האָב מוירע אַ קוק צו טאָן. ער זאָל כאָטש טרעפֿן גלײַך אין האַרצן!..

כ׳האָב זיך פֿאָרט אומגעדרײט און אַ קוק געטאָן. די סאָלדאַטן שטײען װי געשטאַנען — גלײַכגילטיקע און בײזע.

אין טאָל יאָגט מען אַלץ מער מענטשן. מיר זײַנען שוין מיד צו שטיין, כ׳האָב אַראָפּגעלאָזן דעם טשעמאָדאַן אין בלאָטע. די מאַמע האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. מיר האָבן זיך מיט איר אוועקגעזעצט אפן טשעמאָדאַן. די קינדער גענומען אפן שויס.

פון געטאָ ציט זיך אָן אומענדלעכער שטראָם מענטשן. אַ נודנער רעגן הערט ניט אוף צו שפּריצן קיין איין מינוט. מיר זײַנען שוין אינגאַנצן דורכגעווייקט. עס רינט פון די האָר, פון נאָז, פון די אַרבל. די מאַמע הייסט די קינדער, זיי זאָלן העכער אופהייבן די פיס, קעדיי ניט אײַנעצן זיי. לעבן אונדז „בויט" אַן אַנדער מאַמע פאַר אירע קינדער אַ „דאַך": אַרײַנגערוקט אין דער ערד עטלעכע פלעקלעך און פאַרדעקט זיי מיט אַ מאַנטל. ווי מאָדנע ס׳איז אין אַזאַ מאָמענט מוירע צו האָבן פאַר אַ קאַטער...

די מאַמע וויינט. איך בעט בא איר, זי זאָל כאָטש צוליב די קינדער זיך באַרויִקן. אָבער זי קאָן ניט. ווי נאָר זי גיט אַ קוק אף אונדז, הייבט זי אָן נאָך ביטערער צו וויינען.

און מענטשן גייען און גייען... אין געטאָ האָט מען גאָר אַזויפיל מענטשן ניט געזען. באַלד וועט ווערן פינצטער. ביז עס זעט זיך נאָך, דאַרף מען קוקן אף די ביימער, אף די פויגל־נעסטן, אף די צווײַגן, ווײַטע הײַזער, אף יעדן פענצטער. מער וועל איך דאָך דאָס קיינמאָל ניט זען. אַלץ לעבט — יעדעס בלעטעלע, יעדער טראָפּן רעגן, אַפילע אַ קליין פליגעלע. דאָס פליגעלע וועט מאָרגן אויך לעבן, און מיר וועלן שוין ניט זײַן... ניין, ניין! איך וועל ניט גיין קיין פּאָנאַר! כ׳וועל בלײַבן דאָ! כ׳וועל זיך אַרײַנגראָבן אין דער ערד, און אינערגעץ ניט גיין, איך וויל ניט שטאַרבן! נאָר די, וועלכע מע האָט פריִער דערשאָסן, האָבן דאָך אויך ניט געוואָלט...

שוין פינצטער. עס רעגנט נאָך אַלץ. די סאָלדאַטן באַלײַכטן אונדז פון צײַט צו צײַט מיט ראַקעטעס. זיי היטן, אַז מיר זאָלן ניט אַנטלויפן. ווי אַנטלויפט מען, אַז די וואַך איז דאָ אַזאַ שטאַרקע?

רוּוועלע גייט זיך אַ צאַפּל אין שלאָף. ער האָט אײַנגעדרעמלט, אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אין מײַן פּלייצע. זײַן וואַרעמער אָטעם קיצלט מיר דעם האַלדז. זײַן לעצטער שלאָף. און איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן, אַז אָט דאָס וואַרעמע, אָטעמענדיקע קערפּערל זאָל מאָרגן ניט ליגן אין אַן ענגער גרוב, אַ גליטשיקער פון בלוט. אף אים וועלן פאַלן אַנדערע. עפשער איך אַליין...

מע האָט ווידער אויסגעשאָסן א ראקעטע. זי האָט אופגעוועקט רוועלען. ער האָט צעעפנט ברייט די אייגעלעך, מיט שרעק זיך אומגעקוקט, טיף, גאָר ניט קינדעריש, א זיפץ געטאָן.

רייַעלע שלאָפט ניט. זי האָט שוין אינגאנצן פארמאטערט די מאמע מיט אירע פראגן: צי וועט מען יאָגן קיין פאָנאר? און ווי — צופוס אָדער מע וועט פירן אף אווטאָס? עפשער וועט מען פאָרט פירן אין א לאגער? ווו וואָלט די מאמע בעסער וועלן — אין שאוול צי אין עסטלאנד? און ווען מע דערשיסט, טוט וויי? די מאמע ענטפערט עפעס דורך טרערן. רייַעלע גלעט זי, באַרויִקט און, נאָך א ווייַלע באטראכטן זיך, פרעגט זי ווידער עפעס.

נאָך איין ראקעטע באַלייַכט דעם טאָל, די ארומיקע געסעלעך, די פארגליווערטע סאָלדאטן.

די מאמע וויינט נאָך אלץ: „אזעלכע דרייַ קינדער אָפּגעבן, אזעלכע קינדער!”

די נאכט ציט זיך זייער לאנגזאם...

די פינצטערניש הייבט צוביסלעך אָן פאנאנדערגיין זיך. מיסטאמע וועט מען שוין באַלד פירן.

ס'איז שוין קימאט ליכטיק. עמעצער האָט א פרעג געטאָן בא א סאָלדאט, פארוואָס האלט מען אונדז נאָך דאָ. צו אלעמענס כידעש האָט ער געענטפערט, אז נעכטן האָט מען ניט באוויזן „אויסצורייניקן” די גאנצע געטאָ, דעריבער וועט מען פריִער אלעמען ברענגען אהער.

לעבן אונדז, אף א צווייַג, האָט זיך אוועקגעזעצט א שפערל. א דרייַ געטאָן מיטן קעפּעלע, זיך ארומגעקוקט און אוועקגעפליגן. אריבערגעפליגן אף יענער זייַט, הינטער דער וואך. א פייגעלע מעג.

פון געטאָ האָט מען געבראכט צו טרייַבן נייַע מענטשן. צווישן זיי אויך די פאמיליעס פון די פּאָליציאנטן. די פּאָליציאנטן גופע האָט מען פארהאלטן אפן גאס, לעבן טויער, ווי אלע איבעריקע מענער. זיי האָבן אויך ניט אויסגעמיטן דעם אלגעמיינעם גורל.

צו אונדז האָט זיך צוגעזעצט איינע א פרוי פון די נייַ אָנגעקומענע. זי האָט געזען, ווי אויבן, אפן הויף, האָט מען אָקאָרשט אופגעהאנגען צוויי מענער און איין מיידל — געטאָ-פארטיזאנער. מע האָט זיי פארהאלטן אין שטאָט. ניט וועלנדיק זיך אונטערגעבן, האָבן זיי געעפנט א פייַער. איין היטלעריסט אָפּגעלייגט, עטלעכע פארוואונדעט. אָבער פאשיסטן איז געווען מער. זיי האָבן אנטוואָפנט די פארטיזאנער און געבונדענע געבראכט אהער.

אז אַלע זאָלן זען, ווי מע וועט זיי הענגען. מע זאָגט, אַז דער דערהאַרגעטער היטלעריסט איז גראָס — דער אויספֿאָרשער פֿאַר פּאַרטיזאַנער־איניאַנים.

אַלע דריי פּאַרטיזאַנער זײַנען אומגעקומען זייער העלדיש, מיט הויך אויפֿגעהויבענע קעפּ, מיט אַ שמייכל אויף די פּנימער. אַפֿילו דאָס מיידל, נאָך גאָר אַ קינד, האָט מיט פֿאַראַכטונג אַ קוק געטאָן דעם הענקער אין די אויגן און אַ שפּײַ געטאָן אים אין פּנים. זי האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום טאָל — זאָלן אַלע זען, אַז זי שמייכלט!...

די, וועלכע זײַנען געזעסן נעענטער, האָבן דערקענט די פּאַרטיזאַנער. דאָס זײַנען געווען אַסיא ביג, י. קאַפּלאַן און א. כוואַיניק.

די סאָלדאַטן הייסן אונדז זיך אויפֿשטעלן און גיין אַרויף, צוריק אין הויף. די זאַכן זײַנען נאַס, בלאָטיק. און אויף וואָס דאַרפֿן מיר זיי? דעם טשעמאָדאַן האָב איך גענומען, נאָר דער פּאַק איז געבליבן שטעקן אין בלאָטע.

אין הויף איז אַ שטופּעניש. קוים וואָס מיר רירן זיך. וואָס נעענטער צום טויער, אַלץ גרעסער די שטופּעניש. צי דען לאָזט מען ניט אַרויס? פֿון טאָל גייען אַלץ נײַע און נײַע מענטשן. ווי קאָן מען אײַנהאַלטן אַזאַ מענגע? מע האָט אונדז שוין אײַנגעזאַנצן צעקוועטשט.

וואָס טוט זיך דאָרטן בײַם טויער? מע האַרגעט? מע בינדט? אָדער מע זעצט לאַנגזאַם אין די אויטאָס?

דער טויער איז גאָר פֿאַרמאַכט. מע לאָזט אַרויס דורך אַ קליין טירעלע. מיר דערנעענטערן זיך. אַרויסגיין הייסט מען איינציקווײַז. די מאַמע האָט מוירע, אַז מיר זאָלן ניט פֿאַרלירן איינע די אַנדערע. זי הייסט מיר גיין די ערשטע. הינטער מיר וועט גיין רוועלע, נאָך אים רייעלע, און די לעצטע — זי אַליין. אַזוי וועט זי אונדז אַלעמען זען.

איך גיי אַרויס. אַ סאָלדאַט גיט מיך אַ שלעפּ פֿאַרן מאַנטל און שטופּט אָפּ אין אַ זײַט. קיין אויטאָס זעען זיך ניט. איך דריי זיך אום, קעדיי צו זאָגן וועגן דעם דער מאַמען, אָבער זי איז ניטאָ. אין דער גאַנצער ברייט פֿון גאַס שטייט אַ קייט פֿון סאָלדאַטן. הינטער דער קייט — נאָך איינע, פֿון יענער זײַט — אַ גרויסע מענגע. די מאַמע איז אויך דאָרטן. איך לויף צו צום סאָלדאַט און בעט, ער זאָל מיך דורכלאָזן אַהין. כ'דערקלער, אַז אַלפּי טאָעס האָט מען מיך צעשיידט מיט מײַן מאַמען. אָט שטייט זי. דאָרטן איז מײַן מישפּאָכע, איך דאַרף זײַן מיט איר.

איך טײַנע, בעט זיך, אָבער דער סאָלדאַט הערט מיך אַפֿילו ניט. ער קוקט אויף די פֿרויען, וועלכע גייען אַרויס דורכן טירל. פֿון צײַט צו צײַט

שטופּט ער אַמאָל איינע, אַמאָל א צווייטע אין אונדזער זייַט. די איבעריקע, יאָגט מען אהין, צו יענער מענגע, ווו די מאמע איז.

און דאָ האָב איך דערהערט דער מאמעס שטים. זי שרייַט, אז איך זאָל ניט גיין צו איר! און דעם סאָלדאט בעט זי, ער זאָל מיך אהין ניט לאָזן, ווייַל איך בין נאָך יונג און קען גוט ארבעטן...

„מאמע" — שרייַ איך מיט אלע קויכעס — „קום דו צו מיר!" אָבער זי שאָקלט מיטן קאָפּ און מיט א מאָדנע הייזעריקער שטים שרייַט זי: „לעב, מייַן קינד! כאָטש דו איינע לעב! נעם געקאָמע פאר די קינדער!" זי בייגט זיך אייַן צו זיי, זאָגט עפּעס און שוער, אייַנציקווייַז הייבט זי זיי אוף, איך זאָל זיי זען. רוועלע קוקט אזוי מאָדנע... ער מאכט מיט א הענטל...

מע האָט זיי אָפּגעשטופּט. מער זע איך זיי ניט.

כ'קריך ארוף אף א שטיין און קוק אהין, אָבער די מאמע איז ניטאָ.

ווו איז די מאמע? פאר די אויגן שווימען שווארצע רעדער. מיסטאמע פון אָנשטרענגונג. אין די אויערן קלינגט, רוישט... פונוואנען איז אפן גאס א טייַך?.. דאָס איז ניט קיין טייַך — בלוט... א סאך בלוט, עס שוימט... רוועלע מאכט מיט א הענטל, בעט זיך צו מיר. נאָר איך קאָן בעשומויפן ניט דערלאַנגען צו אים מיט מייַן האנט... איך שאָקל זיך עפּעס. מיסטאמע זינקט דאָס אינדזעלע, אף וועלכן איך שטיי, עס ווערט דערטרונקען. איך טרינק זיך...

פארוואָס ליג איך? ווו איז אהינגעקומען דאָס וואסער?

ניטאָ דאָ קיין שום וואסער. איך ליג אפן טראָטואר, איבער מיר האָבן זיך אָנגעבויגן עטלעכע פרויען, איינע האלט מייַן קאָפּ, די צווייטע ציילט דעם פּולס.

ווו איז די מאמע? כ'מוז זען די מאמע! די פרויען לאָזן מיך ניט אופשטיין — כ'האָב געהאט געכאלעשט. איך פלעג דאָך קיינמאָל ניט כאלעשן.

עס זייַנען געקומען קיטעל, ווייַס מיט נאָך עטלעכע געסטאפּאָ־אָפיצערן. די פרויען האָבן מיך גיך אופגעהויבן. די היטלעריסטן האָבן אונדז ארומגעקוקט און געהייסן זיך אויסשטעלן צו צען אין ריי.

זיי ציילן עטלעכע מאָל. מיסטאמע שטימט אלץ ניט דער כעזשבן. קיטעל שרייַט צו די סאָלדאטן, וואָס שטייען באם טויער, זיי זאָלן צוגעבן אהער נאָך זיבן מענטשן און — געענדיקט. אלע איבעריקע זאָלן זיי שיקן אף לינקס.

מיר זייַנען 1700. מע הייסט אונדז גיין. איך קוק אהין, ווו עס זייַנען געבליבן די מאמע מיט רייַעלען און רוועלען... דורכן טירל גייט מען נאָך אלץ...

מע פירט אונדז דורך ראסער גאס. דאָרט פאַרטרײַבט מען אונדז אין א גרויסן הויף, וואָס געפינט זיך מיסטאמע ניט ווײַט פון דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, דאָס איז צו זען דערפון, וואָס דאָ זייגען פאַראַן פראכט־וואַגאָנען.

מע צעשטעלט אונדז צו אכציק מענטשן בײַ א וואַגאָן. מיר מוזן שטיין אומבאַוועגלעך, פאַר יעדן ריר — שיסן.

לעבן די וואַגאָנען דרייען זיך ארום אײַזנבאַנער. אייניקע קאָנטראָלירן, קלאַפּן אויס די רעדער, אנדערע טוען גאָרנישט, זיי גלאָצן נאָר אויף אונדז די אויגן. עטלעכע פון אונדזערע מיידלעך, מער דרייסטע, פרעגן שטילערהייט, צי ווייסן יענע ניט, וווּהין מע פירט אונדז? אלס ענטפער קוועטשן די אײַזנבאַנער מיט די אקסלען, אָדער קוקן זיך אום מיט שרעק, צי האָט עמעצער ניט באַמערקט, ווי זיי שמועסן מיט אונדז. אייניקע פּרוּוון זיך באַרויִקן אונדז. בלויז איין יונגער שנעק רייצט זיך, אז מע וועט אונדז פירן קיין פּאָנאַר. ער אליין וועט קלוימערשט פירן דעם עשעלאָן.

מע צעעפנט די וואַגאָנען און מע הייסט ארײַנקריכן. די פּלאַטפאָרמעס זײַנען זייער הויכע, קלעטערן מיר קוים מיט צאָרעס ארויף, דערלאַנגענדיק איינע דער אנדערער א האַנט. די סאָלדאַטן טרײַבן, שלאָגן, הייסן גיכער ארײַנקריכן. אין וואַגאָן איז שוין פול געפּאַקט, און מע יאָגט אהער נאָך נײַע מענטשן. דאַן נעמען די סאָלדאַטן אליין „מאַכן אָרדענונג“. זיי זעצן מיט די ביקסן־קאָלבעס איבער אונדזערע קעפּ, בריקען מיט די פיס, מיר זאָלן זיך צוזאַמענשפּאַרן.

עס איז צוגעגאַנגען אן אָפּיצער, איבערגעציילט די מענטשן אין וואַגאָן, פאַרוקט די טיר און פארשפּאַרט מיט א ריגל.

ס׳איז פינצטער. סאַמע אונטערן דאַך זײַנען פאַראַן עטלעכע פאַרגראַטעטע פענצטערלעך. א פרוי אין ווינקל גיט א זיפץ. אפילע פערד פירט מען ניט אין אזא ענגשאַפט. ווידער שטיל... די היטלעריסטן לויפן ארום לענגויס דעם עשעלאָן, שרײַען, באַפעלן עפּעס. מאַנאַטאָן קלאַפּט אין דאַך א רעגנדל...

ווו איז איצט די מאַמע? וואָס וועט מען מיט זיי אלעמען טאָן? עפּשער וועט מען נאָכאַמאָל סאָרטירן? דער יונגער אײַזנבאַנער, וואָס האָט זיך מיט אונדז געררייצט, האָט דאָך געזאָגט, אז אונדז פירט מען אויך קיין פּאָנאַר. איז צוליב וואָס האָט מען אונדז צעשיידט? מיסטאמע פעלן וואַגאָנען אָף צו פירן אלעמען, האָבן זיי באַשלאָסן „מאַכן א שפּאַס“. און מאָרגן, שיקערנדיק, וועלן זיי זיך פרייען, ווי קלוג זיי האָבן אונדז אָפּגענאַרט, אָפּגעקליבן די געזונטסטע, די יונגע, און מיר די נאַראָנים, האָבן געמיינט, אז מע פירט

אונדז טאקע אף ארבעט... איך וויין. מיט וואָס האָב איך געזינדיקט? מיט וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט מײַן מאמע, די איבעריקע מענטשן? צי דען וועט מען זיי דערמאָרדן נאָר דערפאר, וואָס זיי זײַנען ייִדן? פונוואנען נעמט זיך די ווילדע סינע צו אונדז? פארוואָס?

דער וואגאָן האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט. מיר פאָרן... און די מאמע? ווו איז די מאמע? פארוואָס האָט מען אונדז צעשיידט? שטארבן וואָלט דאָך אויך ניט געווען אזוי שרעקלעך לעבן איר...

מיר דערווײַטערן זיך פון ווילנע...

די פרויען האָבן גענומען ריידן, אז דער צוג הייבט אָן גיין לאנגזאממער. פאָנאר!!!

די, וועלכע זײַנען געזעסן נעענטער צום פענצטערל, האָבן אונטערגעהייבן א מיידל און זי האָט, קוקנדיק אין פענצטערל, באשטעטיקט, אז מיר זײַנען לעבן א וואלד. די סאָלדאטן, וועלכע באגלייטן אונדז, לאָזן ארויס ראקעטעס און באלײַכטן דעם וואלד. עס זעט זיך א צוים פון שטעכלדראָט. אינדער־ווײַטן, צווישן די ביימער, זעט זיך עפּעס געלס, איז עס ניט אמאָל דאָס זאמד ארום די גריבער? דער צוג רירט זיך קוים. באלד וועט ער זיך אָפּשטעלן... געקומען דער טאָג פון מײַן טויט... דער 24 סעפּטעמבער 1943. ניין! כ׳וועל ניט גיין! זאָלן זיי דערשיסן דאָ אפן אָרט, אָבער אהין וועל איך ניט גיין!

דער צוג האָט ווידער זיך א ריס געטאָן פון אָרט... ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט?.. ניין, מיר פאָרן נאָך, אפילע גיכער! אוועק פון פאָנאר?!

מיר פאָרן טאקע... די רעדער קלאַפּן, פירן אוועק אלץ ווײַטער פון וויל־נע, פון דער מאמען. ווו איז זי איצט?

נאכט. א לאנגע שווארצע נאכט. ווען כ׳וואָלט כאָטש אף איין ווײַלינקע קאָנען אויסציִען די פארגליווערטע פיס...

אין די פענצטערלעך נעמט ווערן ליכטיקער. עס טאָגט. דער צוג שטעלט זיך אָפּ. עפשער וואָלט מען קאָנען בעטן א ביסל וואסער. ס׳ווילט זיך זייער טרינקען.

מיר פאָרן ווײַטער. ס׳איז מיר הייס, דושנע, איך פיל זיך זייער שלעכט. ווען די רעדער וואָלטן אזוי ניט געקלאפּט, וואָלט עפשער עמעצער פון דער וואך דערהערט אונדזער קאָל און געבראכט א ביסל וואסער. עפשער וואָלט

מען כאַטש אַף א ווײַלע געעפנט די טיר, אַרײַנגעלאָזן א ביסל פרישע לופט. מיר ווערן דאָך דערשטיקט.

דער צוג שטעלט זיך ווידער אָפּ. מיסטאמע זײַנען מיר געקומען צו א גרויסער שטאָט. עס הערט זיך, אז אַף דער סטאַנציע איז פול מיט מענטשן.

מענטשן גייען פאַרבײַ אונדזער עשעלאָן. מיר פּויקן מיט די פויסטן אין די ווענט, בעטן, מע זאָל עפענען. קיינער ענטפערט ניט. עטלעכע פרויען, וועלכע מע האָט אונטערגעהויבן צום פענצטערל, בעטן בא יעדן פאַרבײַגייענ־דיקן א ביסעלע וואַסער. אָבער יענע קוועטשן מיט די אַקסל און ווײַזן, אז די סאָלדאַטן לאָזן ניט צוגיין.

ענדלעך גייט עמעצער צו צו דער טיר און רוקט זי אָפּ. לופט!

עס באַווײַזט זיך א סאָלדאַט: ער גיט א געשריי, אז מיר זאָלן ניט טומ־לען; אויב ער וועט דערהערן כאָטש איין קלאַנג — וועט ער אַלעמען דער־שיסן!

ס'איז שוין, מיסטאמע, פאַרנאַכט, און דער צוג שטייט נאָך אַלץ. דאָס איינציקע, וואָס מיר דערוויסן זיך, — מיר זײַנען אין שאַוול. עפּשער איז דאָ טאַקע פאַראַן א לאַגער?

איינע א פרוי לייגט פאָר אַרויסוואַרפן דורכן פענצטערל א צעטעלע. א צווייטע גיט א שטיקל פּאַפּיר, איך — א בלײַער. אַף פיר שפּראַכן פאַרשרײַבן מיר ווער מיר זײַנען, פון וואַנען און ווען האָט מען אונדז אַרויסגעפירט. עפּ־שער וועט עמעצער זיך עפּעס דערוויסן.

עס נעמט שוין פינצטער ווערן, און דער צוג רירט זיך נאָך ניט. די פיס טוען שרעקלעך וויי. עס דוכט זיך, זיי וועלן זיך איבערברעכן אין די קני.

באַגינען האָט דער צוג א ריר געטאָן פון אָרט, נאָר אין א ווײַלע אַרום זיך ווידער אָפּגעשטעלט. אַזוי דעם גאַנצן טאָג, — מיר זײַנען מער געשטאַנען ווי געפאָרן.

פאַרנאַכט האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט לעבן א וואַלד, אָבער באַלד ווידער גענומען פאָרן. באַנאַכט האָט דער צוג געיאָגט משוגע גיך.

ווידער זיך אָפּגעשטעלט. פון אָנהייב האָבן מיר אַף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. נאָר פלוצעם האָבן זיך אַלע א צאַפּל געטאָן: מע רעדט אַף דײַטש, הינט בילן.

עמעצער האָט אָפּגערוקט די טיר און אין די אויגן האָט אונדז א זעץ געטאָן א שײַן פון קעשענע־לעמפּעלעך. מע האָט אונדז געהייסן אַרויסגיין.

די ערשטע האָבן נאָך ניט באַוויזן אַרויסצושפּרינגען, ווי אין וואַגאָן זײַנען אַרײַן סאָלדאַטן און גענומען אונדז שלאָגן, יאָגן, שטופּן. און די פּיס זײַנען נאָך אַזאַ לאַנגן זיצן צונויפגעדרייט געווען ווי בלײַענע, זיי פאָלגן ניט.

מיך האָט מען אויך אַרויסגעשטופּט. צום מזל, בין איך געפאַלן אויף די הענט. אין רוקן האָט מיט ווייטיק אַ זעץ געטאָן דער טשעמאָדאַן, וועלכן מע האָט אַרויסגעוואָרפן גלײַך נאָך מיר. כ'האָב זיך קוים אויפגעשטעלט.

בײַ יעדן וואַגאָן — דאָס זעלבע בילד.

מע האָט אונדז אויסגעשטעלט. דאָ גופא, אין וואַלד. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ לאַנגן פּײַף געטאָן, אַ שלעפּ געגעבן די וואַגאָנען און אַוועק. מיסטאָמע צוריק קיין ווילנע. און אונדז איבערגעלאָזט דאָ, אין פרעמדן וואַלד...

מע האָט אונדז געטריבן דורך אַ וועג. דער וועג איז באַלויכטן. די לאָמפּן זײַנען ניט פאַרמאַסקירט. פונדערווײַטן זעען זיך נאָך פײַערלעך, אויך ניט פאַרמאַסקירטע. זיי באַלײַכטן אַ צוים פון אַ שטעכלדראָט. אַ וואַכמאַן עפנט דעם טויער.

אַ לאַגער! באַראַקן. לאַנגע, הילצערנע, אײַנשטאָקיקע. די פענצטער — שוואַך באַלויכטן. עס דרייען זיך אַרום מענטשן. אַלע זײַנען מאָדנע אָנגעטאָן — אין געשטרײַפטע פּיזשאַמעס. לעבן איין באַראַק קומט פאָר עפּעס אומפאַרשטענדלעכס: געשטרײַפטע שפּרינגען דורך די פענצטער. זיי שפּרינגען אַרויס און לויפן צוריק אין באַראַק, באַווײַזן זיך ווידער אין פענצטער און שפּרינגען ווײַטער. היטלעריסטן שלאָגן זיי, אײַלן. מענטשן פאַלן, אָבער נײַע קלעפּ הייבן זיי אויף, און זיי לויפן ווײַטער, שפּרינגען ווידער. וואָס איז דאָס? משוגעים, איבער וועלכע די פאַשיסטן מאַכן כויזעק?

מע האָט אונדז געהייסן אַוועקלייגן אונדזערע פּעקלעך אויף אַ פּלאַץ לעבן באַראַק. אין די באַראַקן לאָזט מען מיט זאַכן ניט אַרײַן.

דעם פּלאַץ היטן צוויי סאָלדאַטן. דאָ גופא דרייען זיך ניט דרייסט אַרום עטלעכע מענער, אָנגעטאָן אין געשטרײַפטע פּיזשאַמעס. זיי הייבן אָן שטיל צו ריידן מיט אונדז, פרעגן, פונוואַנען זײַנען מיר. מיר ווילן וויסן, וווּהין מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן. באַלד דערוויסן מיר זיך, אַז מיר געפינען זיך ניט ווײַט פון ריגע, אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער „קייזערוואַלד". אָבער דאָ וועט מען אונדז, מיסטאָמע, ניט לאָזן, מע וועט אונדז שיקן ווײַטער. די מענטשן אין די געשטרײַפטע פּיזשאַמעס זײַנען העפטלינגען פון „קייזערוואַלד". אויב מיר האָבן פּאַפּיראָסן אָדער ברויט — בעסער זיך טיילן מיט זיי, ווײַל די היטלעריסטן וועלן דאָס בײַ אונדז סײַווי צונעמען. די, וועלכע שפּרינגען דורך

די פּענצטער, זיינען ניט קיין מעשוגאָים, זיי זיינען נאָרמאַלע מענטשן, וועלכע מע האָט באַשטראָפט, מאַמעש פאַר גאָרניט. דאָ שטראָפט מען פאַר קלייניקייטן. און נאָך וואָס פאַר א שטראָפן! אַנגעטאָן זיינען זיי ניט אין פּיזשאַמעס, נאָר אין געשטרייפטע אַרעסטאַנטן־קליידער. אַנטלויפן פונדאַנען איז ניטאָ קיין שום האָפענונג, ווייל דאָס שטעכלדראָט איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטרישן שטראָם פון הויכער שפּאַנונג. עסן גיט מען זייער ווייניק — 250 גראַם ברויט און דריי פּערטל ליטער אַזויגערופענעם סופּ. אָפט, אַלס שטראָף, לאָזט מען אַף עטלעכע מעסלעס אינגאַנצן אָן עסן. זיי הונגערן. אויב מיר קאָנען זיי גאָרנישט ניט געבן, וועלן זיי לויפן צוריק, ווייל פאַר ריידן מיט א פרוי באַשטראָפט מען מיט פינף און צוואַנציק שמייץ.

שרעקלעך!

אפגיך שלעפּ איך אַרויס פון טשעמאָדאַן מיינע פּאַפּירלעך, רוק זיי אַריין אין בוזעם. אָבער פאַרשטעקן אַלע פּאַפּירלעך באַוויייז איך ניט — דער וואַכמאַן יאָגט אַוועק.

צו אונדז גייט צו א דייטשקע, אָנגעטאָן אין אַן עסעס־אוניפאָרם און שטעלט אונדז אויס. זיינען צווישן די עסעסאָווצעס פאַראַן אויך פרויען? געוויס. דאָס איז צו זען כאָטש דערפון, וואָס זי שרייט אַף אונדז און שמייסט מיט א נאַהייקע. איבערגעציילט, גיט זי א קאָמאַנדע, מיר זאָלן לויפן אין באַראַק, דערביי קאַטעוועט זי אונדז אָן ראַכמאָנעס, מיר זאָלן זיך אונטערייַלן. באַם טיר איז א שפּאַרעניש. יעדע אייַלט זיך אַריינלויפן אין באַראַק, קעדיי אויסצומיידן די נאַהייקע. א צווייטע עסעסאָווקע שטייט בא דער טיר און קאָנטראָלירט, צי מיר האָבן אַלץ אַוועקגעלייגט אַפן פּלאַץ לעבן באַראַק. אויב זי באַמערקט אין האַנט כאָטש א קליין פּעקעלע אָדער אַפילע א רידיקול, יאָגט זי צוריק אַרויס, מע זאָל אַוועקלייגן לעבן באַראַק, דערביי, שלאָגט זי.

דער באַראַק איז אינגאַנצן פּוסט — א באַלקן, ווענט און א דיל. אַפן דיל ליגן שטרוי־זעק, און אין ווינקל שטייט א בעזעם. דאָס איז אַלץ.

די אויפזעערן שרייט, מיר זאָלן זיך לייגן. ווער עס באַווייזט ניט דעם זעלבן מאָמענט פאַלן — דעם לייגט אַוועק דער שטעקן פון בעזעם. זי קלאַפּט מיט אים איבער די קעפּ, פּלייצעס, הענט — ווו נאָר זי טרעפט. ווען מיר ליגן שוין אַלע, הייסט זי זיך ניט רירן פון אָרט. בא דער קלענסטער באַוועגונג וועלן די וואַכלייט, וואָס שטייען הינטער די פּענצטער, שיסן. אַרויסגיין פון באַראַק טאָר מען ניט. ריידן צווישן זיך איז פאַרבאָטן.

אוועקגעשטעלט דעם בעזעם אפן אָרט, איז די אופזעערן ארויס. די פרויען רופן זי עלזא. איך ווייס ניט, צי האָבן זיי געהערט, אז עמעצער רופט זי אזוי, צי זיי האָבן אליין געגעבן איר אזא נאָמען.

אלזאָ, איך בין אין א קאָנצענטראציע־לאגער. ארעסטאנטישע קליידער, שפרינגערייַ דורכן פענצטער און ענלעכע שרעקלעכע זאכן. עלזא מיטן בעזעם, הונגער. סארא שוידער! און איך בין אליין... וואָלט כאָטש די מאמע דאָ געווען... ווו איז איצט די מאמע? עפשער שטייען זיי גראָד אין דער מינוט אין וואלד בא די גריבער. און דער זעלבער ווינט, וואָס וואָיעט דאָ הינטער די פענצטער, ברעכט אין וואלד צווייַגן און שרעקט די קינדער? ווי גרויזאם דאָס איז!..

הינטער די פענצטער גייט עמעצער ארום. מיסטאמע די וואכלייַט. עפשער קוקן זיי אף אונדז. ווען דער סעניק וואָלט אזוי ניט שטעכן, וואָלט איך זיך איינגעטוליעט אין אים, אז דאָס ליכט זאָל ניט שנייַדן אזוי די אויגן. פאר־וואָס קאָן איך ניט אייַנשלאָפן? כ'האָב דאָך שוין אזויפיל נעכט ניט געשלאָפן. עפשער וואָלט זיך כאָלעמען די מאמע...

ס'האָט אונדז פארטויבט א פייַף. איך קוק — אין טיר שטייט ווידער די מארשאס עלזא. זי שרייַט: “Appel!”, אָבער מיר פארשטייען ניט, וואָס זי וויל און זיצן. עלזא כאפט ווידער דעם בעזעם. מיר לויפן פון באראק.

אפן הויף איז פינצטער, קאלט. פון אנדערע באראקן לויפן אויך מענטשן. זיי שטעלן זיך אין רייען. מיט קלעפ און געשריי שטעלט אונדז עלזא אויך אויס. איר העלפט נאָך איין עסעס־מאן. פלוצעם ציט ער זיך אויס פאר אן אָנגעזעענעם אָפיצער. ער גיט אָפּ א ראפּאָרט, וויפל פון אונדז עס שטייען דאָ, און באגלייט דעם אָפיצער, וועלכער נעמט זיך ציילן אונדז.

דער אָפיצער גייט אוועק צו אנדערע באראקן.

מיר קוקן זיך ארום, זוכן אונדזערע זאכן, אָבער זיי זעען זיך אינערגעץ ניט. מיר דערקענען אפילע ניט דאָס אָרט, ווו מיר האָבן זיי באנאכט געלאָזט. אומעטום איז ריין אויסגעקערט, איבערגעשאָטן מיט געלן זאמד.

מע האָט אונדז אריינגעיאָגט צוריק אין באראק און געהייסן זיך זעצן אף די סעניקעס, ניט ריידן און זיך ניט באוועגן.

מיר זיצן.

פלוצעם האָב איך אָנגעטאפּט אין קעשענע דעם פּאפּאס א פאָטאָגראפיע (וויאזוי קומט זי אהער, ווייס איך אליין ניט). כ'האָב א קוק געטאָן אפן פּאפּא און עס האָבן זיך א גאָס געטאָן טרערן פון מייַנע אויגן: ער איז

ניטאָ, די מאמע איז ניטאָ, און איך מוז זיך מאטערן אין אָט דעם שרעקלעכן לאגער. כ'וועל זיך צו אזא לעבן קיינמאָל ניט צוגעוווינען.

א פרוי, וואָס זיצט לעבן מיר, פרעגט, וואָס וויין איך. כ'ווייז איר די פאָטאָגראפיע. אָבער זי גיט נאָר א זיפץ: „טרערן וועלן גיט העלפן..."

אין טיר זיינען ווידער אויסגעוואקסן עסעס־לייט. געהייסן זיך אויס־שטעלן. געמאָלדן, אז מיר מוזן אָפּגעבן דאָס געלט, די זייגערס, די רונגען, קוריץ — אלץ, וואָס מיר האָבן נאָך בא זיך. פאר א פרווו אויסצובאהאלטן, באגראָבן אָדער אפילע ארויסווארפן — טויט־שטראָף.

איין אָפיצער מיט א קעסטעלע אין האנט גייט ארום צווישן די רייען, מע זאָל אלץ אהין ארייגלייגן. אין קעסטעלע קלייבט זיך אָן, פארשטייט זיך, זייער וויייניק.

אוועקגייענדיק, האָבן די היטלעריסטן ניט געזאָגט, צי מעג מען זיך זעצן. אָבער דער שרעקלעכער בעזעם שטייט לעבן טיר, ווי א סאָלדאט. שטייען מיר אויך.

ס'איז קאלט. אין דער אָפענער טיר בלאָזט א ווינט.
שוין אזויפיל טעג גאָרנישט ניט געגעסן...

אין טיר איז ווידער עליזא. דערזען, אז מיר שטייען נאָך, האָט זי זיך צע־הירזשעט. אָנגעלאכט זיך, האָט זי געהייסן אויסשטעלן זיך צו צוויי. אָפּגעצײלט צען און אוועקגעפירט. די, וועלכע זיינען געשטאנען נעענטער צו דער טיר, האָבן געזאָגט, אז זיי זעען, ווי זי האָט ארײנגעפירט די פרויען אין א באראק אף יענער זייט פלאץ.

אין א ווײלע ארום איז עליזא געקומען, אָפּגעצײלט נאָך צען און ווידער אוועקגעפירט. און די ערשטע זיינען ניט ארויס... עפּשער איז דאָרט א קרע־מאטאָרי? הייסט עס, מע האָט אונדז אהער געבראכט, קעדיי צו פארניכטן אָן שפורן?

עטלעכע פרויען, וועלכע זיינען געשטאנען נעענטער צו דער טיר, זיינען אריבערגעלאָפן אין צווייטן עק פון דער ריי. וואָס וועט דאָס העלפן?

איך בין אין זיבעטן צענדליק. די פאָדערשטע רייען ווערן אלץ שיטערער, שוין געבליבן גאָר ווייניק. באלד וועט זיין אויך מיין ריי...

מע פירט שוין...

עליזא עפנט די טיר פון שרעקלעכן באראק. א טונקעלער פאָדערצימער. בא די ווענט אָנגעוואָרפן א סאך בגאָדים. לעבן זיי שטייען אופזעערנס. מע

הייסט אונדז אויך אויסטאָן זיך. די קליידער האַלטן אין די הענט און צו צוויי צוגיין צו די אופזועררנס.

די הענט טרייסלען זיך, ס'איז שווער זיך אויסצוטאָן.

איך גיי צו. אַן אופזועערן קאָנטראָלירט מײַנע בגאָדים. גנעמט צו דאָס וואָלענע קליידל, וואָס די מאמע האָט געהייסן אָנטאָן אף דעם זומערדיקן. איך בעט, זי זאָל מיר לאָזן דאָס וואַרעמע קליידל און צונעמען דאָס זומער־דיקע. אָנשטאָט אַן ענטפער כאַפּ איך א פּאַטש אין באַק. ווער איך אנשוויגן. איצט קאָנטראָלירט זי די אַרבל און די קעשענעס — צי האָב איך דאָרט ניט באַהאַלטן עפּעס. זי געפינט די פאָטאָגראַפיע פונעם פאַפּאַ. איך שטרעק אויס די האַנט, די אופזועערן זאָל מיר אומקערן זי, אָבער זי צערײַסט די פאָטאָ אף פּיצלעך און וואַרפט זי אוועק אַפן דיל. אף איין שטיקעלע זעען זיך די ווײַסע האָר, פון צווייטן קוקט אַן אויג. איך דריי זיך אָפּ... די אופזועערן וואַרפט מיר דאָס קלייד, אָבער זי האָט ניט באַוויזן דורכטאַפּן די קעשענע, וווּהין איך האָב פאַרוקט מײַנע בלעטעלעך: אפּאָנעם די פאָטאָגראַפיע האָט זי אָפּגעוווענדט. און איך האָב אַליין פאַרגעסן אין זיי, ווען איך האָב געבעטן דאָס וואַרעמע קליידל!

מע הייסט אונדז גיך אָנטאָן די איבערגעלאָזענע קליידער און אַרויסגיין דורך דער הינטערשטער טיר. דאָרטן דערזעען מיר אַלע פריער אוועקגעפירטע פרויען. און יענע, וואָס זײַנען נאָך אין באַראַק, לעבן אַזוי איבער, מיינענ־דיק, אַז מע פירט אין קרעמאַטאָרי.

ביז מע האָט אַלעמען אַרומגעזוכט, איז געקומען די צײַט פון דעם שלי־מאַזלדיקן „אַפּעל". פאַרוואָס ציילן זיי אונדז אַזוי אָפט? צי דען קאָן מען פונדאַנען אַנטלויפן?

צום סאָף לאָזט מען אונדז אַרײַן צוריק אין באַראַק. צו אונדזער גרוי־סער פרייד און וווּנדער טרעפן מיר דאָרט א קעסל סופּ מיט שיסעלעך. מע הייסט אונדז זיך אויסשטעלן אין א ריי. פאַרבײַגייענדיק דאַרף מען נעמען א שיסעלע, וווּהין עלזאַ וועט אַרײַנגיסן סופּ. די סופּ דאַרף מען גיך אויס־כליאָבען, און דאָס שיסעלע אוועקשטעלן אף אַן אָרט אין די זעלבע, אפילו ניט קיין איבערגעשווענקטע, גיסט מען סופּ פאַר יענע, וועלכע האָבן נאָך ניט געגעסן. קיין לעפל זײַנען ניטאָ.

וואָס נעענטער צום קעסל, אַלץ אַנגענעמער שמעקט דער סופּ.

כ'האָב זיך דערוואַרט מײַן ריי. דער סופּ איז זייער א שיטערער, פּאַשעט א שוואַרצלעך וואַרעם וואַסערל, אין וועלכן עס שווימען עטלעכע גרײַפּעלעך,

וואָס ווילן פאַר קיין פאַל ניט אַרייַנפאַלן אין מויל. אָבער אַלצייַנס איז דאָס זייער געשמאַק. די הויפּטזאַך — ווארעם. א שאָד, וואָס אין שיסעלע ווערט וויניציקער. דאָס שיסעלע איז שוין ליידיק. און עסן ווילט זיך מוירעדיק, נאָך מער ווי פריִער.

איך טראָג דאָס שיסעלע צום באַשטימטן אָרט. כ'זע — דער היטלעריסט רופט מיך צו מיטן פינגער. טאַקע מיך? יאָ, מיך. ניט דרייסט דערנעענטער איך זיך און וואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. פּלוצעם גיט ער מיר א טראַסק אין איין באַק, דערנאָך אין דער צווייטער, און ווידער אין דער ערשטער. זעצט מיך מיט די פויסטן אין קאָפּ. איך פּרוּוו באַשיצן דעם קאָפּ מיטן שיסעלע, אָבער ער רייַסט עס אַרויס פון מייַנע הענט און גיט א שלייַדער אין ווינקל. ער שלאָגט אָן ראַכמאָנעס ווידער. איך האַלט זיך ניט אייַן אויף די פיס און פאַל אַנידער. כ'וויל זיך אויפהייבן, אָבער איך קאָן ניט — ער בריקעט מיט די פיס. ווי איך דריי זיך ניט — זע איך אַלץ פאַר די אויגן דעם גלאַנץ פון זייַנע שטיוול. געטראָפן אין די ליפן!.. איך כאַפּ קוים אָפּ דעם אָטעם. די ליפן זייַנען גלייַך געוואָרן ווי הילצערנע, די צונג — גרויס און שווער. און דער היטלעריסט שלאָגט, בריקעט מיטן שטיוול. איצט, דוכט זיך, טוט שוין ניט אַזוי וויי. נאָר אַפּן דיל טריפט בלוט. מיסטאַמע מייַנס...

די היטלעריסטן זייַנען אַוועק. די פרויען האָבן מיך אויפגעהויבן און איבערגעטראָגן אַפן סעניק. זיי הייסן פאַרוואַרפן דעם קאָפּ, אַז פון נאָז זאָל אויפהערן פליסן בלוט. זיי זייַנען צו מיר אַזוי גוט, זאָרגן זיך אַזוי, אַז ס'ווילט זיך וויינען. איינע טייַנעט: וואָס האָט ער פון איר, אַן אומשולדיק קינד, געמאַכט! א צווייטע שילט אים, און נאָך איינע פּרוּווט אַלץ דערגיין, פאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי געשלאָגן... עפּשער דערפאַר, וואָס, טראָגנדיק דאָס שיסעלע צוריק, בין איך צו נאָענט צוגעגאַנגען צו דער ריי, און אים האָט געדוכט, אַז איך וויל א צווייט מאָל קריגן סופּ?

פאַרוואָס ריידן זיי אַזוי הויך? מיר טוט דאָך וויי, אומעטום טוט שרעקלעך וויי! מע וואָלט כאָטש פאַרלאָשן די שייַן! צי איז ניט צעשפּאָלטן די ברעם? זי טוט אויך וויי. עטלעכע צייגער האָט ער, ווייַזט זיך אַרויס, אויסגעהאַקט...

כ'האָב קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן.

נאָך איידער עס איז טאָג געוואָרן האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט אַפן הויף צום „אַפּעל": מע קאָנטראָלירט דאָ צוויי מאָל אין טאָג — גאַנצפרי און אין אָוונט, ווען די בריגאַדעס קערן זיך אום פון דער אַרבעט. איך שטיי

קוים איין אף די פיס — אין קאָפּ רוישט, די ליפּן און די אויגן זייַנען געשוואָלן. כאַטש א טרונק וואסער! מע גיט ניט... מע יאָגט צוריק אין באראק.

באטאָג האָט מען ווידער געהייסן זיך אויסשטעלן. אָפּגעקליבן 600 פרויען און אָפּגעפירט אין א זייַט, נאָכדעם — נאָך 400. די איבעריקע אריינגעטריבן צוריק אין באראק.

איך בין אין דער צווייטער גרופּע.

פון דער ערשטער גרופּע האָט מען אָפּגעציילט 50 און אוועקגעפירט אין לעצטן באראק. עמעצער האָט איבערגעלייענט די אופשריפט "Entlausung" — א באָד... אזוי, דוכט זיך, רופן זיי די גאז־קאמערן פון קרעמאטאָריי?..

וויפל מיר האָבן שוין איבערגעלעבט און פּאָרט קומט אונדזער סאָף...

די אופזעערן איז צוריקגעקומען און אוועקגעפירט נאָך 50. אזוי יעדע האלבע שאָ צו פופציק... און די ערשטע זייַנען נאָך אלץ ניטאָ.

ס'איז שוין קיינער ניט געבליבן. דער פּלאץ איז פוסט.

איצט איז געקומען די ריי פון אונדזער גרופּע.

פלוצעם האָבן מיר דערזען די גאנצע ערשטע גרופּע. זיי לעבן! הייסט עס, מיר וועלן אויך לעבן!

די פרויען פון יענער גרופּע קריכן ארוף אף לאסט־אווטאָס. זיי פּאָכען צו אונדז מיט די הענט. אפן הארצן איז געוואָרן רויִקער.

מע פירט אונדז אריין אין א פּאָרבאָד. דאָ ליגן בערג זאכן. מע הייסט זיך אויסטאָן און אקוראט צונויפלייגן די זאכן. בא זיך מעג מען לאָזן נאָר די שיך און, אויב מע האָט, זייף און א קעמעלע. דאָס דארף מען האלטן אין האנט. עטלעכע בלעטלעך פון טאָגבוך האָט זיך מיר אייַנגעגעבן אריינשטופּן אין די שיך.

מע יאָגט אונדז נאקעטערהייט אין אן אנדער צימער. אונטערן באלקן — עטלעכע לעכערדיקע רערעלעך, מיסטאמע, א שפּריץ. לעבן מיר שטייט א היטלעריסט אין א ווייַסן כאלאט און קאָנטראָלירט, צי האָבן מיר גאָרנישט באהאלטן. איך דריי איבער די שיך, באווייַזנדיק, אז אין זיי איז גאָרנישט ניטאָ. איצט שטעל איך זיך אין ריי צום דאָקטער. דער דאָקטער קוקט דורך א פארגרעסער־גלאָז די ריינקייַט פון קאָפּ און הייסט עפענען דאָס מויל. ער רוקט אריין הינטערן באק א פינגער — צי איז דאָרטן גאָרנישט ניט באהאלטן.

נאָך אים פאלן מיר אריין צום פריזירער. די שער איז טעמפּ און דער „מייַסטער" איז אפּאָנעם אזא פריזירער, ווי איך. וואָס שענער די האָר, אלץ

אומדערבאַרעמדיקער בראָקט ער זיי. די אָפּגעשניטענע צעפּ און לאָקן פאַרוקט ער אין א זאַק.

ענדלעך, האָט פון די רערלעך גענומען שפּריצן לעבלעך וואַסער. דאָס האָט געדויערט סאַכאַקל עטלעכע מינוט. מיר האָבן קוים באַוויזן נאָס צו ווערן. עס איז ניטאָ מיט וואָס זיך אָפּצווישן.

נאַסע האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט אין א נאָך קעלטערן צימער. די גאַס־טיר איז אָפן, עס פּײַפט א ווינט דורך די שפּאַלטן אין וואַנט.

לענגויס די וואַנט ליגן שטויסן זאַכן. לעבן יעדן שטייט אן אויפזעער. מיר מוזן פאַרבײַגיין די אויפזעערס. פון יעדערער קריגן מיר צו איין מאָל־בעש — א העמד, הייזלעך, א קלייד, א מאַנטל און א קאַפּטיכל. זיי טיילן מעכאַניש, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער מאָס. טאָמער האָט איינע געבעטן איבערבײַטן דאָס קליידל, ווײַל עס איז אויף איר צו קליין, האָט די אויפזעערן איר געגעבן מיטן זעלבן קליידל א שמיץ אין קאָפּ און א געשריי געטאָן: „שנײַד אַרום דײַנע זײַטן, וועט זײַן אויף דײַן מאָס!"

איך האָב געקראָגן אַלטע וועש און א... באַל־קלייד פון שוואַרצן זײַד מיט א גרויסן דעקאָלטע און א קינסטלעכער זײַדענער בלום. ס'וואָלט געווען קאָמיש, ווען ס'וואָלט ניט געווען אַזוי טראַגיש!.. אין מאַנטעלע בין איך קוים אַרײַנגעקראָכן — ס'איז א קינדער־מאַנטל. קיין זאָקן האָט מען אינגאַנצן ניט געגעבן.

בײַ דער טיר קאָנטראָלירט עלזא, צי האָט עמעצער פון אונדז, כאָלילע, ניט געגאַנוועט נאָך א פּאָר וועש אָדער נאָך א קאָפּטיכל.

אין הויף שטייען די איבעריקע פרויען פון אונדזער גרופּע, נאָר איך דערקען קיין איינע ניט. ווען א מענטשן קען מען ווייניק, אונטערשיידט מען אים די ערשטע צײַט לויט די קליידער, און איצט האָבן די אויסטערלישע בגאָדים געענדערט יעדערנס אויסזען.

מיר קריגן צו איין האַנטעך. כ'זע, די פרויען פאַרוויקלען מיט אים דעם האַלדז. איך נעם איבער דעם גוטן בײַשפּיל.

עס גייט צו אן אומבאַקאַנט מיידל און בעט, איך זאָל זיך בײַטן מיט איר מיט די מאַנטלען, ווײַל זי האָט געקראָגן א צו גרויסן. כ'בין זייער צופרידן. איצט קאָן איך כאָטש פרײַ אָטעמען, ניט מוירע האָבנדיק, אז עס וועלן פּלאַצן די נעט. אָבער די צאָרע איז מיטן קלייד. עס איז אַזוי שמאָל, אז איך קאָן קוים שטעלן א טראָט. אָבער די פרויען טרייסטן מיך — כאָטש ניט אַזוי קאַלט אין די פיס. דער רוקן איז אָבער א נאַקעטער.

אונדזערע קליידער זײַנען געצייכנט — אפֿן הארצן און רוקן זײַנען מיט אייל־פֿארב אָנגעמאָלט גרויסע קײַלעכן אָדער קרייצן.

ווען אלע האָבן זיך „אויסגעבאָדן“, האָט מען אונדז ארופֿגעטריבן אף לאסט־אווטאָס, אף יעדן אווטאָ זיצן צו צוויי סאָלדאטן.

ס׳האָט גענומען פֿינצטער ווערן. מיר זײַנען ארויסגעפֿאָרן פֿון וואלד און פֿארקערעוועט אף א שאָסיי.

דאָס מאָל איז דער וועג געווען ניט לאנג. מיר זײַנען ארײַנגעפֿאָרן אין עפּעס א גרויסן הויף. ער איז ארומגעצוימט מיט א הויכער געמויערטער וואנט, איבער איר — עטלעכע רייען שטעכלדראָט און לאָמפּן. קיין באראקן זײַנען ניטאָ. פֿאראן נאָר א גרויסע שטוב. צום סאָף הויף — בא דער וואנט — א דעכל, אונטער וועלכן עס שאָקלען זיך עטלעכע לאָמפּן. פֿון דאָרטן טראָגט זיך זייער א געשמאקער ריעך. איז דאָס א קיך און מיר וועלן קריגן סופּ?

אונדז שטעלט אויס א דײַטש, ציוויל געקליידט. א טונקעלער האלב מיליטערישער אָנצוג און א היטעלע. דער אָנצוג איז זייער ענלעך אף די געשטרײַפֿטע. ער האָט אונדז איבערגעציילט, געהייסן זיך ניט רירן פֿון אָרט און איז אוועק. אומקוקנדיק זיך מיט מוירע, האָבן זיך צו אונדז דערנעענטערט עטלעכע מענער. פֿון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דער לאגער הייסט „שטראסדענהאָף“ און אז ער געפֿינט זיך אין דער פֿאָרשטאָט פֿון ריגע — יוגלא. דער לאגער איז א נײַער. דערווײַל זײַנען דאָ פֿאראן נאָר 160 מענער פֿון ריגער געטאָ. קיין פֿרויען זײַנען נאָך ניטאָ, מיר זײַנען די ערשטע. מיר וועלן זײַן אין אָט דער גרויסער שטוב. דאָס איז א געוועזענע פֿאבריק. דער מענער־בלאָק איז אפֿן ערשטן שטאָק, אונדזער בלאָק וועט זײַן אפֿן פּערטן. ווו מיר וועלן ארבעטן, ווייסן זיי ניט. אליין זײַנען זיי באַשעפֿטיקט אף בוי־ארבעט. ס׳איז זייער א שווערע ארבעט, דערצו הונגערט מען. דער דײַטש, וואָס האָט אונדז געציילט, הייסט האנס. ער איז דער לאַגער־עלטסטער. ער איז אויך א העפֿטלינג, זיצט שוין 8 יאָר אין פֿארשיידענע לאגערן. פֿאר וואָס — ווייסן זיי ניט. ער האָט א געהילף — דעם קליינעם האנס. דער קאָמענדאנט פֿון לאגער איז אן עסעסאָוועץ, אן אונטערשארפֿי־רער, א שרעקלעכער סאדיסט.

מיטאמאָל זײַנען די מענער נעלעם געוואָרן — זיי האָבן באמערקט, אז עס דערנעענטערט זיך דער אונטערשארפֿירער. ער האָט אונדז נאָכאמאָל איבערגעציילט און איז אוועק. אין א ווײַלע ארום האָט האנס געהייסן ברענ־

גען דעקעס און האָט גענומען זיי טײלן. איך, דער שלימאזל, האָב אָנשטאָט א דעקע געקראָגן א גרויסע דאָרפישע קאַפּטור. צי וועט זי וואַרעמען?

נאָכדעם האָט מען אונדז געגעבן א קאַלטן סופּ און ארופגעטריבן אפן פערטן שטאָק. דאָ וועט זײַן אונדזער בלאָק. ער איז ווייער ענלעך אוף א קאזארמע. פון ברעטער זײַנען צונויפגעקלאַפּט דרײַשטאָקיקע נארעס. אין פינף אָפּטײלונגען. אוף יעדן שטאָק פון איין אָפּטײלונג דארפן שלאָפן 36 פרויען — אכצן פון איין זײַט און אכצן — פון דער צווייטער. אוף די נארעס זײַנען אָנגעוואָרפן זעקלעך פאר סעניקעס און קלײנע זעקעלעך פאר קישעלעך.

האנס האָט געהייסן, יעדערע זאָל פארנעמען איר אָרט. איין אָפּטײלונג מוז בלײַבן פּוסט — מע וועט אהער ברענגען נאָך פרויען. די סעניקעס וועלן מיר אָנשטאָפּן מאָרגן נאָך דער ארבעט. איצט דארף מען שלאָפן. באַגינען, ווי נאָר מע וועט דערהערן דעם סיגנאַל, דארף מען טײקעף אופשטיין און לויפן אפן הויף זיך וואשן.

מײַן שכײנע האָט מיר געראטן ארויסציִען פון סעניק עטלעכע שטריקעלעך, זיי איבערפלעכטן און אונטערבינדן מײַן קלייד, אניט וועל איך ניט קאָנען ארבעטן. א קלוגע פרוי!

— אופשטיין! — דאָס שרײַט האנס. פארוואָס וועקט ער אונדז? אפן הויף איז דאָך נאָך פינצטער, און מיר זײַנען ערשט אײַנגעשלאָפן.

האנס איז ווייער אין קאס. עפשער איז שוין טאקע פארטאָג? מיר כאפן די האנטעכער און לויפן פון די טרעפּ וואשן זיך. נאָר האנסן רײצט דאָס נאָר, ער שרײַט, אז מיר זײַנען פארשלאָפן, מוזן מיר לויפן צום אפּעל ניט קײן געוואשענע.

די מענער שטייען שוין אין ריי, און מיר פאדען נאָך ארום הין און הער. פּלוצעם גיט האנס א געשריי: "Stillstand!"[1] און איז צוגעגאנגען צום אונטערשארפירער מיט א ראפּאָרט. יענער האָט אונדז אלײן איבערגעצײלט און איז אוועק.

איצט האָט בא האנסן זיך צעבונדן די צונג. אין לאגער מוז זײַן א מוסטערהאפטע אָרדענונג און דיסציפּלין. ווער עס וועט איוועור זײַן — וועט ווערן שטרענג באשטראָפט. ער וועט מער ניט לויפן אונדז וועקן. מיר מוזן

[1] שטייט רויִק!

אליין זיך צוהערן צום סיגנאל — צום קלאנג פון אײַזן. באם ערשטן סיגנאל מוזן מיר טייקעף אופשפרינגען, פארבעטן די נארעס און לויפן זיך וואשן (דערוויַל צום טײַכל, וואָס שווימט פארבײַ דעם לאגער). נאָכן צווייטן סיגנאל מאָמענטאל זיך אויסשטעלן צום אפעל.

וואשן זיך האָט ער אונדז פאָרט אוועקגעפירט. ס'איז פינצטער, עס בלאָזט א שארפער ווינט, ס'גיסט א רעגן, פונעם אײַזקאלטן וואסער גליווערן די פינגער, אָבער וואשן זיך מוז מען דאָך!

ס'האָט גענומען טאָגן. מע האָט אונדז ווידער אויסגעשטעלט. געקומען דער אונטערשארפירער מיט זײַנע געהילפן און מיט די וואכלײַט, מע האָט אונדז צעטיילט אף גרופעס און אוועקגעפירט.

די ערשטע גרופע איז אוועק אין א גלײַכער ריכטונג. מײַן גרופע האָט פארקערעוועט אף רעכטס. מיר זײַנען געקומען אף א בוי־פלאץ, וווּ עס האָבן שוין געארבעט די מענער פון אונדזער לאגער. זיי האָט מען אוועקגעיאָגט צו דער ארבעט גלײַך נאָכן אפעל.

מײַן ארבעט איז באשטאנען אין שלעפן שטיינער, מיט וועלכע די מענער האָבן ברוקירט דעם וועג צווישן די זיך בויענדיקע באראקן. אנדערע פרויען האָבן געפירט אין וואגאָנעטקעס שטיינער פון טאָל, און מיר האָבן זיי באדארפט פאנאנדערטראָגן צו די ברוקירער. די וואכלײַט און אופזעערס לאָזן אף קיין רעגע ניט אראָפּ פון אונדז די אויגן. די וואגאָנעטקעס מוזן זײַן פולע. ארום יעדער וואגאָנעטקע דארפן ארבעטן נאָר פיר מענטשן, שטופּן זיי לויפנדיק. די שטיינער צעשלעפּן אויך לויפנדיק; די מענער דארפן ברוקירן גיך. ביכלאל מוז מען אלץ טאָן גיך און גוט, פאר דעם קלענסטן פעלער — ווערט מען שיסן.

די שטיינער זײַנען מוירעדיק שווערע. טראָגן א שטיין זאלבעצווייט איז פארבאָטן, קײַקלען זיי איז אויך פארבאָטן. ריידן בײַם דער ארבעט טאָר מען ניט. אף נאטירלעכע באדערפענישן מעג מען זיך בעטן נאָר איין מאָל אין טאָג, דערבײַ אָפּוואַרטן ביז עס וועלן זיך צונויפקלײַבן עטלעכע מענטשן.

די פינגער זײַנען בא מיר צעריבן ביז בלוט. זיי זײַנען בלוי, געשוואָלן, א שרעק צו קוקן.

און דער רעגן הערט ניט אוף צו גיסן. מאמעש אפצולאָכעס.

קוים דערלעבט צו דערהערן א פײַף אף מיטיק. מע האָט אונדזן געהייסן גיך זיך אויסשטעלן, דערנאָך געטריבן אין לאגער. די, וועלכע זײַנען געשטאנען די ערשטע, האָבן באלד געקראָגן א שיסל סופּ. די הינטערשטע

האָבן געמוזט וואַרטן, ביז עס וועלן זיך באַפרײַען די שיסלען. מיר האָבן זיי געײַלט, מוירע געהאַט, אַז מיר וועלן ניט באַווײַזן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. כ'האָב קוים 2—3 מאָל אַ זופּ געטאָן, ווי די סאָלדאַטן האָבן שוין אונדז גענומען יאָגן, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן. איינער פון די וואַכלײַט האָט אַרויסגעקלאַפּט פון מײַן האַנט דאָס שיסעלע און דער סוף האָט זיך אויסגעגאָסן. איך האָב געמוזט זיך שטעלן אין ריי. די פּאָר טראָפּנס סופּ־וואַסער האָבן נאָר אויפגערייצט דעם אַפּעטיט.

כ'שלעפּ ווײַטער שטיינער. איצט זײַנען זיי נאָך שווערער. און דער רעגן איז נאָך מער דערעסן געוואָרן. איין שטיין האָט זיך אויסגעגליטשט פון די הענט און געטראָפן גלײַך אין פוס.

כ'האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן אָוונט. געקומען אין לאַגער, האָבן מיר געקראָגן צו שטיקלעך ברויט און אַ ביסעלע מוטנע וואַסער — „קאַווע". כ'האָב דאָס אַלץ מיט איין מאָל אַראָפּגעשלונגען אויפן הויף, ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן, ביז איך וועל אַרויפקריכן אויפן פּערטן שטאָק.

ווען איך האָב אַ ביסל שוין אויסגעלערנט זיך שלעפּן שטיינער, האָט מען מיר געהייסן דרויבלען זיי. קיין שטיינהעקערן בין איך, פאַרשטייט זיך, ניט. איך גיב אַ זעץ מיטן האַמער, און דער שטיין — ווי איך וואָלט זיך אפילו צו אים ניט צוגערירט. גיב איך אַ שטאַרקערן זעץ, שפּרינגען אָפּ קליינע שפּליטערס און טרעפן מיר גלײַך אין פּאָנעם. מײַן צורע איז שוין פאַרבלוטיקט, עס טוט וויי, כ'האָב מוירע, איך זאָל, כאָלילע, ניט טרעפן אין די אויגן. און דער וואַכמאַן אײַלט מיך, שרײַט. איינער אַ מאַנצבל האָט געוואָלט לערנען מיך שטיינהאַקערײַ, נאָר דער וואַכמאַן האָט ניט דערלויבט: זי מוז זיך אַליין אויסלערנען, זאָגט ער. איך פאַרמאַך די אויגן, עס גיסן זיך טרערן פון ווייטיק און באַליידיקונג. נאָר די שטיינער האַק איך...

איך בעט אַלעמען, ווער עס וועט געפינען בײַ זיך אַ שטיקל בלײַער, זאָל מיר אַנטלײַען. איך מוז אויפשטעלן דעם פאַרפאַלענעם טייל פון מײַנע געטאָ־נאָטיצן. גוט, וואָס די מאַמע האָט געהייסן, איך זאָל דאָס פאַרשריבענע אויסכאַזערן אויף אויסווייניק, געדענק איך נאָך. אָבער פאַרשריבן איז געווען אַ סאַך, און לאַנג געדענקען אַלץ איז אוממעגלעך. אַ גאַנצן טאָג, האַקנדיק

די שטיינער, כאָזער איך אַלץ איבער אין גערדאַנק. איך „פֿאַרשרײַב" אויך (אין גערדאַנק, פֿאַרשטייט זיך) דאָס איצטיקע לעבן אין לאַגער.

איך בין גליקלעך, געקראָגן א בלײַער! איינער פון די מענער האָט עס מיר „איבערגעשיקט" (אונטערגעוואָרפן, ווען דער וואַכמאַן האָט זיך צוליב עפּעס אָפּגעקערט). פּאַפּיר איז ניט קיין פּראָבלעם. דאָ וואַלגערן זיך זעקלעך פון צעמענט, מיט וועלכע מיר וויקלען ארום די פיס (קיין זאָקן האָבן מיר ניט). אַף אַזא אויפן קאָן איך אָן ריזיקע ארײַנטראָגן אין לאַגער פּאַפּיר.

איך האַק נאָך אַלץ שטיינער. דאָס פּאָנעם איז שוין א ביסל פאַרהיילט — עס טרעפן אין אים שוין ניט אַזוי אָפט די שפּליטערס. כ'האָב זיך אויסגעלערנט דרויבלען שטיינער. אָבער ארבעטן איז מוירעדיק שווער — ס'איז קאַלט און נאַס. מיר ווייסן לאַכלוטן גאָרנישט, וואָס עס קומט פאָר אַף דער וועלט, מיר האָבן ניט קיינע יעדיעס פון פראָנט. לויט דער שטימונג פון די היטלעריסטן איז שווער צו טרעפן.

מיך מאַטערט די בענקשאַפט נאָך דער מאַמען. צי לעבט זי שוין טאַקע ניט? צי דען האָט מען רווועלען מיט רײַעלען אויך דערהארגעט? א פרוי האָט מיר דערציילט, אַז די פאַשיסטן מאַכן שרעקלעכע עקספּערימענטן — זיי שינדן אָפּ די הויט, שנײַדן אָפּ א געזונטן פוס און נייען צו א הינטישן. פון קינדער צאַפּן זיי בלוט, זיי ציִען עס פון די אָדערן ביז דאָס קינד פאַלט טויט. ווי שוידערלעך עס איז צו טראַכטן, אַז רווועלען האָט מען אויך אַזוי פאַרפּײַניקט. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז רווועלע זיצט אין עפּעס א קאַבינעט מיט אַרײַנגעשטעקטע אין הענטעלע גרויסע נאָדלען און ווערט אַלץ בלייכער, שוואַכער, ביז ער גייט אויס...

ווען עס ווערט מיר אומדערטרעגלעך, באַמי איך זיך אופשטעלן אין זיקאָרן דאָס פריערדיקע לעבן... אין אַזא וועטער האָב איך האָלט געהאַט צו זיצן אין שטוב. אויב באַם טאַטן פלעגן ניט זײַן קיין פרעמדע מענטשן, פלעג איך ארײַנגיין צו אים אין קאַבינעט, זיך ארײַנזעצן אין פאָטעל מיט די פיס אונטער זיך און לייענען א בוך. ווי גוט עס איז געווען!

איך הער אַ בייזן געשריי פונעם וואַכמאַן. פאַרטראַכטנדיק זיך, האָב איך אויפגעהערט צו האַקן דעם שטיין. איצט דאַרף מען אָניאָגן. עס פאַרשווינדן דער קאַבינעט, די וואַרעמקייט. ווידער שטיינער, רעגן, לאַגער...

מע האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ נייער אַרבעט — שטופּן וואַגאָנעטקעס. מיר פירן שטיינער און זאַמד. באַרג־אַרויף דאַרף מען שטופּן פולע וואַגאָנעטקעס, באַרג־אַראָפּ לויפן מיט פּוסטע.

שטופּן איז זייער שווער. אָבער אָפּשטעלן זיך טאָר מען ניט — די וואַגאָנעטקע וועט נעמען קייַקלען זיך אויף צוריק, באַרג־אַראָפּ, און דערהרגענען ניט נאָר אונדז, נאָר אויך די, וועלכע געפינען זיך הינטער אונדז. קוים מיט צרות אַרויפגעקלעטערט אויפן באַרג, דאַרפן מיר אויסלאָדן די וואַגאָנעטקע, אַריבערשטעלן אויף אַנדערע רעלסן און, אונטערהאַלטנדיק זי, לויפן באַרג־אַראָפּ. דאָס איז נאָך שווערער — די ליידיקע וואַגאָנעטקע קייַקלט זיך זייער גיך, מיר באַווייַזן קוים נאָכלויפן נאָך איר, אָבער אַרויסלאָזן זי פון די הענט טאָר מען ניט, זי קאָן עמעצן דערהרגענען. איינעם האָט שוין צוגעקוועטשט. ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון ריגער אוניווערסיטעט. געווען...

ס'איז שוין נאָיאַבער. פון טאָג צו טאָג ווערט קעלטער. דער מאַנטל און די שיך זייַנען אויסגעווייקט פון רעגן, קיין זאַכן האָבן מיר נאָך אַלץ ניט. עס העלפן ניט די פּאַפּירענע זעק, מיט וועלכע מיר וויקלען אַרום די פיס. דאָס ערגסטע איז אינדערפרי, ווען מיר מוזן אָנטאָן די נאַסע בגדים; דעם בלאָק הייצט מען ניט, די בגדים טריקענען זיך פאַר דער נאַכט ניט אויס.

די, וואָס אַרבעטן אין די פאַבריקן, איז אַ סך בעסער. דאָרט איז כאָטש טרוקן און וואַרעם. די לעטישע וועבערנס, וואָס לערנען אונדזערע מיידלעך די אַרבעט, רוקן זיי פון צייַט צו צייַט אונטער אַ שטיקל ברויט.

איירערנעכטן האָט מיר אויך אָפּגעגליקט: כ'האָב געפונען אַ נאָדל! אַן עמעסע נאָדל! כאָטש דער וואַכמאַן האָט מיר אַ בריק געטאָן מיטן פוס דערפאַר, וואָס איך האָב גייענדיק זיך אייַנגעבויגן, אָבער נישקאָשע, עס האָט געלוינט, דערפאַר האָב איך אַ נאָדל! כ'וועל כאָטש ברענגען אין אָרדענונג מייַן קלייד, די שכיינע וועט אויסלערנען. מייַן שכיינע הייסט אויך מאַשע. זי איז אַ סך עלטער פון מיר, זייער אַ קלוגע און פּראַקטישע, אָבער אַ ביסל אַ שטרענגע — זי קאָן ניט פאַרטראָגן קיין שלעכטע שטימונג אָדער מאָרעשכוירע. עפּשער איז זי גערעכט. אַזוי דאַרף מען זיך פירן.

מיר זיינען מיט איר שכיינעס ניט נאָר אף די נאַרעס, מיר זיצן אויך בא איין טיש. די טישן שטייען ארום די ווענט, יעדערער — אף צוואנציק פרויען. ברויט פאר אלעמען קריגט די טיש־עלטסטע. אָקראַיעצן טיילט זי לויט דער ריי (אלע ווילן דאָ אָקראַיעצן, ווייל זיי זיינען הארט און מע קאָן זיי לאנג זויגן, ווי צוקערלעך).

מיין קלייד זעט שוין אויס א ביסל לייטישער. עמעס, אונטן איז עס ניט זייער גלייך (קיין שערל איז ניטאָ, האָב איך געמוזט אָפרייסן) און די אונטערשטע ברעגן זיינען ארומגעזוימט מיט ווייסן באוול, נאָר דערפאר איז דער רוקן, אפילע דער האלדז פארמאכט.

כ'האָב אָבער א נייע צאָרע: די שיך האָבן זיך אינגאנצן צעריסן, זיי פאלן מאמעש אראָפ פון די פיס. פון אויבן האָבן זיי זיך צעשפּאָלטן, די זוילן שטייען אָפ, די פינגער קריכן ארויס. כ'האָב מוירע, איך זאָל זיי אין איין שיינעם פרימאָרגן אינגאנצן ניט פארלירן. זיי האָבן זיך שוין אין געטאָ קוים געהאלטן, און איצט, ווען זיי זיינען שטענדיק נאס פון רעגן און ראצן זיך קעסיידער אין שטיינער!

מיין שכיינע ארבעט אין דער פאבריק. זי ברענגט מיר באוול, פלעכט איך פון דעם שטריקלעך און בינד אונטער די זוילן. אָבער באוול ווערט גיך דורכגענעצט, צערייסט זיך און מיינע שיך עפענען זיך ווידער. וואָס וועט זיין ווינטער? איך וועל מוזן באָרוועסערהייט גיין איבערן שניי?!

מאשע ראט מיר, איך זאָל בעטן בא האנסן א פּאָר שיך. אין קליידער־קאמער זיינען געוויס פאראן שיך. אָבער איך האָב מוירע צו ווענדן זיך צו אים — ווייניק האָב איך זיך אָנגעמאטערט פון אזעלכע ווענדונגען?

זונטיק. היינט האָבן מיר געארבעט נאָר ביז דריי באטאָג. אין לאגער האָט מען אונדז אוועקגעפירט, ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק. אף דער טאָג־שיין זעט אויס דער לאגער גאָר אנדערש, ניט ווי אין דער פינצטער. עס רייסט די אויגן די אופשריפט: „איר לעבט ניט דערפאר, קעדיי צו ארבעטן, איר ארבעט, קעדיי צו לעבן". די געמויערטע צוים זעט אויס א סאך העכער, שרעקלעכער.

אָבער דאָס אלץ איז א קלייניקייט. א סאך ערנסטער — דאָס נייע שפּיצל פון האנסן. ער האָט ארויסגערופן צו זיך די בלאָק־עלטסטע מיט נאָך עטלעכע

מיידלעך און געזאָגט, אז פון היינט אָן מוז יעדן זונטיק אין אָוונט זיין א קאָנצערט, אניט וועלן זיי ווערן זיינע "Special Freunde" דעם טייטש פון דעם דאָזיקן אויסדרוק זיינעם האָבן מיר שוין דערשפירט. זיינע „ספּעציעלע פריינט" שטראָפט ער אָפּטער, שיקט זיי אויף שווערע ארבעטן, לאָזט זיי אָפּט איבער אָן ברויט.

מיין שכיינע האָט מיר געהייסן אָנשרייבן א ליד צום קאָנצערט. וועגן וואָס? אין שול פלעג איך פאַנטאזירן וועגן פרילינג, נאטור, לעוואָנע און שטערן. כ'געדענק, ווען מיר האָבן איינמאָל אויסגעהערט אַף א מוזיק־לעקציע א פּליטע מיט בעטהאָווענס זעקסטער סימפאָניע, האָב איך באשריבן מיינע איינדרוקן אין שירים. קימאט א גאנצע העפט אויסגעשריבן, אפילע דעם לערער איז געפעלן געוואָרן, ער האָט די העפט גענומען בא מיר אַף אָן אָנדענק. וועגן דער סימפאָניע איז געווען וואָס צו שרייבן! וועגן וואָס אָבער זאָל איך שרייבן דאָ?!

מאשע הייסט מיר שרייבן וועגן דעם לאַגער־לעבן. איך פארשטיי ניט, ווי קאָן מען שרייבן לידער וועגן אזא גענעם? מע קאָן באשרייבן די שרעק־לעכסטע פאקטן, די ערגסטע געשעענישן. אָבער איבערגעבן דאָס אין שירים?.. וואָס פאר א פּאָעזיע איז פאראן אין אזא לעבן?

נעכטן נאָכן אפּעל האָט האנס געפרעגט, צי איז שוין פארטיק די פּראָ־גראַם פון קאָנצערט. די בלאָק־עלטסטע האָט געענטפערט מיט א סאָלדאטישן „יאוואָל" (אויב זי וואָלט געזאָגט דעם עמעס, וואָלט זי געכאַפּט דעם עמעסן נערעק).

מיר איז מאמעש איינגעפאלן אין הארצן — מאָרגן דארף פאָרקומען דער קאָנצערט, און איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן קיין איין שורע. א גאנצן טאָג, שטופנדיק די וואגאָנעטקעס, האָב איך זיך געסטארעט כאָטש עפּעס־וואָס „ארויסקוועטשן" פון זיך. נאָר — אומזיסט!

אין אָוונט האָב איך זיך מוידע געווען מאשען, אז מיר גיט זיך ניט איין עפּעס אָנצושרייבן. אין קאָפּ שוועבן ארום בלויז איינציקע געדאנקען: איך וויל צו דער מאמען, ס'איז שרעקלעך שווער, קאלט און עס מאטערט דער הונגער.

מאשע האָט מיט קאס א זאָג געטאָן, אז טאקע וועגן דעם האָב איך גע־דארפט שרייבן.

ניין, זי פארשטייט מיך ניט. זי איז ניט די מאמע, וועלכע וואָלט מיך אויסגעהערט, מיטגעפילט און אונטערגעזאָגט וועגן וואָס צו שרײַבן. עפשער אפילו וועגן דעם שיטער'ן סוף, וועגן די איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך שיך אָדער בלויע, פארפרוירענע פיס...

אין קאָפּ האָבן א בליץ געטאָן עטלעכע געדאנקען. כ'בין אריינגעלאָפן אין טואלעט, ווו דער טומל איז קלענער, פארקליבן זיך אין א ווינקעלע, באם פענצטערל, און גענומען שרײַבן. נאָר — אין פּראָזע.

הײַנט האָט מען אין צווייטן, פוסטן בלאָק צונויפגערוקט עטלעכע טישן. דאָס וועט זײַן די סצענע. אין „זאל" שטייען פון איין זײַט מענער, פון דער צווייטער — פרויען. דער קאָנצערט האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און איך מעק נאָך אלץ און מאך איבער מײַן „שרײַבעכץ". איצט איז מאשע פיל צערט־לעכער. געזאָגט א פּאָר װאַרעמע ווערטער, געלײַען בא עמעצן פאר מיר גאנצע שיך און געהייסן זיך ניט נערווירן.

ווען עס איז דערגאנגען מײַן ריי, בין איך ארויפגעקראָכן אפן טיש. אין לעצטן מאָמענט זיך א כאפּ געגעבן, אז מע דארף, מיסטאמע, מאכן א רעוועראנס, אזוי ווי אין שול, ארויסגייענדיק צום טאָוול. כ'האָב געמאכט א קניקס, אָבער זייער אומגעלומפּערט. קיינער האָט, דוכט זיך, אפילו ניט פארשטאנען, וואָס דאָס באדײַט.

מיט א הייזעריקער שטים האָב איך גענומען לייענען מײַן „מינדלעכע צײַטונג", וועלכע איך האָב א נאָמען געגעבן „ווײַבער־עקספּרעס". כ'האָב געלייענט, אז קלוימערשט פארשיידענע טעלעגראף־אגענטורן מעלדן, אז מע האָט אונדז ארויסגעשיקט א טראנספּאָרט וואָלענע זאָקן. קיין שיך זײַנען נאָך דערווײַל ניטאָ, ווײַל זיי גייען אהער, די שיך, צופוס. די קארטאָפל פאר אונדזער סוף האָט מען נאָך ניט אויסגעגראָבן, עס זײַנען פּאַר'אן וויכטיקערע איניאָנים. און אזוי ווײַטער...

פון אָנהייב האָבן זיך בא מיר געטרייסלט די פיס, אָבער אין א ווײַלע ארום, אז איך האָב דערפילט ווי מענטשן זיפצן אונטער און בא אייניקע באווײַזט זיך אפילו א שמייכל אפן פּאָנעם, האָב איך זיך בארויִקט.

נאָך מיר האָט א גרופּע פרויען געזונגען דעם „אָוונט־גלאָק". איין מיידל פון ריגע האָט אופגעשפּילט אף איר קעמעלע א פּאָלקע, און נאָך איינע האָט געזונגען זייער אַן אומעטיקן ראָמאנס.

נאָכן קאָנצערט האָט מען אונדז, די אָנטיילנעמער, געגעבן צו האַלבע פּאָרציעס קאַלטן סופּ. מאַשע האָט געהייסן אויסנוצן די גוטע שטימונג בײַם האַנסן און בעטן בײַ אים אַ פּאָר שיך. אָבער כ׳האָב ניט געקאָנט זיך אָנטשיידן צוגיין צו אים. זי איז אין כּעס געוואָרן, געזאָגט, אַז מיט אַזאַ כאַראַקטער וועל איך דאָ געוויס פֿאַרפֿאַלן ווערן, און איז אַליין אַוועק. האַנס האָט איר געענטפֿערט, אַז דאָ איז אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, דעריבער טראָגט מען ניט קיין שיך, נאָר הילצערנע קלומפּעס. אינגיכן דאַרף מען זיי ברענגען פֿאַר די מענער, דאַן וועל איך עפּשער אויך קריגן.

באַגינען, ווען מיר האָבן זיך נאָכן אַפּעל אויסגעשטעלט לויט די בריגאַדעס, האָט האַנס אָפּגעציילט פֿון אונדזער בריגאַדע 50 פֿרויען (צווישן זיי אויך מיך) און געהייסן אַריבערגיין אין אַ צווייטער בריגאַדע, וועלכע מע וועט שיקן אין פֿאַבריק „יוגלאַס מאַנופֿאַקטורא".

ענדלעך איז, דוכט זיך, געקומען אַ סאָף צו מײַנע מאַטערנישן! מער וועל איך ניט דאַרפֿן שטופּן די שרעקלעכע וואַגאָנעטקעס אין ווייקן זיך אונטערן רעגן.

מיר מאַרשירן איבער אַן אומבאַקאַנטן וועג. מאָדנע איז צו זײַן אַ „נײַע": אַלץ איז פֿרעמד, ניט באַוווּסט. דערצו נאָך האָב איך אַפֿילע קיינמאָל ניט געזען ווי מע וועבט.

מע האָט אונדז געבראַכט אין פֿאַבריק. די, וואָס אַרבעטן דאָ שוין לאַנג, זײַנען זיך גלײַך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען צו די מאַשינען, דרייסט זיך געלאָזן איבער די שמאָלע דורכגענג, ניט מוירע געהאַט פֿאַר די רעדער און פֿאַר די רעדלעך. מיר אָבער, די נײַע, האָבן זיך פֿאַרוקט אין אַ ווינקל, קעדיי קיינעם ניט שטערן.

אַ שרעקלעכער טומל. אַלץ דרייט זיך, זעצט, קלאַפּט. אונדזער בריגאַדע־עלטסטע מיט איינעם אַ לעט (מיסטאַמע אַ מײַסטער) פֿירט אונדז איינציקווײַז צו די מאַשינען און הייסט זיך לערנען בײַ די לעטישע וועבערנס.

איך קוק און פֿאַרשטיי גאָרניש. די רעדער דרייען זיך, פֿלעקענער מיט לעדערנע פּאַסן יאָגן הין און צוריק אַ שיפֿעלע, רייען באַוול הייבן זיך אויף, לאָזן זיך אַראָפּ, הייבן זיך ווידער אויף און לאָזן זיך ווידער אַראָפּ. נאָרוואָס געווען דאָ באַוול, מיטאַמאָל איז דערפֿון געוואָרן שטאָף.

איך וואַרף אַן אויג אויף אַנדערע — וואָס טוען זיי? אייניקע שטייען און קוקן, אַזוי ווי איך, אַנדערע הערן זיך צו, וואָס מע דערקלערט זיי. סאָפּקאָל־סאָף האָט אויך מײַן לערערקע געגומען ווײַזן מיר, ווי מע פאַרבינדט אַ וועבעריש קניפּל. ווען איך קוק, ווי זי פאַרבינדט, פאַרשטיי איך אַלץ, אָבער אַז איך פּרוּוו נעמען דעם באַוול אין מײַנע פאַרגרעבטע פינגער, גליטשט ער זיך באַלד אַרויס, און איך קאָן אים פאַר קיין פאַל ניט פאַרקניפּן.

ביז סאַמע אָוונט האָט מיר מײַן לעטן מער גאָרנישט ניט געוויזן. כ׳האָב געמוזט זיך אויסלערנען אַליין מאַכן אַ קניפּל. די צײַט איז דאָ געקראָכן נאָך לאַנגזאַמער, איידער אויף דער בוי־אַרבעט (אויף אַ נײַ אָרט איז אַלעמאָל אַזוי), נאָר גאָרנישט — דאָ איז כאָטש וואַרעם. דערפאַר אין אָוונט, ווען איך בין אַרויס אויפן גאַס, איז געווען זייער קאַלט. צוריק אין לאַגער האָב איך זיך געשלעפּט ווי אַ צעטומלטע — אין קאָפּ האָט נאָך אַלץ גערוישט, געקלאַפּט, געהאַקט. אַפילע עסן האָט זיך ניט אַזוי שטאַרק געוואָלט, כאָטש פון נעכטן אין אָוונט האָב איך נאָך גאָרנישט ניט געהאַט אין מויל. איצט „עסן מיר" צוויי מאָל אין טאָג — מיטיק־צײַט דעם סוף, אין אָוונט — דאָס שטיקל ברויט מיט דער אַזויגערופענער קאַווע. זעלטן באַ וועמען עס קלעקט אַ שטאַרקער ווילן צו צעטיילן דאָס קליינע שטיקעלע ברויט אויף דער העלפט, קעדיי לאָזן אויף פרישטיק. מיר ווייסן, אַז מע מוז דאָס טאָן, יעדע פון אונדז האָט ניט איין מאָל געפּרוּווט דאָס טאָן, נאָר עס קומט דערפון גאָרנישט אַרויס. אַז איך לאָז אויף אינדערפרי כאָטש איין ברעקעלע, כאַפּ איך זיך באַנאַכט אומבאַדינגט אויף און קאָן ניט אײַנשלאָפן, ביז איך שלעפּ דאָס ניט אַרויס פון אונטערן סעניק און עס אויף. איך טרייסט זיך נאָר מיט דעם, וואָס עפּשער וועט שוין באַלד נעמען טאָגן און כ׳וואָלט אין אַ ווײַלע אַרום בעמיילע דאָס אויפגעגעסן...

הײַנט האָב איך זיך אויך געקליבן צו לאָזן אַ שטיקעלע ברויט אויף אינדערפרי, ביפראַט, אַז אין אָוונט האָבן מיר געקראָגן אַלץ מיטאַמאָל — דעם קאַלטן סוף פון מיטיק און ברויט. אָבער ס׳איז געווען אַזוי געשמאַק, אַז איך האָב אַפילע ניט באַמערקט, ווי כ׳האָב אויפגעגעסן.

אין קאָפּ האָט נאָך אַלץ גערוישט. כ׳האָב קוים דערוואַרט זיך אויפן סיגנאַל צום שלאָף.

מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, ווי מע טרייסלט מיך שטאַרק. ס׳איז נאָך געוויס נאַכט, אָבער אין בלאָק ברענט דאָס פײַער, אויף די נאַרעס — קיין איין

לעבעדיקער נעפּעש. אונדזער טיש־עלטסטע הייסט מיר גיך אופשטיין. הינטער איר שטייט א בייזער, א רויטער, ווי אַן אינדיק, האַנס.

איך קריך אַראָפּ. וואָס איז געשען? די טיש־עלטסטע וואַרפט מיר אַרוף אַפן פּלייצע דעם מאַנטל און פירט צו צום טיש. אַלע זיצן שוין אַף די ערטער און קוקן עפּעס מאָדנע אַף מיר. דער אונטערשאַרפירער, ווי נאָר כ'האָב זיך דערנעענטערט צו אים, האָט ער מיר אַזא פּאַטש געגעבן אין באַק, אַז מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דערנאָך האָט ער גענומען שיטן א פּאַטש נאָך א פּאַטש. איך באַמי זיך כאַטש איינצוהאַלטן אַף די פיס, קעדיי ער זאָל ניט נעמען בריקען מיך מיט די פיס.

ווען ער איז שוין מיד געוואָרן, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט, אָבער געהייסן שטיין אַף די קני א גאַנצע נאַכט.

האַנס האָט געגעבן א פייף, אַז אַלע זאָלן זיך לייגן שלאָפן. מיך האָט ער אַרויסגעפירט אַף די טרעפּ און געהייסן זיך שטעלן אַף די קני באַ די פיס פונעם וואַכמאַן. יענעם האָט ער אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ניט וואַגן זיך אופשטעלן און אַז קיינער זאָל מיר ניט דערלאַנגען די שיך.

ווי האַלט מען אויס א גאַנצע נאַכט? עס מאַטערט די קעלט, די קני זיינען פאַרגליווערט און טוען זייער וויי. דער וואַכמאַן לאָזט ניט אַפילע א ריר טאָן זיך. די צייט ציט זיך שרעקלעך לאַנגזאַם.

פון צייט צו צייט דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועל איך אומפאַלן. אָבער דער וואַכמאַן גיט מיר א שטורכע מיט דער קאָלבע פון ביקס און איך גלייך זיך ווידער אויס.

עס האָט זיך געביטן די וואַך. דאָס הייסט, ס'איז ערשט צוויי אַזייגער. ווי ווייט עס איז נאָך ביזן פרימאָרגן! מיסטאָמע וועל איך ניט אויסהאַלטן. ווען איך שלאָף, פליט די נאַכט אַזוי שנעל פאַרביי.

אינדערפרי האָט מען מיך אופגעהויבן: אַליין האָב איך שוין ניט געקאָנט אויסגלייכן די פיס. אַפן אַפּעל האָט מען מיך געפירט: כ'האָב ניט געקאָנט גיין.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, פאַרוואָס מע האָט מיך באַשטראָפט. באַנאַכט האָט דעם וואַכמאַן כאַם טויער זיך אויסגעדוכט, אַז עמעצער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פּאַרקן. איז צו אונדז אין בלאָק אַריינגעלאָפן א צעיושעטער האַנס און געהייסן אין איין מאָמענט זיך אויסשטעלן אין די דורכגענג צווישן די נאַרעס. ס'איז געקומען צו לויפן אויך דער אונטערשאַר־פירער. ביידע האָבן גענומען פיבערהאַפט ציילן. יאָ, עס פעלט טאַקע איינע!

נאָכאַמאָל איבערגעציילט. עס פעלט! האָבן זיי געהייסן זיך אויסשטעלן לויט די בריגאַדעס: מע דאַרף פעסטשטעלן, ווער איז אַנטלאָפן. אָבער, צום שלי־מאַזל, האָט זיך פּונקט היינט פאַרגרעסערט די פאַבריק־בריגאַדע און די בריגאַדע־עלטסטע קען נאָך ניט אַלעמען. האָבן זיי געהייסן זיך זעצן צו די טישן, צו צוואַנציק.

וויַיזט זיך אַרויס, אַז דאָס פעלט איך... די טיש־עלטסטע האָט אינסטינקטיוו אַ קוק געגעבן אויף די נאַרעס. זי האָט דערזען ווי פון אונטער דער פאַטשיילע שטעקט אַרויס מיין באָרוועסער פוס.

האַנס האָט מיך פאַרגעדענקט. גלייך נאָכן פרימאָרגן־אַפעל האָט ער אַ געשריי געטאָן: „די, וואָס איז געשלאָפן אין דער צייט פון נאַכט־אַפעל — דריי טריט פאָרויס!" איך בין געוואָרן אַ פאַרציטערטע — דערוואַרט מיך נאָך אַ שטראָף? איך שטיי שוין אַזוי אויך קוים אויף די פיס.

איך בין אַרויס. האַנס האָט מיך אָנגעקוקט, געפרעגט, ווו איך אַרבעט. דערוווּסט זיך, אַז אין פאַבריק, האָט ער געהייסן, איך זאָל זיך אומקערן צוריק אויפן בוי־פּלאַץ.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין וואַרעם לעבן, וואָס האָט געדויערט מאַכאַקל איין טאָג. דער מאַנטל האָט אפילו ניט באַוויזן זיך אויסצוטרי־קענען. ווידער וויק איך זיך אונטערן רעגן, ווידער קנעט איך מיט קימאַט באָרוועסע פיס די בלאָטעס.

מע האָט געבראַכט נייע פרויען. זיי זיינען פון דייטשלאַנד. איינע פון זיי האָט מען גלייך באַשטימט אַלס אונדזער בלאָק־עלטסטע, און די פריערדיקע בלאָק־עלטסטע אַוועקגעיאָגט אויפן בוי־פּלאַץ.

אַ טייל פון די נייע וועלן זיין אין אונדזער בלאָק, די איבעריקע — אין צווייטן.

מע האָט געבראַכט נאָך אַ טראַנספּאָרט — פון ריגער געטאָ. אויך דורך „קייזערוואַלד", אויך האַלב נאַקעטע. אָבער באַ זיי האָט מען ניט צוגענומען די קינדער. צווישן זיי זיינען פאַראַן אפילו אַלטע לייט. ווי גוט זיי איז!

איך פרעג באַ אַלעמען, צי האָט עמעצער געקענט מיין מומע, וואָס האָט היז דער מילכאָמע געוווינט אין ריגע. נאָר דערוויַיל ווייס איך, לײדער, וועגן איר גאָרנישט. וואָלט זי זיך כאָטש געפונען!

ס׳איז ארויסגעפאלן דער ערשטער שניי. סאָפּקאָלסאָף האָט מען אונדז געגעבן זאָקן. עמעס, זיי זײַנען ניט זייער ענלעך אף עמעסע זאָקן. דאָס זײַנען גיכער שקארפּעטן, מערסטנטייל מענערישע, פּילפּארביקע. צו זיי זײַנען צוגענייט שטיקלעך אלטע ווײַבערשע זאָקן אָדער פּאָשעט שמאטקעס. אָבער ווען עס האלט שוין בא דעקאבער, מוז מען זיך פרייען כאָטש מיט אזעלכע.

מע האָט מיך ווידער געגומען אין פאבריק. כ׳האָב געהערט, אז דאָס האָט מאשע אײַנגערעדט די בריגאדירשע, זי זאָל זיך מישטאדל זײַן פאר מיר בא האנסן. מע האָט מיך צוגעשטעלט צו דער זעלבער לעטן. כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן פון א קניפּעלע.

איצט קאָן איך שוין אָפּשטעלן און אוועקלאָזן די מאשין. בײַטן דעם באוול, ווען אין שיפּעלע ענדיקט זיך דאָס קנײַלעכל, ארײַנשטעלן אן אנדערן.

איך פריר שוין ניט אזוי, דערפאר מאטערט נאָך מער דער הונגער.

מע האָט געבראכט אן אוטאָ מיט הילצערנע קלומפּעס. ווען מע האָט זיי ויסגעלאָדן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און צוגעגאנגען צו האנסן. ער האָט געהייסן ווײַזן מײַנע שיך. באקוקט זיי, האָט ער געהייסן דער פארוואלטערן פון קליידער־קאמער, זי זאָל מיר ארויסגעבן א פּאָר קלומפּעס, און די שיך צונעמען. ס׳איז מיר א שאָד געווען מיט זיי זיך צו שיידן — די לעצטע זאך פון דער היים. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אז זיי זײַנען אזוי צעריסן.

אין קליידער־קאמער האָט מען אפילע ניט געפרעגט, וואָס פאר א נומער איך דארף. א שלעפּ געטאָן פון קופּע א פּאָר קלומפּעס און מיר א וואָרף געטאָן זיי. די קלומפּעס זײַנען געווען זייער גרויסע, נאָר בעטן אויסבײַטן זיי האָט פּאָשעט קיין זין ניט — איך וועל נאָך מיט די קלומפּעס כאפּן א זעץ אין קאָפּ פאר אזא „כוצפּע”. בעסער אָנשטאָפּן אין זיי פּאפּיר, אז די פיס זאָלן זיך ניט גליטשן. אז מע גיט ארויס אזא „אויצער” — שווערע קלעצער, באצויגענע מיט צעראטע — פארשרייבט מען אויך. דאָס הייסט, אז „Heftling № 5007 האָט באקומען איין פּאָר הילצערנע קלומפּעס.

„העפטלינג №5007” — דאָס בין איך. פון קיין פאמיליע אָדער נאָמען ווייסט מען דאָ ניט — יעדער העפטלינג האָט דאָ נאָר א נומער. אין פאבריק מערק איך אָפּ מיט דעם נומער דאָס אויסגעוועבטע שטאָף (איך ארבעט שוין זעלב־

שטענדיק). נאָך יעדער פופציק מעטער באַוויַיזט זיך אין באוול א בלויער פלעק. אף דעם אָרט דארף מען דאָס אויסגעוועבטע שטאָף איבערשניַידן, פון ביידע זיַיטן אָנשריַיבן דעם נומער פון דער וועבערן און אָפּגעבן. אָפּגעבנדיק, ווינטש איך, אזוי ווי אלע דאָ, אז די מאשיסטן זאָלן דאָס שטאָף אויסנוצן צום באנדאזשירן זייערע ווונדן.

טיילמאָל פלעגט זיך מיר איַינגעבן פריילעך צו מאכן מיַינע כאווערטעס מיט א וויץ אָדער מיט אן אויסגעזונגען לידל. און אויב ניט פריילעך מאכן, איז כאָטש ארויסרופן אף די אויסגעצערטע געזיכטער א סימען פון א שמייכל — דאָס איז אויך עפּעס ווערט.

די ערשטע ציַיט, ווען איך האָב זיך גאָרוואָס אויסגעלערנט ארבעטן זעלב־שטענדיק, האָב איך זיך שטארק געפלייַסט און קימאט יעדן טאָג אויסגע־ארבעט צו פופציק מעטער. איצט האָט מען מיך אויסגעלערנט סאבאָטירן — א ביסל אָפּשרויפן א שריַיפעלע אָדער איַינשניַידן א רימען, אז די מאשין זאָל בליַיבן שטיין. איך רוף דעם מיַיסטער, ער גריבלט זיך, מאכט צורעכט, און נאָכדעם שריַיבט ער אריַין אין קארטעלע, וויפל שאָ די מאשין איז געשטאנען.

יעדן טאָג „צעברעכט" זיך די מאשין בא אן אנדערער, און יעדעס מאָל אף אן אנדער אויפן.

עס דוכט זיך, אז אף דער וועלט עקזיסטירט בלויז א לאגער, ארבעט, הונגער און קעלט.

אמאָל פלעגן אזוי אָפּט זיַין אָדליגעס, און איצט, ווי אפצולאָכעס, הערן ניט אוף די בייזע פרעסט. דאָס מאנטעלע איז א זומערדיקס, דאָס קליידל א זיַידנס, אָן ארבל. גייענדיק צו דער ארבעט און פון דער ארבעט נעמט מיך דורך דער פראָסט אף דורך און דורך. די קני ווערן בלוי און ברענען מאמעש. מיר באַוויַיזן ניט צו קומען אין לאגער און ארופלויפן אין בלאָק — רופט מען שוין אפּן אפּעל. מיר שטייען אפּן אפּעל־פלאץ און פרירן — דער אונטער־שארפירער איַילט זיך ניט ארויסצוגיין. מיר מוזן שטיין אפּן פראָסט, ווי מאנעקענען, ניט א ריר טאָן זיך.

אויב באם ציילן דוכט אים אויס, אז עמעצער האָט זיך א באוועג געטאָן, לאָזט מען אונדז אלס שטראָף שטיין אפּן פראָסט ביז האלבער נאכט.

די וואָך ארבעט איך אין דער באנאכטיקער וואכטע. די אייציקע מיַילע איז, וואָס איך מיַיד אויס די שרעקלעכע שטראָף — שטיין אפּן פראָסט. נאָר

בּיכלאַל איז די נאַכט־וואַכטע א סאַך א שווערערע: פאַרטאָג ווילט זיך זייער שלאָפן, דאָס ליכט שנײַדט די אויגן, און פון הונגער בורטשעט אין בויך. אינדערפרי, ווען קוים לעבעדיקע און דערפרוירענע דערשלעפּן מיר זיך אין לאַגער, לאָזט דער פראָסט ניט אײַנשלאָפן: אין פוסטן בלאָק, דורך די שפּאַלטן פון די פאַרפרוירענע פענצטער, בלאָזט דער ווינט, שיט דער שניי. באַנאַכט, ווען אין בלאָק שלאָפן א סאַך מענטשן, איז עטוואָס וואַרעמער. צודעקן זיך מיט א צוגאָב־דעקע דערלויבט האַנס ניט — מע דאַרף זיך „פאַרהאַרטעווען". ער קומט ספּעציעל קאָנטראָלירן, ווי מיר שלאָפן. אויב ער געפינט עמעצן אונטער צוויי דעקעס — יאָגט ער זי א נאַקעטע אַרויס אין הויף.

די לעצטע צײַט דוכט מיר אַלץ אָפטער, אַז איך וועל ניט אויסהאַלטן, דאָס האַרץ וועט פּלאַצן. אָבער עס פּלאַצט ניט, דער ווייטיק ווערט טעמפּער און אַלץ כאַזערט זיך איבער ווי געוועזן — איך שטיי אויף, לייג זיך, אַרבעט לויטן פײַף...

כ'האָב דאָ געטראָפן א ריגער פרוי, וואָס האָט געקענט מײַן ריגער מומע און דעם פעטער. ליידער, זײַנען זיי שוין ביידע ניטאָ. דעם פעטער האָט מען דערשאָסן אין די ערשטע טעג, די מומע איז מיט ביידע קינדער געווען אין ריגער געטאָ, האָט זייער געהונגערט, ווײַל זי האָט ניט געקאָנט אַרויסגיין צו דער אַרבעט: ניט געהאַט וווּ צו לאָזן די קינדער. זי מיט ביידע ייִנגעלעך האָט מען אַוועקגעפירט אַפן אומשלאַג־פּלאַץ און דערשאָסן.

די נעכטיקע איימע איז שווער צו דערמאָנען, נאָר עס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן.

אין אָוונט, ווען די בוי־אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, האָט מען זיי באַם טויער שטאַרק אונטערזוכט. איינער פון די וואַכלײַט האָט געמאָלדן, אַז ער האָט געזען, ווי א פאַרבײַגייער האָט עמעצן אַרײַנגערוקט א שטיקל ברויט. דאָס ברויט האָט מען געפונען בא צוויי מענער — בא יעדן צו איין שטיקל. בײַס דעם אָוונט־אַפּעל האָט מען וועגן דעם געמאָלדן דעם אונטערשאַרפירער.

ווען דער אַפּעל האָט זיך געענדיקט, האָט דער אונטערשאַרפירער אָנשטאָט דער קאָמאַנדע, מע זאָל זיך פאַנאַנדערגיין, געהייסן ביידע „פאַרברעכער", זיי זאָלן אַרויסגיין פאָרויס, זיך אַוועקשטעלן אַנטקעגן אונדזערע רייען און זיך אויסטאָן. זיי קוקן מיט שרעק: עס שיט אַ שניי, עס ברענט דער פראָסט. נאָר די שמייץ פון דער נאַהײַקע צווינגען פאָלגן. אונדז הייסט מען שטיין גלײַך און קוקן, קעדיי דאָס זאָל אונדז דינען אַלס לערע.

פון קיך ברענגט מען צוויי עמער וואַרעם וואַסער און מע גיסט זיי אויס אויף די קעפּ פון די מאַנצבל. זיי טרייסלען זיך, נעבעך, קלאַפּן מיט די ציין, רײַבן אויף זיך דאָס וועש, פון וועלכן ט'גייט אַ דאַמף, נאָר די סאָלדאַטן טראָגן אַרויס נאָך צוויי עמער וואַרעם וואַסער. מע גיסט זיי ווידער אויס אויף די קעפּ פון די אומגליקלעכע. זיי הייבן אָן צו שפּרינגען, טאַנצן. די סאָלדאַטן מיטן אונטערשאַרפירער פאַרווײַלט זייער דאָס בילד.

די עקזעקוציע כאַזערט זיך איבער יעדע צוואַנציק מינוט. די אומגליקלעכע זײַנען שוין ניט ענלעך אויף קיין מענטשן — באַם עלטערן פון זיי האָט דער נאַקעטער קאָפּ זיך באַדעקט מיט אַ דין אײַז־הײַטעלע, באַם יינגערן, וואָס רײַסט און פאַטלט די האָר פון ווייטיק, שטעקן די האָר ווי פאַרפרוירענע בעזימלעך. דאָס וועש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אײַז, די פיס — ווײַס, ווי בײַ אַ טויטן.

די וואַכלײַט קײַכן פון געלעכטער, פרייען זיך, דאָס איז אַ גוטע ווײַנאַכט־פאַרווײַלונג. יעדערער פון זיי גיט אײַצעס, ווי צו גיסן די וואַסער. „אין די הויזן!" — שרײַט איינער. „דעם קאָפּ טונק אײַן, דעם קאָפּ!" — הירזשעט אַ צווייטער.

באַם אָפּגיסן זיי מיט וואַסער, פּרוּוון זיך די צוויי אומגליקלעכע אָפּ־שפּרינגען, אָבער מע כאַפּט זיי, ווי פאַריאָגטע כײַעס, און מע קערט זיי אום אויפן אָרט. ווען כאָטש אַ טראָפּן וואַסער פאַרגיסט זיך פאַרבײַ זיי, איז אָנשטאָט דעם „אומזיסט" פאַרגאָסענעם וואַסער ברענגט מען אַ גאַנצן עמער. די אומ־גליקלעכע הייבן נעבעך די טויט־ווײַסע נאַקעטע פיס, קעדיי זיי זאָלן ניט צופרירן צום שניי.

כ'וועל ניט אויסהאַלטן! כ'וועל מעשוגע ווערן! וואָס די סאַדיסטן טוען אָפּ! ס'איז דאָך אַ שוידער!

סאָפּקאָלכאָף האָבן די היטלעריסטן געהייסן זיך פאַנאַנדערגיין. האַנסן האָט מען אָנגעזאָגט, ער זאָל מאָרגן די ביידע פון דער אַרבעט ניט באַפרײַען, מעגן זיי אַפילו האָבן צו 40 גראַד היץ.

דער עלטערער איז היינט געשטאָרבן. ער איז געפאלן לעבן וואַגאָנעטקע און מער ניט אופגעשטאנען. דער צווייטער האָט יאָ געארבעט, כאָטש קוים זיך געהאלטן אף די פיס, געריידט פון היץ. ווען די וואכלייט פלעגן ניט באמערקן, האָבן די כאווירים זיך געמיט העלפן אים ווי־ניט־איז דערציען ביזן סאָף פונעם ארבעטס־טאָג.

האנס האָט צוגעטראַכט אַ נייעם אויפן פון פייניקן אונדז — „לופטערן די לונגען".

די פאבריק ארבעט זונטיק ניט, דעריבער שיקט ער זונטיק די פאבריק־ארבעטער אף בוי־ארבעט. דאָס וואָלט עפשער געווען יוישערדיק, ווען זיי וואָלטן פארבייטן די בוי־ארבעטער, קעדיי יענע זאָלן כאָטש איין טאָג קאָנען אַ ביסל אָנווארעמען זיך. אָבער דאפקע דאָס לאָזט זיי האנס ניט, ער צווינגט זיי „לופטערן די לונגען". פון באגינען אָן מוזן זיי מארשירן איבערן לאגער און זינגען. באזונדערס געפעלט האנסן איין ליד, וואָס איז ספּעציעל פאר אונדז איבערגעמאכט געוואָרן: „מיר זיינען געווען די הארן פון דער וועלט, איצט זיינען מיר די לייז פון דער וועלט".

וואָס שטארקער דער פראָסט, אַלץ לענגער צווינגט אונדז האנס צו מארשירן — די לונגען מוזן זיך גוט „אויסלופטערן".

היינט האָט מיר איינע אַ פרוי געזאָגט, איך זאָל אופהערן שרייבן מיינע כאָכמעס. פון וואָס לאָך איך? פון אונדזערע צאָרעס?

ווען איך האָב וועגן דעם דערציילט מאשען, האָט זי מיר געזאָגט, מע דארף ניט באמיען זיך צו געפעלן וועדן יעדן איינעם — אַלעמען נאָכגעבן איז אוממעגלעך. מע דארף טראכטן מיטן אייגענעם סייכל. שרייבן מוז מען — סיי כאָכמעס, סיי ערנסטע זאכן. אויב מיין „שטראָסדענהאָפער הימן" זינגען אפילע אזעלכע, וועלכע האָבן מיך קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, אפילע יענע, וואָס געפינען זיך אין אנדערע בלאָקן, דער גאנצער לאגער, איז אַ סימען, אַז די מענטשן געפעלט ער. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

מיסטאמע איז זי גערעכט.

אַ נייע שטראָף האָבן צוגעטראכט די עסעסאָווצעס.

עפשער איז דאָס אפילע ניט קיין שטראָף, נאָר סטאם אַ מין „פארוויי־

לונג״. עס דערגעענטפערט זיך דער פרילינג און האלטן אונדז אפֿן פֿראָסט איז שוין ניט אזוי אינטערעסאנט.

נאָכן אפעל האָט האנס געהייסן זיך איבערשטעלן אזוי, אז צווישן די רייען זאָל בלײַבן א קאָרידאָר פון איין מעטער די ברייט. נאָכדעם האָט ער באפוילן זיך צוזעצן אף די קני און שפרינגען. לעכאטכילע האָבן מיר ניט פארשטאנען, וואָס וויל ער פון אונדז, נאָר האנס האָט געגעבן אזא געשריי, אז אפילע ניט פארשטייענדיק, האָבן מיר גענומען שפרינגען.

איך האלט זיך ניט אײַן אף די פיס. קוים וואָס איך אָטעם. און האנס טראָגט זיך צווישן די רייען, שמײַסט מיט דער נאהײַקע און שרײַט, אז מיר זאָלן ניט סימולירן. נאָר צורירן זיך מיטן געזעס צו דער ערד טאָר מען ניט, מע מוז שפרינגען, ווי די פרעש.

דאָס הארץ קלאפט, איך ווער דערשטיקט! כאָטש אף איין מינוט אָפכאפן דעם אָטעם. עס שטעכט אין זײַט! אומעטום טוט וויי, כ׳קאָן מער ניט! און האנס לאָזט ניט אראָפּ קיין אויג.

איין פרוי האָט געכאלעשט. אָט־אָט כאלעש איך אויך. געבן הילף דער געכאלעשטער לאָזט האנס ניט. אלע מוזן שפרינגען. נאָך איין פרוי איז גע־פאלן. זי בעט הילף, ווײַזט, אז זי קאָן ניט ריידן. עמעצער האָט א געשריי געטאָן: „זי איז שטום געוואָרן!״

סאָפּקאָלסאָף איז האנס אליין מיד געוואָרן, אונדז אָפּגעלאָזן. די, וועלכע זײַנען געלעגן אין כאלאָשעס, האָט ער ניט געלאָזט אופהייבן — זיי סימולירן, זיי וועלן אליין אופשטיין. און אויב ניט, זײַנען זיי שוואכע און קאָנען ניט ארבעטן, דארף מען פארשרײַבן זייערע נומערן. עטלעכע פרויען כאפּן די אומגליקלעכע און שלעפּן זיי אוועק ווײַטער פון האנסן. אליין ניט קענענדיק זיך אויסגלײַכן, פויזענדיק קימאט אף אלע פיר, שלעפּן זיי זייערע כאווער־טעס, וועלכע זײַנען נאָך אלץ ניט געקומען צו־זיך. אָבער נאָר ביז די טרעפּ. אף די טרעפּ קאָנען מיר ניט ארופקריכן. מיר זיצן אפן שטיינערנעם דיל און שלינגען מיטן מויל די לופט. אנדערע פרווון קלעטערן אף אלע פיר. קוים, קוים ארופגעקראָכן עטלעכע טרעפּלעך, בלײַבן זיי זיצן. איך קאָן נאָך אליין נאָרמאל ניט עטעמען. איך וויל בעטן א פרוי, זי זאָל מיר העלפן אָנכאפּן זיך אין דער פּאָרענטשע, עפּשער וועל איך אף אזא אויפן קאָנען זיך אופ־הייבן. אָבער קוים מיט צאָרעס קוועטש איך ארויס פון זיך א וואָרט. וואָס מער איך סטארע זיך ריידן, אלץ שווערער קומט עס מיר אָן.

מער קאָן איך קיין וואָרט ניט אויסריידן.

ענדלעך, שלעפ איך זיך קוים אליין ארויף אפן פערטן שטאק. כ׳וואלט זיך צוגעלייגט, נאר ביזן סיגנאל טאר מען ניט. איך פאל אנידער אף דער באנק באם טיש, לייג אוועק דעם קאפ אף די הענט און זיץ. אבער אזוי איז נאך שווערער צו עטעמען, כ׳מוז זיך אויסגלייכן. איך זיץ און קוק, ווי דורכן טיר שלעפן זיך נאך אזעלכע, ווי איך, האלב לעבעדיקע, קוים עטעמע־דיקע נעפאשעס.

מיטאמאל איז אין טיר אויסגעוואקסן האנס. באקוקט אונדז און, ווי עס וואלט גארנישט ניט געשען, א פרעג געגעבן, פארוואס איז דא אזוי שטיל, הײַנט איז דאך זונטיק, יאמטעוו — מע דארף זינגען.

מיר שווײַגן. „זינגען!“ — האט ער מיט קאס א געשריי געטאן. — „אדער איר וועט שפרינגען!“

איינע האט אנגעהויבן מיט א ציטערנדיק שטימעלע, די צווייטע האט א קוויטשע געטאן, עס האבן זיי אומדרייסט אונטערגעהאלטן נאך עטלעכע הייזעריקע שטימען. איך מורמל אויך.

דאס מויל עפנט זיך, און אין אים רינען געזאלצענע טרערן...

מיר ווייסן שוין פארוואס מיר זײַנען אייערנעכטן געשפרונגען — עמעצער גייט איבער די היטלעריסטן וועגן אונדזערע „בונטארישע רייד“.

וועמענס ארבעט קאן דאס זײַן? ווער וויל בא זיי זיך אויסדינען? אלע זײַנען כוישעד „יענעם ווינקל“ — די געקומענע פון דײַטשלאנד. אבער ווי דערוויסט מען זיך דעם עמעס? ווי כאפט מען די פארעטערן?

די מיידלעך וועלן קאנטראלירן אלע נײַ־אנגעקומענע. אין דער אנוועזנ־הײַט פון איינער וועלן זיי עפעס זאגן וועגן דעם אונטערשארפירער אדער וועגן האנסן. אויב מע וועט אונדז דערפאר ניט באשטראפן — הייסט עס, אז זי איז ניט קיין מאסערטע. וועלן זיי זיך נעמען צו אן אנדערער. און אזוי וועלן זיי „דורכטרייסלען“ אלעמען, ביז זיי וועלן ניט געפינען די עמעסע מאסערטע.

מיך נעמען זיי אין דעם קאנטראל ניט ארײַן — כ׳קאן ארײַנפאלן, און איך האב שוין אזוי אויך געגנוג אנגעליטן זיך — אי די צײַנער האט מען מיר אויסגעהאקט, אי אף די קני געשטעלט אף א גאנצער נאכט. און נאכן שפרינגען הייב איך ערשט איצט אן נארמאל צו ריידן.

הײַנט אינדערפרי, נאָכן אפּעל, האָט האנס געמאָלדן, אַז אין אונדזער בלאָק איז פאַרפאַלן געוואָרן א פּאָר שיך. אײנע א פרוי איז געקומען צו אים בעטן קלומפּעס, ווײַל באָרוועס קאָן זי ניט ארויסגיין צו דער ארבעט. ווער האָט גענומען די שיך?

שטיל...

האנס איז בייז געוואָרן. אויב ביז אָוונט וועלן די שיך זיך ניט געפינען, וועט ער וויסן, ווי אונדז צו באַשטראָפן. אין לאגער טאָרן ניט זײַן קיין גנייוועס!

ארויסגייענדיק צו דער ארבעט, האָט מען אַלעמען ווי געהעריק אונטער־זוכט. די שיך האָט מען, פארשטייט זיך, ניט געפונען.

דעם גאנצן טאָג האָט די גנייווע ניט געלאָזן צורו. ווער האָט געקאָנט נעמען? און צוליב וואָס? דער גאנעוו וועט דאָך ניט קאָנען אליין זיי אָנטאָן, ניט באהאלטן זיי (דאָס איינציקע אָרט צו באהאלטן איז דער סעניק, און אים קאָנטראָלירן די היטלעריסטן גאנץ אָפט). די ווײַבער האַלטן, אַז די גנייווע איז אָדער אן ויסגעטראכטע מײַסע, א פּראָוואָקאציע, אָדער די פרוי האָט פּאָשעט אליין ערגעץ פארוקט אירע צעריסענע שיך, קעדיי צו קריגן גאנצע קלומפּעס.

אין אָוונט פארן אפּעל האָב איך פאַרגעלייגט אויסצוטאָן די זאָקן: מי־סטאמע וועט מען ווידער דארפן שפּרינגען, וועט פון די אויף־מיר־זאָקן קיין זייכער ניט בלײַבן. אָבער קיינער האָט מײַן פאָרשלאָג ניט אונטערגעהאלטן — עס איז קאַלט.

נאָכן אפּעל האָט האנס א זאָג געטאָן, אַז באַלד וועט ער אונדז ווײַזן, וואָס עס קומט פאר גאנווענען. ער האָט געהייסן זיך איבערשטעלן צום שפּרינגען.

„וואָס האָב איך געזאָגט?" — גיב איך א ביטערן שמייכל צו מאשען. האנס האָט דאָס באמערקט, געהייסן צוגיין צו אים. איך בין פארשטיינערט געוואָרן. ער האָט מיך ארויסגעשלעפּט פון ריי און אזוי גענומען בויקערן, אַז מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ווי פון ווײַט האָבן זיך צו מיר דערטראָגן זײַנע ווערטער, אַז איך זאָל ,,Solieren" — שפּרינגען „סאָלאָ" פאר דער גאנצער ריי.

מיר שפּרינגען: איך — אנטקעגן זיי, — זיי אנטקעגן מיר. האַנס, ווי שטענדיק, לויפט ארום צווישן די רייען מיט שוים אפן מויל און קוקט זיך אַלץ אום אף מיר: „דו קענסט לאכן, איז קען איך שפּרינגען".

קוים וואָס איך אָטעם. די קויכעס גייען מיר שוין אויס. אפילו זיך אָפּגעשטעלט אף אן אויגנבליק, קאָן איך ניט אריינציִען דעם אָטעם. מיר דוכט, אז איך שפּרינג שוין ניט, נאָר די פיס, געליימטע און פולע מיט ווייטיק, הייבן מיך מעכאַניש, ווי אף פּרוזשינעס, און לאָזן ווידער אראָפּ.

איך געדענק קימאט ניט, ווי מע האָט אונדז אָפּגעלאָזט און ווי מאַשע האָט מיך, קוים א לעבעדיקע, געשלעפּט אף די טרעפּ. נאָכדעם האָט האַנס, דוכט זיך, געהייסן זינגען, אָבער אַלע האָבן געשוויגן. אוועקגייענדיק, האָט ער אָנגעשראָקן, אז מאָרגן וועלן מיר ווידער שפּרינגען...

מאַשע האָט אָנגעשריבן א ליד וועגן לאַגער. איך האָב זיך, פאַרשטענדלעך, ניט וואָס צו גלייכן צו איר. איך קען נאָר זיך וויצלען איבער אונדזערע צאָרעס. איר ליד איז אן ערנסטע. עס פילט זיך טיפער ווייטיק, אָבער ניט קיין האָפענונגסלאָזיקייט. זי ענדיקט מיט די ווערטער, אז דאָס איז וועט פּלאַצן, און מענטשן וועלן דערלאַנגען איינער דעם צווייטן פרייע פון קייטן הענט!

נעכטן איז געווען אן אקציע... דאָ הייבט זיך דאָס שוין אויך אָן...

אין דער צייט פונעם אָוונט־אפּעל זיינען אין הויף אָנגעקומען א סאַך סאָלדאַטן. לעכאַטכילע האָבן מיר אף זיי ניט געלייגט קיין אכט. ווען מיר האָבן אָבער דערזען, ווי אייניקע פון זיי רינגלען אונדז ארום, און די איבעריקע זיינען אוועק אין די באַראַקן — האָבן מיר זיך דערשראָקן.

וואָס וועט זיין?

דער אפּעל גייט ווי שטענדיק. האַנס ציילט: פון קעסל־קאַמער און פון קיך קומען צו לויפן די הייצערס און די קיך־ארבעטער (זיי מעגן זיך שטעלן אין לעצטן מאָמענט). עס קומט דער אונטערשאַרפירער. אַלץ ווי שטענדיק.

און פּאַרט קומט עפּעס פאָר...

וואָס טוען די סאָלדאַטן אין די באַראַקן? אן אונטערזוכונג? און אין מיין

סעניק ליגט דער טאָגבוך. מאַשע האָט שוין לאַנג געהייסן אַלץ באַגראָבן. פאַרוואָס האָב איך זי ניט געפאָלגט? איצט וועט מען געפינען...

און צוליב וואָס האָט מען אונדז אַרומגערינגלט? אַז מיר זאָלן זיך ניט וואַרפן אַהין, טאָמער איז עפּעס באַהאַלטן אין די סעניקעס? דאָך איז דאָס ניט ענלעך אויף אַן אונטערזוכונג — אַ צו גרויסע וואַך.

דער אונטערשאַרפירער האָט אונדז שוין איבערגעציילט, אָבער קיין קאָמאַנדע וועגן פאַנאַנדערגיין זיך גיט ער נאָך ניט. ער לאָזט אָפּ נאָר די קיך־אַרבעטער און די הייצער.

פון צווייטן בלאָק פירן די סאָלדאַטן אַרויס צוויי עלטערע ריגער פרויען. זיי זײַנען קראַנק און אָפן אָפּעל זײַנען זיי ניט אַרויס (האַנס האָט אין ראַפּאָרט געזאָגט, אַז עס זײַנען פאַראַן צוויי קראַנקע). מע פירט זיי צו די שוואַרצע פאַרמאַכטע אויטאָס. מיר האָבן גאָר ניט באַמערקט, ווי די אויטאָס זײַנען אַרײַנגעפאָרן אין הויף. סאָלדאַטן נעמען צו בײַ די פרויען, וואָס שטייען צום סאָף פון דער ריי, זייערע קינדער. אין ערשטן מאָמענט האָט קיינער גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, נאָר פּלוצעם האָבן אַלע אָנגעהויבן שרײַען און יאָמערן. די מאַמעס וואַרפן זיך צו די אויטאָס, ווילן ניט אָפּגעבן די קינדער, וויינען, שעלטן. איינע בעט זיך בײַם סאָלדאַט, ער זאָל זי אויך לאָזן פאָרן מיטן זונעלע. אַ צווייטע פאַלט אויף די קני, כאַפּט אָן דעם סאָלדאַט פאַרן פוס, ער זאָל ניט קאָנען אוועקטראָגן איר קינד. ער גיט איר אַ בריק מיטן שטיוול אין פּאָנעם און גייט אוועק מיטן קינד, וואָס פאַרגייט זיך פון געוויין. איינע וויל מיט גוואַלד אַרויסרײַסן איר קינד, בײַסט דעם סאָלדאַטס האַנט, נאָר צוויי אַנדערע סאָלדאַטן כאַפּן זי אָן, פאַרדרייען איר אויף הינטן די הענט און שלעפּן אוועק אין אַ זײַט. זי ראַנגלט זיך, וואַרפט מיטן קאָפּ, שרײַט, נאָר אַרויסרײַסן זיך קאָן זי ניט.

איינע אַ מאַמע טראָגט אַליין אוועק איר טעכטערל צום אויטאָ. דער היטלעריסט גיט אַ שלעפּ דאָס אייפעלע, וויל אַרײַנוואַרפן אין אויטאָ, אָבער דאָס קינד פאַרוואַרפט די הענטלעך אַרום זײַן האַלדז און טוליעט זיך צו אים. די מאַמע כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און פאַלט, ווי אַן אונטערגעשאָסענע. דער היטלעריסט שפּרײַזט אַריבער איבער דער מאַמען און שטופּט אַרײַן דאָס מיידעלע אין אויטאָ.

מע פירט אויך עלטערע לײַט. די מאַמעס וואַרפן זיך צו זיי, בעטן אַכטונג געבן אויף די קינדער, שרײַען אויס זייערע נעמען, אין וועלכן אויטאָ זיי זײַנען.

די אווטאָס גיבן אַ גלאַנץ מיט זייערע שוואַרצע זײַטן און פאָרן ארויס פון הויף. די מאַמעס בלײַבן דאָ. זיי וויינען, קלאָגן, רײַסן אויף זיך די האָר. די געכאַלעשטע פרוי קאָנען מיר נאָך אַלץ ניט אָפּמינטערן. זי ליגט, אין די הענט האַלט זי קאָנוווּלסיוו פאַרקוועטשט אַ הויפן ערד מיט שטאַרצנדיקע גרעזעלעך.

ס'איז פריליגג...

די מיידלעך האָבן געמאַכט דעם גרויליקן „כעזשבן". שאַבעס, בײַם דער קינדער־אַקציע, האָט מען אוועקגעפירט 60 קאַרבאַנעס: 41 קינדער און 19 זקיינים.

מיר זײַנען ווידער געשפּרונגען. מאַשע האָט מיך די גאַנצע צײַט שטיל געלערנט אָטעמען — ארײַנציִען לופט, פאַרהאַלטן, אויסאָטעמען און שפּרינגען ריטמיש, אין טאַקט מיטן אָטעמען. ווען דער אונטערשאַרפירער קערט זיך אָפּ, זאָל איך נאָר הייבן די פּלייצעס, אימיטירנדיק שפּרונגען.

ווען ס'האָט גענומען ווערן פינצטער, האָט דער אונטערשאַרפירער אונדז אָפּגעלאָזן. אין דער פינצטער איז שוין ניט אַזאַ עפעקט. האַנסן האָט ער געהייסן לאָזן אונדזער בלאָק אָן ברויט. אונדז האָט ער באַם אוועקגיין געדראָט, אַז אויב מיר וועלן כאָטש נאָך איין מאָל ריידן פרעך וועגן דער דײַטשישער מאַכט — וועט מען דאָ אָפּן אָרט דערשיסן ניט בלויז יענע, וואָס האָבן גערעדט, נאָר אויך יענע, וואָס האָבן געהערט און ניט דערציילט.

אָט פאַרוואָס מיר זײַנען געשפּרונגען!

ווײַזט זיך ארויס, אונדז האָט געמאַסערט ראָזע. די מיידלעך לייגן פאָר אָנברעכן איר די ביינער, און איך זאָג, אַז מע דאַרף צוטראַכטן עפּעס אַן ערנסטערע שטראָף, וועלכע ווייס איך אַליין ניט. עפשער איגנאָרירן זי, ניט ריידן מיט איר. אָבער די מיידלעך נעמען דאָס ניט אָן — ס'איז צו אינטעליגענט. איבערציילן איר אַלע ביינדעלעך — זאָל זי אויף ווײַטער ווייסן!

איך וועל מוזן היטן בײַ דער טיר: אויב דער וואַכמאַן וועט זיך דערנענטערן, געבן אַ צייכן.

באַנאַכט האָבן די מיידלעך, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, מיך אופגעוועקט און א באַרוועסע (די קלומפּעס קאָנען מיט זייער קלאַפּן אויסגעבן) אוועקגעפירט אף מײַן פּאָסטן. עטלעכע זײַנען ארופגעקראָכן אף די אייבערשטע נאָרעס, איבער דעם אָרט, ווו אונטן, אפן ערשטן שטאָק, שלאָפט ראָזע. איין מיידל האָט מיט א געביטענער שטים זי אופגעוועקט, געזאָגט, אז די שכיינע האָט געכאַלעשט (ראָזע איז פאר דער מילכאָמע געווען א קראַנקן־שוועסטער). ווי נאָר ראָזע האָט זיך ארויסגערוקט פון דער נארע, האָבן פון אויבן גענומען פאלן קאָלדרעס. די מיידלעך זײַנען אראָפּגעשפּרונגען, זי אָנגעכאפּט, ניט געלאָזן זיך ארויסרײַסן פון אונטער די קאָלדרעס, און גענומען נעריקן, בויקערן די ביינער, ווי עס באדארף צו זײַן, נאָר אזוי שטיל, אז אפילע איך האָב קימאט גאָרנישט ניט געהערט, כאָטש כ'האָב געוווסט, וואָס דאָרטן טוט זיך.

נאָך דעם אלעם האָב איך זיך צוריק געלייגט אף מײַן אָרט, אָבער אײַנשלאָפן האָב איך ניט געקאָנט — טאָמער וועט זי זיך קלאָגן? עמעס, זי ווייסט ניט, ווער עס האָט זי געשלאָגן, אָבער דאָס שפּילט ניט קיין שום ראָל — שטראָפן וועט מען אלעמען: עפּשער האָט מען פּאָרט די גאנצע מײַסע ניט באדארפט? דאָס ערשטע מאָל וואָלט גענוג געווען אָנצושרעקן זי.

הײַנט גייט ראָזע ארום א בייזע, מיט געשוואָלענע אויגן און קוקט ניט אף קיינעם. אָבער קלאָגן זיך האָט זי, ווײַזט אויס, מוירע.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מיר מאשע געזאָגט, אז די פרויען פון אונדזער טיש וועלן פײַערן דעם ערשטן מײַ. ווען מיר וועלן קריגן די ברויטפּאָרציעס, וועלן מיר ניט אראָפּשלינגען זיי, ווי שטענדיק, גלײַך אפן אָרט, שטייענדיקערהייט. מיר וועלן זיך פריִער אלע אויסזעצן ארום טיש, יאָמטעוודיק. עמעצער האָט צוגעזאָגט צו קריגן א צײַטונג און דערציילן, וואָס מע שרײַבט דאָרטן. פארשטייט זיך, פון א פאשיסטישער צײַטונג קאָן מען זיך קיין סאך ניט דערוויסן, דאָך וועלן מיר כאָטש דערהערן, וועלכע שטעט זיי האָבן ווידער פארלאָזן „צוליב סטראטעגישע טײַמים" אָדער „קעדיי אויסגלײַכן דעם פראָנט".

באלאָגים צו פראווען דעם יאָמטעוו האָבן זיך געפונען א סאך. האָבן מיר אין דער נאכט פון ערשטן מײַ צונויפגערוקט דרײַ טישן און זיך אויסגעזעצט. ליזע האָט דערציילט וועגן פראָנט. מיר האלטן אין כעזשבענען, ווען קאָן די

רוויטע ארמיי שוין זײַן דאָ. דאָס ברויט עסן מיר מיט קליינינקע ביסנס, געד לאסן, רויִק, פון די רייד וועגן פרײַהײַט ווערט אפן הארצן גוט און גרינג.

פלוצעם האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין הארצן — אין טיר שטייט דער אונ־טערשארפירער! און ליזע, אַנשטאָט דעם אויסרוף "Achtung!" האָט גאָר גענומען זינגען „לאנגע יאָרן!" זי מאכט זיך, אז זי האָט דעם אונטערשארפי־רער ניט באמערקט! מאשע זינגט מיט און שטורכעט מיר אין זײַט, כ'זאָל אויך אונטערהעלפן. און איך האָב פון שרעק פארלאָרן די שטים. איך צי הייזעריק „גליקלעכע יאָרן!" און פארשטיי קוים, אז מאשע זינגט אין פויליש „הונדערט יאָר!" צום סאָף, מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז זי האָט אָקאָרשט באמערקט דעם אונטערשארפירער, גיט ליזע א געשריי: "Achtung!".

מיר שפרינגען אוף פון די ערטער, ציִען זיך אויס און װארטן. װאָס װעט איצט זײַן?

דער אונטערשארפירער קוקט זיך מיט קאס ארום און פרעגט, וואָס איז דאָ פאר א פארזאמלונג. ליזע גיט אפילע ניט קיין פינטל מיטן אויג און ענטפערט, אז דאָס פײַערן מיר דעם געבורטסטאָג פון אונדזער טיש־עלטסטער. דער אונטערשארפירער װארפט אף אונדז א פארדעכטיקן בליק און גייט ארויס.

— און װען ליזען װאָלט ניט אײַנגעפאלן אָנצוהייבן זינגען? — פרעג איך.

מאשע לאכט פון מײַן נאיִװקײַט: דאָס איז דאָך געװען אן אָפּגערעדטע זאך פון פריִער.

זונטיק האָבן מיר, די „פאבריק־ארבעטערנס", װי שטענדיק, געארבעט אפן בוי־פלאץ. װען דער װאכמאן פלעגט זיך אָפּקערן, פלעג איך אופהייבן דעם קאָפּ און קוקן אפן בעז, װאָס בליט אף דער צװייטער זײַט פון װעג. עס דוכט זיך, אז דער װינט בײַגט בעקיװון די צװײַגעלעך אין אונדזער זײַט, קעדיי צו דערנעענטערן צו אונדז זייער אראָמאט.

װען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאגער, האָבן מיר געטראָפן די

העפטלינגען, וועלכע זײַנען צו דער ארבעט ניט ארויס, ווי זיי „לופטערן די לונגען" — מארשירן מיט א ליד. א געוויינלעך זונטיקדיק בילד. האנס מעלדעט, אז נאָך מיטיק וועט מען קיינעם ניט ארויסלאָזן פון די בלאָקן; אלע מוזן דורכגיין א מעדיציניש אונטערזוכונג.

א נײַער אומגליק אף אונדזערע קעפּ! מיר זײַנען זייער דאר, עמעסע סקעלעטן, אונדזערע קערפּערס זײַנען באדעקט מיט געשווירן, פון הונגער און איבערלעבונגען האָבן קימאט בא אלעמען אופגעריסן געשווירן. זיי זײַנען פול מיט אייטער, ווײַל מע היילט זיי ניט. די איינציקע „היילונג" — יעדן אינדערפרי און אין אָוונט לייגן מיר צו שמאטקעס, אײַנגעטונקטע אין קאלטן וואסער. מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו אונדזערע געשווירן, ווי מיר וואָלטן מיט זיי געבוירן געוואָרן. אָבער אז די היטלעריסטן וועלן זיי דערזען...

וואָס טוט מען? ווו טוט מען זיך אהין? עפּשער אויסבאהאלטן זיך אין טואלעט אף דער גאנצער צײַט, וואָס די אונטערזוכונג וועט געדויערן? און טאָמער וועט מען קומען קאָנטראָלירן אין טואלעט? איך פרעג אן אייצע בא מאשען. זי ענטפערט, אז אין אזעלכע פאלן קאָן מען קיין אייצע ניט געבן, יעדער מענטש קאָן נאָר אליין זײַן דער באלעבאָס אף זײַן לעבן. געפונען א צײַט, ווען צו פארנעמען זיך מיט פילאָסאָפיע! און וואָס וועט זי אליין טאָן? זי וועט גיין אף דער אונטערזוכונג, כאָטש אירע פיס זײַנען אויך אין געשווירן. פאראן דאָ אָבער פרויען, בא וועמען דער גאנצער קערפּער איז אין וווּנדן, זיי דראָט די סאקאָנע שטארקער, דארף מען זיי לאָזן זיך באהאלטן, מע טאָר ניט פארנעמען די ערטער, אין וועלכע אנדערע נייטיקן זיך מער. הייסט עס, אז איך דארף אויך גיין אף דער אונטערזוכונג?

נאָר פאר מיר האָט „געפּאסקנט" דער אונטערשארפירער: ער האָט געהייסן די סאָלדאטן באקוקן אלע ווינקעלעך, און ביז עס וועט זיך ניט ענדיקן די מעדיציניש אונטערזוכונג, קיינעם ניט ארײַנלאָזן אין טואלעט.

אלץ!

מע הייסט אונדז אויסטאָן זיך נאקעט און פאמעלעך, איינציקווײַז פארבײַגיין פארבײַ דער קאָמיסיע.

די ערשטע זײַנען שוין פארבײַ. די סאמע דארע, און יענע, וועלכע זײַנען דורכויס באדעקט מיט געשווירן, שטעלט מען אָפּ, מע פרעגט זייערע נומערן און מע פארשרײַבט די נומערן אין ביכלעך.

באַלד קומט אָן מײַן ריי. איך שטיי צוזאַמען מיט אַלעמען און ציטער: עס איז קאַלט און שרעקלעך. די הויט איז געוואָרן אַ „געַנדזענע". עס טוט וויי דער קאַרק, ווײַל איך האַלט די גאַנצע צײַט אומנאַטירלעך פאַרהויבן דעם קאָפּ, קעדיי די האָר זאָלן פאַרדעקן די געשווירן אויפן האַלדז. עס טוט וויי די האַנט, ווײַל זי איז פעסט צוגעדריקט צו דער זײַט, קעדיי פאַרדעקן די ווונדן אונטערן אָרעם. זאָלן זיי כאָטש ניט הייסן אויפהייבן די האַנט!..

די ריי רוקט זיך זייער לאַנגזאַם...

איך דערנענטער זיך שוין. ווי האַלט מען אײַן די פיס, זיי זאָלן זיך ניט בייגן?

מע רופט אויס! ניין, ניט מיך, נאָר די, וואָס הינטער מיר. איך גיי פאַרבײַ. איך קוק זיך לײַכט אום: די פרוי, וואָס איז געגאַנגען הינטער מיר, שטייט פאַר דער קאָמיסיע. דער היטלעריכט הייסט איר אַ דריי געבן זיך, ער באַקוקט זי פון אַלע זײַטן. ער זאָגט עפעס זײַן שאָכן. זי קוקט אויף זיי ביידן מיט אַ בעטנדיקן בליק. נאָר דאָס העלפט ניט. מע פרעגט בײַ איר דעם נומער און מע פאַרשרײַבט...

די ריי רוקט זיך ווײַטער.

פאַרענדיקט מיט אונדזער בלאָק, איז די קאָמיסיע אַראָפּ אין צווייטן. צו אונדז איז געקומען האַנס מיט די וואַכלײַט. ער האָט אויסגערופן יענע אַלע, וועמענס נומערן די קאָמיסיע האָט פאַרשריבן, און געהייסן זיי אַרויסגיין אין הויף, וווּ עס האָבן געוואַרט די שוואַרצע אויטאָס...

אַרויסגייענדיק, האָט האַנס געהייסן זיך גרייטן צום קאָנצערט. ער מוז זיך אָנהייבן פּונקט אין אַ שאָ אַרום, אַניט וועלן מיר שפּרינגען!

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין אַזאַ טאָג וועלן מיר בעסער שפּרינגען, אַבי ניט זינגען!

פון בוי־פּלאַץ זײַנען אַנטלאָפן דרײַ פרויען. ווי אַזוי און וווּהין — דאָס ווייסט קיינער ניט. מיסטאָמע, האָט זיי עמעצער געהאָלפן, ווײַל בײַ אַזאַ וואָך, טראָגנדיק געצייכנטע קליידער, וואָלטן זיי אַליין דאָס ניט געקאָנט אָפּטאָן. אינטערעסאַנט איז אָבער דאָס, וואָס קיינער האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווען זיי זײַנען נעלם געוואָרן. געכאַפּט האָט מען זיך ערשט דעמאָלט, ווען מע איז געגאַנגען צו מיטיק. די וואַכלײַט האָבן געפײַפט, געשריען, געזוכט, נאָר אומזיסט. דער אונטערשאַרפירער קאָן זיי דערפאַר אוועקשיקן אויפן פראָנט!

פארוואָס האָב איך ניט געוווסט, אז מע קלייַבט זיך אַנטלויפן? איך וואָלט זיי געבעטן, זיי זאָלן מיך אויך מיטנעמען. מיט מיר וואָלט זיי ניט געווען שווער — כ׳וואָלט בא זיי גאָרנישט ניט געבעטן, איך וואָלט זיך ניט געקלאָגט, איך וואָלט אויסגעקומען אפילע אָן עסן.

די פּלייטים זייַנען שוין אױף דער פרייַ. זיי זיצן איצט, מיסטאמע, אין א קעלער. זיי וועלן זיך דערוואַרטן אױף דער רויטער אַרמיי. מאַשע האַלט, אז זיי זיצן ניט אין קיין שום קעלער — זיי האָבן מיט קיינעם ניט געקאָנט צונויפ־רעדן זיך און האָבן פון קיינעם קיין הילף ניט געהאַט. עס האָט זיך פּאַשעט אונטערגערוקט א פּאַסיקער מאָמענט, זייַנען זיי אַנטלאָפן. זיי וועלן אין די נעכט פרווון גיין אין דער ווילנער ריכטונג, נאָר מע היט איצט זייער שטארק די וועגן און מע וועט זיי כאַפּן.

איז מאַשע גערעכט?..

נאָכן אָוונט־אַפּעל האָט מען אונדז דערלויבט אוועקגיין פון פּלאַץ. דער אונטערשאַרפירער האָט ארויסגערופן צו זיך האַנסן און די „פאַרשולדיקטע" וואכלייַט.

אין א שאָ אַרום איז האַנס געקומען צוריק און גענומען מיט א געשריי און מיט קלעפּ קאָנטראָלירן די גלייַכקייַט פון אונדזערע רייען. עס מוז זייַן א מוסטערהאַפטע אָרדענונג, ווייַל באַלד וועט אהער קומען דער שעף פון אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין לעטלאַנד.

וואָס וועט דאָ זייַן? עס לאָזט זיך מערקן, אז אױף האַנסן און אפילע אפן אונטערשאַרפירער אַליין ציטערט די הויט.

דער שעף איז געקומען. אין דער באַגלייטונג פונעם אונטערשאַרפירער און זייַן סוויטע איז ער מיט גאַדלעס פאַרבייַגעגאַנגען אונדזערע רייען, איבער־געציילט און מיט א פאַרקרימט פּאָנעם אויסגעהערט דעם אונטערשאַרפירערס ראַפּאָרט. די האַנסן (דער גרויסער און דער קלייַנער) האָבן אפילע ניט גע־וואַגט זיך צו דערנעענטערן. זיי זייַנען אויך געשטאַנען אין דער ריי. עמעס, אָפּגעטיילט פון אונדז, אָבער פּאַרט אין דער ריי.

דער שעף איז צוגעגאַנגען צו אונדז. ער האָט מיט דער נאַהייַקע אָנגע־וויזן אױף איין מיידל און געהייסן, זי זאָל ארויסגיין פאַרויס. נאָכדעם א צווייטע, א דריטע, אזוי האָט ער אָפּגעקליבן זעקס מיידלעך. אויסגעשטעלט זיי אַנט־קעגן אונדז, האָט ער געמאָלדן, אז ער נעמט זיי צו אַלס אָרוועס־לייַט. אויב מע וועט אין מעשעך פון פיר און צוואַנציק שאָ ניט געפינען די אַנטלאָפענע וועט מען די זעקס דערשיסן. אויב מע וועט די אַנטלאָפענע יאָ געפינען, וועט

מען די זעקס סיװוי דערשיסן. אזוי ווי הײַנטיקער פאַל איז אין אונדזער לאַגער דער ערשטער, נעמט ער דעריבער ניט מער ווי צו צוויי פאַר יעדער אַנטלאָפֿענער. אויב עפּעס ענלעכס וועט זיך איבערכאַזערן, וועט די שטראָף זײַן א פֿיל שטרענגערע. מיר מוזן היטן איינע די צווייטע. מיר מוזן דערציילן, ווען מיר דערוויסן זיך, אז עמעצער קלײַבט זיך אַנטלויפֿן. דאַן וועט ניט אויסקומען שטאַרבן.

דער פראָנט איז שוין ניט ווײַט פון ווילנע! די יעדיעס זײַנען, פאַר־שטענדלעך, ניט גאָר קיין פּינקטלעכע, פון א פאַשיסטישער צײַטונג (אזא צײַטונג געפינען מיר אָפּט אויף דער פאַבריק, אין פּרויען־טואַלעט אונטער דער שאַפע. ווײַזט אויס, עמעצער פון די לעטן לייגט זי אוועק ספּעציעל פאַר אונדז).

ווי געפינט זיך איצט דער פראָנט, איז שווער צו זאָגן. איינס איז אָבער קלאָר — פון רוסלאַנד און אוקראַינע האָבן די פאַשיסטן זיך שוין אָפּגע־טראָגן. איצט שלאָגט מען זיך ערגעץ אין ווײַסרוסלאַנד, שוין גאָר ניט ווײַט פונדאַנען, עפּשער אפילע נעענטער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר — די אָקופּאַנטן טיילן דאָך מיט וועגן זייערע פאַרלוסטן מיט א גרויסער פאַרשפּעטיקונג.

אָבער אין אונדזער לאַגער פילט זיך נאָך אַלץ ניט, אז די היטלעריסטן זאָלן זיך קלײַבן אַנטלויפֿן. זיי זײַנען נאָך אַלץ אַזעלכע צעיושעטע, ראָצכישע און בלוטגײַציקע.

איך האָב געפֿונען א פלעשל און אַרײַנגערוקט אין דעם מײַנע קסאָווים. כ׳האָב געמוזט אַלץ איבערשרײַבן אויף דינערן פּאַק־פּאַפּיר און מיט זייער קליינינקע אויסיעס, קעדיי עס זאָל מער אַרײַן.

איבערשרײַבנדיק, באַמי איך זיך גאַנצע שטיקער פאַרשרײַבן לויטן זי־קאָרן. די מיידלעך פאַרגלײַכן מיטן פאַרשריבענעם און זיי זאָגן, אז איך האָב א גוטן זיקאָרן. אין שול פלעגט מיר מײַן זיקאָרן אויך אָפּט אַרויסהעלפֿן. ווען איך פלעג זיך אמאָל ביז שפּעט אין אָוונט פאַרהאַלטן אפֿן גליטש און ניט מאַכן די היימישע שול־פאַרגעבונגען, פלעג איך לויטן זיקאָרן איבערכאַזערן אין געדאַנק אַלץ, וואָס דער לערער האָט דערקלערט פאַריקן מאָל און פלעג

אָפּט באַקומען אַ פּינף. נאָר איצט געדענק איך שוין פון די שול־לימודים, דוכט זיך, גאָרנישט.

ווידער זײַנען אַנטלאָפֿן העפטלינגען! דאָס מאָל פון דער זײַד־פאַבריק, שוין ניט קיין דרײַ, נאָר גאַנצע זיבן: זיבן מענער און צוויי מיידלעך. אין לאַגער איז אַ פּאַניק. מע וואַרט ווידער אויפֿן שעף. דער אונטערשאַרפֿירער שמײַסט אַרום ווי אַ ווילדער. ער שרײַט אויף האַנסן, אַז ער קען ניט אויס־שטעלן „די שווײַנען״. אונדז שרעקט ער, אַז ער וועט אַלעמען, ביז איינעם, דערשיסן. די וואַכלײַט דראָט ער, אַז ער וועט זיי מאָרגן אָפּשיקן אויפֿן פֿראָנט. אויפֿן קליינעם האַנסיק שרײַט ער, אַז דאָ איז צופֿיל בלאָטע. ער ווערט סאָף־קאָלסאָף אַנשטומט, ווען ער דערזעט, אַז אין טויער פֿאָרט אַרײַן דעם שעפֿס מאַשין. ער לויפֿט אַנטקעגן דעם שעף, ציט זיך אויס און שרײַט „הײַל היטלער!״ דער שעף ענטפֿערט ניט, ער וואַרפֿט נאָר אַרויס פֿאַרויס די האַנט.

מיר שטייען פֿאַרשטיינערטע.

דאָס מאָל קלײַבט ער ווידער אָפּ אַרוועס־לײַט און ציילט אַפֿילע ניט די אָפּגעקליבענע: ער גייט לענגאויס די רייען און ווײַזט אָן מיט דער נאַהײַקע, ווער עס זאָל אַרויסגיין פֿאַרויס. ער דערנעענטערט זיך צו אונדז... ער קוקט אויף מיר... הייבט אויף די האַנט... די נאַהײַקע גיט זיך אַ גליטש האַרט פֿאַרבײַ מײַן פּנים, נאָר זי טרעפֿט מאַשען. מאַשע מאַכט דרײַ טריט פֿאַרויס... מע וועט זי צונעמען!... דערשיסן!...

דער שעף איז צוגעגאַנגען צו די מענער. ער הייסט די אַרבעטער פֿון זײַד־פֿאַבריק, זיי זאָלן זיך אויסשטעלן אין איין ריי. ער הייבט זיי אָן ציילן. נאָך יעדע צוויי הייסט ער דעם דריטן אַרויסגיין פֿאַרויס. אַזוי ציילט ער אָפּ די גאַנצע ריי.

די אָפּגעקליבענע שטעלט מען אויס אַנטקעגן אונדז. צווישן זיי שטייט אויך מאַשע. דער שעף האַלט אַ רעדע. ער זאָגט, אַז שולדיק זײַנען מיר אַליין. מע האָט דאָך אונדז געוואָרנט, אַז אַלע ענטפֿערן דאָ פֿאַר יעדן איינעם. מיר האָבן ניט קיין סיבעס צו לויפֿן. מיר זײַנען דאָך באַזאָרגט מיט אַרבעט, מיט אַ דאַך און מיט עסן. מיר דאַרפֿן נאָר גוט אַרבעטן, וועלן מיר לעבן. נאָר פֿאַר אַנטלויפֿן — טויט־שטראָף, די אַנטלאָפֿענע וועט מען אַלציינס כאַפּן, אָבער די טויט־שטראָף איז כאָל אויך אויף אונדז.

אין הויף זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן די שוואַרצע אויטאָס...

נאָכאמאָל 21 יול. מיר איז שוין זיבעצן יאָר. דער ערשטער געבורטסטאָג אָן דער מאמען, דער פערטער אָן דעם טאטן. זײַנען זיי טאקע ניטאָ? עס קאָן ניט זײַן! עפשער מאטערט זיך די מאמע אויך ערגעץ אין א לאגער?

צי וועל איך דערלעבן דעם קומענדיקן געבורטסטאָג? ווו וועל איך דעמלט זײַן? די פאשיסטן וועלן שוין געוויס אײַנעמען א מיסע־מעשונע, אָבער צי וועל איך דאָס דערלעבן? די אָקופאנטן מאכן שוין אליין קיין סאָד ניט דערפון, אז דער פראָנט איז לעבן ווילנע. און ליזען האָט איינע א לעטן דער־ציילט אף דער ארבעט, אז פון ווילנע האָבן זיי זיך שוין לאנג אָפגעטראָגן, נאָר זיי האלטן דאָס נאָך בעסאָד.

איז דאָס טאקע עמעס? זײַנען טאקע אף די ווילנער גאסן ניטאָ קיין היטלעריסטן, קיינער פארהאלט דאָרט ניט, יאָגט ניט קיין פאָנאר, מע מעג דאָרט ארומגיין פראנק און פרײַ, אָן לאטעס, אפן טראָטואר? הערט מען מער ניט קיין שיסערײַען אין פאָנאר?.. ווען אלע דערמאָרדעטע וואָלטן אופגע־שטאנען פון די גריבער און זיך אומגעקערט צוריק אין זייערע היימען, וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אז די פאשיסטן, געטאָ, מורער, קיטעל, די אק־ציעס — אלץ איז געוועזן נאָר א לאנגער, וויסטער כאָלעם.

ליידער, איז דאָס ניט קיין כאָלעם נאָר די שוידערלעכע וואָר. פון פאָנאר וועט שוין קיינער ניט קומען צוריק...

הײַנט האָט מען אונדז רעגיסטרירט. האנס זאָגט, אז דאָס ברענגט מען אין אָרדענונג די קארטאָטעקע, ווײַל די לעצטע צײַט זײַנען אין לאגער פאָר־געקומען א סאך ענדערונגען (אָט אזוי „איידל״ באצייכנט ער די אקציעס און די צעשיסונגען!), דארף מען דאָס אָפשפיגלען אין דער קארטאָטעקע.

ווער וויסט, צי ער זאָגט אן עמעס?..

דאָס פאָרגעפיל האָט מיך ניט אָפגענארט.

בײַס דעם אָוונט־אפעל האָט דער אונטערשארפירער ארויסגערופן לויט א רעשימע די עלטערע מענטשן און געהייסן זיי אויסשטעלן זיך באזונדער. ער האָט זיי איבערגעציילט און געהייסן די וואכלײַט ארויספירן זיי הינטערן טויער...

זיי זײַנען „נישט ארבעטספעיק״ — זיי זײַנען עלטער פון 50 יאָר, דערי־בער מוז מען זיי „אריבערפירן אין אן אנדער לאגער״.

אָט צוליב וואָס מע האָט „געבראכט אין אָרדענונג״ די קארטאָטעקע.

די הייצער האָבן געפּרוּווט באַהאַלטן אין קעסל־רוים סוריצן (אַ באַרימטער אַרטיסט פון ריגער טעאַטער), אָבער איינער פון די וואַכלײַט האָט דאָס באַמערקט און אַלס שטראָף שיר ניט אָוועקגעפירט צוזאַמען מיט די עלטערע לײַט אויך די הייצער.

מע האָט אונדז געהייסן אָפּסנײַ אויסשטעלן זיך, קעדיי פאַרפולן די אינטערוואַלן. איך האָב געמוזט אַריבערגיין אין דער שכיינעסדיקער ריי, ווו ערשט מיט עטלעכע מינוט פריִער איז געשטאַנען אַ ריגער פרוי — ניט קיין הויכע, אַ גרויליכע, מיט זייער אַן אינטעליגענט פּאָנעם. אויף דעם אָרט, ווו זי איז געשטאַנען, זײַנען געבליבן נאָר די סימאָנים פון אירע פיס אויפן זאַמד. אָבער איך האָב געמוזט זיך שטעלן פּונקט אויף דעם אָרט, אַזוי אַז פון די סימאָנים איז קיין זייכער ניט געבליבן...

נאָך איין פרוי איז אַנטלאָפן, ווידער פון דער זײַד־פאַבריק. מע זאָגט, אַז אין איר האָט זיך פאַרליבט אַ יונגער לעט און ער איז נעלעם געוואָרן צוזאַמען מיט איר.

וואָס וועט איצט זײַן? מע געפינט זי ניט. אויף דער פאַבריק האָט מען געבראַכט שפּיר־הינט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט דערפילט — די שפּורן זײַנען פאַרשאָטן מיט טאַבעק.

דער אונטערשאַרפירער איז אינגאַנצן מעשוגע געוואָרן. ער שלאָגט מאַקאָס־רעצעך יעדן איינעם, וואָס מאַכט זיך אים אונטער דער האַנט. האַנס איז שוין הייזעריק פון שרײַען, און די וואַכלײַט גיסן אויף אונדז אויס די גאַנצע גאַל — זיי שטופּן, שלאָגן, סטראַשען, אַז זיי וועלן אונדז דערשיסן באַלד אויפן אָרט.

דער שעף קומט ניט. הייכט עס, קיין אָרוועס־לײַט וועט ער ניט נעמען. וועט מען צונעמען אַלעמען?..

קיין שרעקלעכס קומט דערווײַל ניט פאָר — מע צייכנט בלויז פונסנײַ די קליידער און מע שערט אָפּ די האָר. וואָאַדע איז אַ שאָד די האָר, נאָר זאָל כאָטש בלײַבן דער קאָפּ. די פרויען האַלטן, אַז מיסטאָמע דאַרפן די פאַשיסטן זייער נייטיק אַרבעטס־קראַפט, דעריבער שיסן זיי ניט.

מיט די ניי אָנגעשמירטע קײַלעכן אפן ברוסט און אפן רוקן שטייען מיר אין דער ריי צום „פריזירער“, מע זאָל אונדז אָפּשערן די האָר. עטלעכע מיידלעך זײַנען שוין מיט נאקעטע קעפּ. זיי זעען אויס שרעקלעך, פּאַשעט שווער צו דערקענען. די פּענעמער האָבן באקומען גאָר אן אנדער אויסזען. די קעפּ זײַנען עפּעס מאָדנע, ניט קיין רונדע: בא איינער איז אויסגעצויגן דער שפּיץ קאָפּ, בא א צווייטער איז פלאטשיק די פּאָטיליצע.

עטלעכע דרייסטערע האָבן ניט געוואָלט זיך לאָזן אָפּשערן. נאָר דער אונטערשארפירער האָט געוואָרנט האנסן, אז די, וואָס וועלן פּרוּוון ארויסדרייען זיך פון צייכענען אפּסנײַ זייערע קליידער אָדער פון שערן די קעפּ, זאָל מען פארהאלטן, ווײַל זיי קלײַבן זיך מיסטאמע אנטלויפן.

די קאלטע מאשינקע גליטשט זיך איבערן קאָפּ. אף די פּלייצעס, הענט, קני פאלן בינטלעך האָר. אויב ס׳וואָלט געווען ווו צו באהאלטן, וואָלט איך גענומען עטלעכע לאָקן אלס אָנדענק. אין קאָפּ ווערט מאָדנע קאלט...

איך בין שוין אן אָפּגעשוירענע. צי דען זע איך אויס אזוי שרעקלעך, ווי אנדערע? זיי מוזן דאָס זעלבע טראכטן, קוקנדיק אף מיר.

בא די מענער שערט מען אויס די האָר פון שטערן ביזן קארק, עס באקומט זיך א מין „וועג“. פון ביידע זײַטן לאָזט מען די האָר איבער. דערפון זעען די קעפּ אויס ווי צעטיילטע אף דער העלפט. אינגאנצן אָפּשערן די קעפּ איז די מענער פארבאָטן...

אין אונדזער בלאָק האָט מען געבראכט טאלייסים, צעריסן זיי אף שטיקלעך און צעטיילט אונדז. דאָס וועלן זײַן קאָפּטיכלעך. האנס האָט שטרענג באפוילן צו טראָגן די קאָפּטיכלעך ניט נאָר אף דער ארבעט — אויך אין לאגער. ארומגיין מיט א נאקעטן קאָפּ איז פארבאָטן!

הייסט עס, די פאשיסטן ווילן ניט, אז זײַטיקע מענטשן זאָלן זען, ווי זיי פארשפּרייטן זייער „קולטור“. זיי באמיִען זיך, אז מע זאָל זיי, די שעפער פון דער „נײַער אייראָפּע“, האלטן פאר נאָבעלע ריטער, פאר די טרעגער פון קולטור, פאר די אויסלייזער, זיי האָבן מוירע צו באווײַזן זייערע פינצטערע מײַסים. און איך וועל דאווקע ווײַזן! איך שעם זיך ניט צו גיין מיט א הוילן קאָפּ. זאָלן אלע זען, וואָס פאר אן עקלהאפטע זאכן די פאשיסטן טוען אָפּ.

איך וועל אומבאדינגט אויסטאָן דאָס קאָפּטיכל! איך וועל נאָך אנדערע צוריידן דערצו!

מײַן קריגערישע „העלדישקײַט“ האָט מיר געקאָסט טײַער!

די וואכלײַט האָבן געמאסערט, אז ווי נאָר מיר גייען ארויס פֿון לאגער, טוען מיר קימאט אלע אויס די קאָפּטיכלעך. האנס האָט מער ווי דאָס ניט באדארפֿט. נאָכן אפֿעל האָט ער אנדערע בריגאדעס אָפּגעלאָזט, און אונדז געהייסן שפּרינגען. געשלאָגן מיט דער נאהײַקע מער ווי אלעמאָל. נאָכדעם גענומען ארומיאָגן — אפֿן פּערטן שטאָק און צוריק, ארויף — אראָפּ, ארויף — אראָפּ.

קוים וואָס איך ריר זיך. דאָס הארץ קלאפּט מעשוגע גיך. אין מויל איז טרוקן. אין האלדז קוועטשן ספּאזמעס, איך ווער דערשטיקט. באלד וועל איך אנידערפֿאלן...

נאָר איך פֿאל ניט. האנסן איז שוין דערעסן געוואָרן ארומצויאָגן אונדז, הייסט ער ווידער שפּרינגען. „צוליב אָפּרו“ דארפֿן מיר מארשירן מיט א ליד און ווידער שפּרינגען. און קעדיי מיר זאָלן בעסער „פֿארגעדענקען“ די לערע — נאָך צען מאָל ארופֿלויפֿן אפֿן פּערטן שטאָק און אראָפּלויפֿן צוריק.

ווען ער האָט אונדז אָפּגעלאָזט, איז דער גאנצער בלאָק שוין לאנג געשלאָפֿן. מיר זײַנען, פֿארשטייט זיך, געבליבן אָן ברויט.

איך זען פּאָר מײַן מינדלעכע „אויסגאבע“ פֿאר אונדזער „פּרויען־עקספּרעס“, איך האָב אָנגעשריבן נאָך צוויי מעלדונגען. אין איינער איז געזאָגט, אז פֿון פּאריזש איז אָנגעקומען א נײַער זשורנאל פֿון מאָדעס. פֿונעם זשורנאל איז צו זען, אז פֿריזורן און היטעלעך זײַנען שוין ניט אין דער מאָדע. די לעצטע מאָדע איז — אָפּגעגאָלטע קעפּ און געשטרײַפּטע קאָפּטיכלעך. די פֿרויען פֿון שטראסדענהאָף האָבן די מאָדע, פֿארשטענדלעך, טייקעף איבערגענומען. אין דער צווייטער מעלדונג ווערט מיטגעטיילט, אז אין אונדזער לאגער האָט זיך געעפֿנט א נײַער פֿריזיר־לאָקאל — א מענער־סאלאָן, ווו מע שערט מענער לויט דער לעצטער מאָדע — מיט א „לויזן־אלייע“.

מע האָט ארויסגעפֿירט א סאך מענער. מע זאָגט, אז מע וועט זיי טרײַבן אָפּרייניקן פֿון מינעס די וועגן און פֿעלדער. איך האָב געפֿרעגט מײַן שכיינע, רוט, ווי רייניקט מען פֿון מינעס. זי האָט נאָר א זיפֿץ געטאָן און גאָרניט ניט געענטפֿערט. ליזע האָט מיר דערקלערט: די אומגליקלעכע וועלן פּאָשעט

מוזן גיין איבער א פאַרמינירטן פעלד, ביז זיי וועלן אָנטרעפן אף א מינע און אַרופליִען אין דער לופט, צעריסענע אף שטיקער.

שוידערלעך, ווי קאָן אַזוינס געשען?!

באַנאַכט האָבן מיר זיך אופגעכאַפּט פון אופרייַסן. מע באָמבאַרדירט! מיר ליגן אָן אָטעם און וואַרטן אף נייַע אופרייַסן. נאָר ס'איז שטיל...

אומזיסט זיך געפרייט... עפשער האָבן דאָס די דייַטשן אַליין עפּעס אופגעריסן אָדער די מענער פון אונדזער לאַגער האָבן ערגעץ ניט ווייַט זיך אופגעריסן אף די מינעס.

ווען מע האָט אונדז געוואָרנט, אַז דער פרימאָרגן־אַפּעל וועט זייַן מיט א האַלבער שעה פריִער, האָבן מיר לעכאַטשילע אף דעם ניט געלייגט קיין אכט. דערזען אָבער א סאַך סאָלדאַטן, זייַנען מיר געוואָרן אומרויִק. וואָס איז ווידער געשען?

די סאָלדאַטן האָבן פאַרפּלייצט טיר און טויער, אַפילע אַרופגעקראָכן אפן דאַך.

דעם אונטערשאַרפירערס געהילף האָט געבראַכט צוויי קעסטעלעך — איינס א גרעסערס, א שוואַרצס, און דאָס צווייטע א קלענערס, א העלס. אַוועקגעשטעלט זיי, איז ער אַרופגעקראָכן אף א בענקל און געמאָלדן, אַז די ניט־אַרבעטספּעִיקע, דאָס הייסט אַלע, וועלכע זייַנען עלטער פון דרייַסיק יאָר און ייִנגער פון אכצן, פירט מען אַריבער אין אַן אַנדער לאַגער.

וואָס אף זייער לאָשן הייסט „אַריבערפירן“, ווייסן מיר שוין.

און מיר איז ערשט פאַריקע וואָך געוואָרן זיבעצן...

דעם אונטערשאַרפירערס געהילף נעמט אַרויס פון שוואַרצן קעסטעלע א פּעקל קאַרטלעך און הייבט אָן אויסרופן לויט די נומערן. די, וואָס ווערן אויסגערופן, מוזן ענטפערן „יאַוואָל!“ און זיך שטעלן בא דער וואַנט. דער עסעסאָווע רופט אויס נומערן, און די קאַנדידאַטן אף קדוישים גייען אַריבער צום אָנגעוויזענעם אָרט. טעלעכע קאַרטלעך לייגט ער אָפּ אין א זייַט און רופט די נומערן ניט אויס: אפּאָנעם, אַז דאָס זייַנען קאַרטלעך פון מענטשן מיט א פּאַסיקן עלטער. ווידער ציפער, ווידער „יאַוואָל“. מענטשן גייען אַוועק איינער נאָכן צווייטן — אָן א סאָף. די רייען ווערן שיטערער, אַרום מיר זייַנען שוין

ארויס פינף פרויען, און דער עסעסאָוועץ — ניט ער ווערט הייזעריק, ניט ער ענדיקט. ער נעמט א נײַ פעקל קארטלעך. איצט וועט ער געוויס אויסרופן אויך מיך. ער וועט זאָגן: „פינף טויזנט זיבן!" איך וועל מוזן ענטפערן „יאוואָל" און אריבערגיין... און פון דאָרטן פירט מען אוועק...

אינגיכן ענדיקט זיך. אין האנט באם עסעסאָוועץ איז שוין געבליבן זייער ווייניק קארטלעך. דאָרט איז מיסטאמע אויך מײַנס...

שוין!.. ניין, ביז איך האָב זיך א כאפ געטאָן ענטפערן, האָב איך דערהערט, ווי אן אנדערע ענטפערט. ווײַזט אויס, אז ניט מיך האָט ער אויסגערופן. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך גאָר ניט געהערט דעם גאנצן נומער. דערהערט די ווערטער „פינף טויזנט", בין איך א טויטע געבליבן. א סאך נומערן הייבן זיך דאָך אָבער אָן פון דער זעלבער צאָל.

דער עסעסאָוועץ נעמט א דריט פעקל קארטלעך. דאָ ליגט שוין געוויס אויך מײַן קארטל. ער רופט אויס. מענטשן גייען. באלד וועל איך אויך גיין. דאָ וועט שוין מיסטאמע, קיינער ניט בלײַבן. בעסער וואָלטן זיי שוין גענומען אלעמען מיטאמאָל, צוליב וואָס די מאטערניש...

דעם אונטערשארפירערס געהילף איז אראָפגעשפרונגען פון בענקל, האָט ער שוין טאקע געענדיקט?

האנס האָט די פארבליבענע געהייסן זיך אויסשטעלן — מיר וועלן גיין צו דער ארבעט. איך באמי זיך אים ניט ווארפן אין די אויגן, ער זאָל ניט באמערקן, אז איך בין צו יונג. איך שפיר, ווי עמעצער דריקט מיר די האנט. דאָס זײַנען מײַנע שכיינעס, א צווילינג. מיר זײַנען דאָך פון איין יאָר! הייסט עס, ניט איך איינע בין געבליבן. עפשער איז דאָ ביכלאל פאראן מער מענטשן פון מײַן עלטער? לײדער, סאכאקל פינף... א צופעליקייט צי א טאָעס?

האנס האָט אונדז דרײַ מאָל איבערגעציילט און אָפּגעגעבן דעם אונטער־שארפירער א ראפּאָרט, אז אין לאגער זײַנען פאראן 520 העפטלינגען. די איבעריקע ציילט מען שוין ניט... און ערשט נעכטן האָט ער אין זײַן ראפּאָרט געזאָגט, אז אין לאגער זײַנען פאראן 1300 העפטלינגען.

די בריגאדעס זײַנען איצט זייער קליינינקע, איך שטעל זיך אפילע ניט פאָר, ווי מיר וועלן ארבעטן.

מע האָט אונדז באפוילן גיין צו דער ארבעט. יענע, וועלכע זײַנען אָפּגע־קליבן געוואָרן לויט די קארטלעך, האָט מען ארײַנגעיאָגט אין א פוסטן רוים, אין עק פליגעל.

דעם גאַנצן וועג עגבערט מיך איין געדאַנק: וויאַזוי בין איך געבליבן לעבן? צי איז דאָס א טאָעס פונעם אונטערשאַרפירערס געהילף אָדער מע האָט מיך בייס דער רעגיסטראַציע פאַרשריבן אַף א יאָר עלטער? און וויסן דאָס מוז איך, קעדיי קאָנען זיך אָריענטירן, ניט פּלאָנטערן באַם ענטפערן וועגן מיין עלטער, ווען זיי וועלן צוטראַכטן עפּעס א נייע אַקציע.

די שטימונג איז א שוידערלעכע. מער ווי א העלפט ווערקשטעלן אין פאַבריק שטייען. ערשט נעכטן האָבן בא זיי געאַרבעט פרויען, און היינט...

די לעטישע פרויען קוקן אַף אונדז מיט מיטלייד. זיי פרעגן זיך נאָך וועגן זייערע געהילפן. אפילע די מאַשינען דוכט זיך קלאַפּן שטילער...

אין לאַגער הערשט א גרויזאַמע שטילקייט. פריער פלעגן מיר צום אַפּעל זיך אויסשטעלן לענגויס דער גאַנצער געביידע, היינט איז אונדזער ליניע דערגאַנגען קוים ביז דער טיר...

נאָכן אַפּעל האָבן מיר ווידער געמוזט אַרבעטן, די מענער האָבן געשלעפּט וואַסער, די פרויען האָבן געוואַשן די דילן, די טרעפּ, אָפּגעוואַשן די בלוט־פלעקן.

ווען מע האָט די קדושים געיאָגט צו די אויטאָס, האָבן די מענער געפּרוווט אַנטלויפן. אייניקע פון זיי האָבן געקלעטערט איבערן צוים, אַנדערע זיינען אַריינגעשפּרונגען אין די בלאָקן, אין הייך־רוים, אין די טואַלעטן. די וואַכלייט האָבן געשאָסן אין די אַנטלויפנדיקע, געיאָגט זיך נאָך זיי. אין די בלאָקן און אַף די טרעפּ זיינען געבליבן ליגן פיל דערהאַרגעטע. צוויי האַרוגים זיינען געבליבן הענגען אַפן צוים. דעם, וואָס מע האָט געפונען אין הייך־רוים א לעבעדיקן, האָט מען געוואָלט אַריינוואַרפן אין פייער. לאַנג האָבן די וואַכלייט זיך געצייסעקט מיט איינעם א ריגער יידן, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין קוימען. זיי האָבן בעשומויפן ניט געקאָנט אַרויסשלעפּן אים. האָבן זיי אויסגעשאָסן מיט „דום־דום״־קוילן. אַרויסגעשלעפּט דעם טויטן קערפּער פאַר די פיס, געשלעפּט איבער די טרעפּ און אַריינגעוואָרפן אין אויטאָ צוזאַמען מיט די לעבעדיקע. אַף די טרעפּ איז אין דער לוזשע פאַרגליווערט בלוט פאַרבליבן א קניילעכל פון זיין מאַרך. מיר האָבן עס איינגעוויקלט אין א פּאַפּירל און מעקאַבער געווען אַפן הויף בא דער וואַנט. אָנשטאָט א מאַצייווע אַרומגעלייגט דעם קייווער מיט ווייסע שטיינדלעך...

שפּעט אין אָוונט האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין בלאָק. ער איז מאָדנע

פּוסט. מיר ריידן שטיל, ווי דאָ וואָלט ליגן אַ מעס. פון אַזאַ שטילקייט גייט דורך אַ ציטער איבערן לייב. שלאָפן לייגן מיר זיך אַלע צוזאַמען, אין איין ווינקל.

צוויי טעג איז געווען רויִק.

מיר האָבן זיך גערעכנט, אַז זונטיק וועט מען אונדז באַפוילן מאַרשירן מיט אַ ליד פאַרבײַ דעם קליינעם קײַוועל מיט די ווײַסע שטיינדלעך. צום פרימאָרגן־אַפּעל האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט שווערע הערצער.

נאָר פאַרגעשטאַנען איז אונדז עפּעס ערגערס. נאָכן אַפּעל האָט דער אונטערשאַרפירער געמאָלדן, אַז באַנאַכט איז אָנגעקומען אַ באַפעל עוואַקויִרן טייקעף דעם לאַגער. וואָס עס באַטײַט אויף זייער לשון „עוואַקויִרן", האָבן מיר גוט געוווּסט.

מע האָט אונדז אַרײַנגעיאָגט אין זעלבן באַראַק, ווו דאָנערשטיק האָט מען געהאַלטן די קאָרבאָנעס פון דער פאַבריקער אַקציע. די ווענט זײַנען געווען פאַרשריבן מיט אַ סאַך באַקאַנטע פאַמיליעס. לעבן זיי — דאַטעס, אַדרעסן, רופן צו נעמען נעקאָמע. ווען די מענטשן האָבן דאָס געשריבן, האָבן זיי נאָך געלעבט... איצט איז פאַרבליבן פון זיי נאָר אָט דער רוף.

עפּשער זאָל איך אויך לאָזן אַזאַ אָנדענק נאָך זיך? זאָל דאָס עמעצער אַמאָל איבערלייענען...

פּלוצעם האָבן אַלע זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר... קיין שוואַרצע אויטאָס האָבן זיך ניט געזען. עס זײַנען געשטאַנען עטלעכע לאַסט־אויטאָס. פון זיי האָט מען געוואָרפן פּעק מיט געשטרײַפטע העפטלינג־בגדים, וועלכע מיר האָבן שוין געזען אין „קייזערוואַלד".

מע האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, לאָזנדיק אויף זיך נאָר די שיך און קאַפּיטכלעך. עפּשער וועט מען אונדז טאַקע עוואַקויִרן? בלויז קעדיי אָפּנאַרן אונדז וואָלטן זיי דאָך ניט געפּאַטערט קיין בגדים. די ווײַבער זאָגן, אַז די פאַשיסטן האַלטן שוין, מיסטאָמע, זייער שמאָל, אויב זיי עוואַקויִרן אונדז מיט אַזאַ אײַלעניש, עפּשער האָבן פאַבריקע נאַכט טאַקע אויף אָן עמעצ באַמבאַרדירט אונדזערע? ווען מע פירט אונדז איצט ניט אַרויס, וואָלטן מיר זיך דערוואַרט דאָ אויף דער רויטער אַרמיי! און עפּשער וועט נאָך פּאַסירן אַ נעס, אַז אָט איצט. ווען מיר שטייען אין דער ריי און וואַרטן אויף די געשטרײַפטע בגדים, וועלן דורכן טויער זיך אַרײַנרײַסן רויטאַרמייער, צונעמען בײַ די היטלעריסטן זייער געווער, און — מיר זײַנען פרײַ!

ניין... קיין רויטארמייער זײַנען ניט געקומען, און מיר שטייען נאַקעטע אין ריי נאָך געשטרײַפּטע בגדים. אין ערשטן שטאָק זײַנען די שויבן ניט פֿאַרשמירט און די עסעס־לײַט צווינגען אונדז בעקיווין, מיר זאָלן צוגיין נעענטער צו די פֿענצטער, הינטער וועלכע עס שטייען די מענער. זיי, די מענער, שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און די סאָלדאַטן קאַטעווען זיי און צווינגען קוקן אויף אונדז.

עס דערגייט מײַן ריי. איך באַקום אַ לאַנג און גראָב העמד, הויזן פֿון זעלבן מין און אַ געשטרײַפּטע קלייד פֿון גראָבער סכוירע. דאָס קלייד מעשונע גרויס. איך זוך אַרום זיך אַ שטריקעלע, קעדיי אונטערבינדן זיך און זיך ניט פֿאַרפּלאָנטערן אין דעם.

מע יאָגט אונדז אַרויס אין הויף. אונדזער אָרט פֿאַרנעמען די מענער.

דעם אונטערשאַרפֿירערס געהילף און האַנס פֿאַרמאַכן און פֿאַרפּלאָמבירן אַלע טירן. די סאָלדאַטן לאָדן אויף אויטאָס זייערע זאַכן. אַלע פֿאָרן אַוועק. דער לאַגער ווערט ליקווידירט.

די מענער זײַנען שוין אויך איבערגעטאָן. עס פֿאָרן אַרײַן אין הויף די זעלבע שרעקלעכע שוואַרצע אויטאָס. די עסעס־לײַט טרײַבן אונדז, מיר זאָלן גיכער אַרײַנקריכן אין די אויטאָס. זיי שלאָגן אונדז, שטויסן, קוועטשן אַרײַן, ווי הערינג, אין אַ פֿעסל. די אויטאָס זײַנען אָן פֿענצטער, אָן לופֿט, נאָר די סאָלדאַטן שטופּן אין זיי נאָך און נאָך מענטשן. אַלע מוזן אין זיי אַרײַן.

איך שטיי אַ האַלב דערשטיקטע, קאָן ניט אָטעמען. מיר דוכט, אַז אָט־אָט ברעכן זיך איבער די ריפּן. דערצו איז איין האַנט מעשונעדיק אויסגעדרייט, און איך קאָן זי ניט אויסגלײַכן.

די שוואַרצע מאַשין פֿאָרט. אַמאָל גלײַך, אַמאָל פֿאַרקערעווענדיק, נאָר זי טראָגט זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער. מיר דרייען זיך שוין רעדער פֿאַר די אויגן, די פֿיס האַלטן ניט, אָט פֿאַל איך. זיי וואָלטן זיך כאָטש אויף איין רעגע אָפּגעשטעלט, געעפֿנט די טיר און אַרײַנגעלאָזט לופֿט.

סאָפּקאָלסאָף זײַנען מיר אָנגעקומען. מיר זײַנען אין האַפֿן. מע שטעלט אונדז ווידער אויס, מע ציילט אונדז נאָכאַמאָל איבער און מע יאָגט אונדז צו אַ גרויסער שיף. דאָס איז מיסטאַמע אַ קריגס־שיף, ווײַל אונטער צודעקן שטעקן רערן פֿון האַרמאַטן. אויף דער שיף לאָדט מען קאַסטנס. וואָס ליגט אין די קאַסטנס, ווייסן מיר ניט. די פֿרויען זאָגן אַרויס אַ השערה, אַז דאָס פֿירן פֿאַשיסטן אַרויס מאַשינען און אַנדערע ווערטפֿולע כפֿייצים.

מע טרײַבט אונדז אַרײַן אין שיף. די שיף־דעק איז גרויס, קימאַט ווי אַ שטאָט־פּלאַץ. אַ היטלעריסט עפנט אַ ליוק און הייסט אונדז אַראָפּקריכן אונטן. דאָס לייטערל שטייט גלײַך, ווי אַ וואַנט. איך קריך אַראָפּ. אונטן איז זייער פינצטער. אין דער טיף פירן נאָך און נאָך לייטערלעך. טרײַבט מען אונדז אַלץ ווײַטער און טיפער.

סאַפּקאַלסאַף בין איך שוין אויפן סאַמע דעק פון שיף. טאַפּנדיק, זוך איך אַן אָרט, וווּ צו זעצן זיך. דאָ געפינען זיך שוין פיל פרויען. פאַראַן דאָ העפט־לינגען אויך פון אַנדערע לאַגערן.

וווּהין פירט מען אונדז? זאָל כאָטש אויפן נײַעם אָרט ניט זײַן נאָך ערגער. און דער איקער — מיר דערווײַטערן זיך אַלץ מער פון פראָנט.

מיר זיצן. דאָרטן, פון יענער זײַט שיף, רירט זיך עפּשער די צײַט, נאָר דאָ איז זי פאַרגליווערט געוואָרן. ס׳איז נאָך אַלץ טאָג צי עס איז שוין אָוונט?

די ליפּן זײַנען פאַרטריקנט, עס מאַטערט דער דורשט. עס איז שרעקלעך הייס. אַ שטיקנדיקע לופט. דאָס קלייד רײַבט אין האַלדז און אונטער די אָרעמס, עס טוט זייער ווי, נאָר אויסטאָן האָב איך מוירע — אין דער פינצ־טער קאָן איך עס פאַרלירן. וואָלט איך כאָטש געקאָנט אויסציִען די פיס!..

די שיף שטייט נאָך. אַזוי לאַנג געדויערט די אָנלאָדונג? און וואָס פירן זיי פונדאַנען אַרויס?

די, וואָס זיצן נעענטער צום אַרויסגאַנג, קלאַפּן אין טירל פון ליוק, בעטנ־דיק וואַסער. קיינער ענטפערט ניט. פּלוצעם האָט דאָס טירל זיך אָן עפן געטאָן און דער קאָנוואָיִר האָט בייז אויסגעשריִען: „ווער עס וועט טומלען, וועט פליִען אויף יענער זײַט שיף! דאָרט איז פאַראַן גענוג וואַסער!"

דער ליוק האָט זיך פאַרהאַקט. ווידער פינצטער.

ענדלעך האָט זיך די שיף גערירט פון אָרט. מיר שווימען. וווּהין? צי וועלן מיר זיך אַמאָל אומקערן?..

אַז עס איז שוין אָנגעקומען אַ נײַער טאָג, דערוויסן מיר זיך פון די מייד־לעך, וועלכע זײַנען געקומען פון דעק. דער סאָלדאַט, וואָס שטייט בײַם טירל פון אונדזער ליוק, טוט אונדז דעם כעסעד און דערלויבט אַרויסטראָגן גע־כאַלעשטע.

איך וואָלט אויך וועלן אַרויסכאַפּן זיך אויפן שיף־דעק, נאָר אַנדערע יאָגן מיך אַריבער: זיי באַמערקן גיכער די געכאַלעשטע.

מײַן שכײנע האָט מיר פֿאַרגעלײגט צו מאַכן מיט איר און מיט דער כאַ־ווערטע אירער א „דרײַלינג": אײנע װעט „כאַלעשן", און צװײ װעלן זי אַרויס־טראָגן. איך קען ניט סימולירן. בעסער װעל איך טראָגן.

און אָט איז לופֿט! איך אָטעם טיף־טיף. די זון בלענדט די אויגן, א װינ־טעלע בלאָזט אַנגענעם אין פּאָנעם. אַרום איז ראַכוועסדיק און שײן — זון, הימל און יאַם. אינדערװײַטן זעט זיך עפּעס, מיסטאָמע א שטאָט. עפּשער מעמל? איך בין א געבוירענע פֿון מעמל.

— צוריק! — שרײַט דער דײַטש. אַזוי גיך?.. אונדזער „כוילע" האָט צו פֿרי געעפֿנט די אויגן.

באַנאַכט האָט מען אַפֿן דעק ניט אַרויסגעלאָזט. מיר זײַנען געזעסן פֿאַר־שמאַכטע, פֿאַרשוויצטע.

מיטאַמאָל דערהערן מיר פֿון אויבן א שטים פֿון א היטלעריסט: „לופֿט־אַליאַרעם! ניט רירן זיך! איך װעל שיסן!" װי אַזוי קאָנען מיר זיך רירן? און װעמען אַרט עס, אַז מיר רירן זיך יאָ, צי דען װעט מען אונדז דערזען פֿונעם אַעראָפּלאַן? קאָמיש.

אינדערפֿרי האָט מען געבראַכט ברויט. ניט געטײלט, נאָר פּאָשעט גע־וואָרפֿן װי פֿאַר בהמות. אײניקע האָבן געכאַפּט צו עטלעכע שטיקלעך, אַנ־דערע (צווישן זײ, פֿאַרשטײט זיך, אויך איך) — גאָרניט. די גליקלעכע האָבן זיך געטײלט מיט אונדז. עמעצער האָט מיר אַרײַנגערוקט אין האַנט א קלײן שטיקעלע — ס'האָט געקלעקט אַף פֿיר ביסנס.

עס האָט זיך געענדיקט דער אומדערטרעגלעכער לאַנגער טאָג, עס איז דורכגעגאַנגען אויך די שווערע נאַכט.

אַרום האַלבן טאָג האָט די שיף געגומען שווימען לאַנגזאַמער און זיך אָפּ־געשטעלט. אָבער אונדז לאָזט מען ניט אַרויס. מע װעט אונדז דען פֿירן װײַ־טער? אויב יאָ, װעלן מיר געוויס דערשטיקט װערן.

סאָפֿקאָלסאָף האָבן מיר זיך דערוואַרט אַפֿן „הערױס!"

מיר זײַנען אַרויס אַפֿן ברעג און זיך אויסגעשטעלט אין רײען. דער ברעג איז לאַכלוטן ניט ענלעך אַף א האַפֿן: א פֿעלד, א װעג און עטלעכע הײַזקעס.

עס האָט זיך באַוויזן אַ כאָפּטע ייִנגלעך, וועלכע זײַנען געקומען צו לויפן אָנקוקן אונדז. עמעצער האָט בײַ זיי שטיל געפרעגט, ווו זײַנען מיר? זיי האָבן געענטפערט, אַז ניט ווײַט פון דאַנציג. און מיך האָט אַפילו ניט אינטערעסירט, ווו מיר געפינען זיך. אַבי גאָר עס איז פאַראַן לופט צום אָטעמען.

מע האָט אונדז אַפּסנײַ איבערגעציילט און געטריבן ווײַטער. מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו אַ טײַך. עס איז שוין געוואָרן פינצטער. מע האָט אונדז אַרײַנגעטריבן אין געדעקטע שוואַרצע באַרזשעס. עס האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע, וואָס אויף דער שיף: מע טרײַבט אונדז אין די באַרזשעס און מע פּרעסט אונדז דאָרט צונויף, ווי הערינג אין פעסער. די סאָלדאַטן דראָען, אַז יעדן איינעם, פאַר וועמען עס וועט קיין אָרט ניט קלעקן אין די באַרזשעס, וועט מען דערטרינקען אין טײַך. צונויפגעפּרעסטע, צונויפגעשטיקטע האָט מען אונדז אַוועקגעפירט.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען, ווי אַ קאָשמאַר, עס איז מאַמעש אַ נעס, וואָס מיר זײַנען ניט דערשטיקט געוואָרן.

אויף מאָרגן, ווען די זון איז שוין געווען גאַנץ הויך, האָט מען אונדז, ענדלעך, אַרויסגעטריבן אויפן ברעג. מיר האָבן אַפילו ניט באַוויזן אָפּצואָטעמען און מע האָט אונדז שוין געיאָגט ווײַטער.

אויף די קרייץ־וועגן — אָנווײַזערס מיט אויפשריפטן „שטוטהאָף". מיר שטעלן זיך שוין פאָר, וווּהין מע פירט אונדז.

מיר גייען פאַרבײַ אַ דאָרף. ווי ריין און ציכטיק דאָ איז! פון ביידע זײַטן געסל דרעמלען אין דער זונענשײַן הײַזקעס. יעדע פון זיי איז אַרומגעצאַמט, הינטערן פּלויט — אָן אַ שיר בלומען. עס שפּילן זיך קינדער... ווי שטיל דאָ איז! ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען אויף דער וועלט קיין מילכאָמע, היטלער, פאַנאַר...

פונווײַטן זעען זיך לאַנגע רייען באַראַקן. זיי זײַנען פאַרשטעלט דורך אַ פּראַכטפולן סאָד מיט שיינע אַלייען, עטלעכע מויערלעך, אַ פאָנטאַן, הוידלקעס, אַ פּינג־פּאָנג־טיש — קורץ, אַ גאַניידן. ווען דער סאָד האָט זיך געענדיקט, האָט פאַר די אויגן זיך אַנטפּלעקט אַ מידבער, שטעכלדראָט, די באַראַקן שטייען ווי אַרײַנגעשטעקט אינעם זאַמד און זײַנען אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן מיט קווערע רייען שטעכלדראָט. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז דער גאַנצער לאַגער איז צעטיילט אויף גרויסע דורכזיכטיקע שטײַגן פאַר פי. אַרום דעם צוים, אונטערגעשפּאַרט מיט הויכע באַלקנס, שטייען וואַך־טורעמס מיט פענצטערלעך אין אַלע פיר זײַטן.

באַם טויער — דײַטשישע אָפיצערן. פאַרן אַרײַנלאָזן ציילט מען אונדז איבער. אַ מאָנאָטאָנע שטים וואָרנט אונדז, אַז צוגיין צום צוים איז שטרענג פאַרבאָטן, ער איז אָנגעלאָדן מיט אַן עלעקטרישן שטראָם.

מיר זײַנען אַרײַן אין דער ערשטער שטײַג. דער טויער הינטער אונדז האָט זיך גלײַך פאַרמאַכט. מע עפנט דעם פאָלגנדיקן טויער און מע טרײַבט אונדז אין דער פאָלגנדיקער שטײַג. מע פאַרמאַכט ווידער דעם טויער, מע טרײַבט אונדז אין דער דריטער שטײַג. און אַזוי אַלץ ווײַטער און טיפער אין לאַגער.

ווען מיר גייען פאַרבײַ די באַראַקן, פרעגן בײַ אונדז די העפטלינגען, וועלכע געפינען זיך דאָרט, פונוואַנען זײַנען מיר. פאַר ענטפערן אויף פראַגן כאַפּן מיר אומדערבאַרעמדיקע קלעפּ, נאָר מיר קאָנען זיך ניט אײַנהאַלטן און ענטפערן. פון די באַראַקן ווענדט מען זיך צו אונדז אין רוסיש, פּויליש, ייִדיש. בײַ איין באַראַק שטייען זייער אויסגעצערטע פרויען, ווײַזט אויס, קראַנקע. זיי פרעגן גאָרנישט, נאָר זיי ראָטן אונדז, מיר זאָלן זיך היטן פאַר איינעם אַ מאַקס.

רעכטס פון די פרויען־באַראַקן שטייען די מענערישע. די צוים צווישן די פרויען־ און מענער־באַראַקן איז אַ דאָפּלטע — צוויי רייען שטעכלדראָט. זיי זײַנען אָפּגעטיילט איינע פון די צווייטע דורך אַ גרויסן שעטעך. פון דער אינווייניקסטער זײַט פון צוים ציִען זיך צוגאָבלעכע רייען שטעכלדראָט סאַמע ביז דער ערד.

די מענער קוקן נאָך, ווי מע פירט אונדז פאַרבײַ. וועבר־ניט־וועבר פון זיי גיט אונדז אַ וואָרף אַ פראַגע, פונוואַנען זײַנען מיר. איינער אַן עלטערער מענטש, ווען ער האָט דערהערט, אַז מיר זײַנען פון ווילנע, פרעגט בײַ אונדז, צי זײַנען מיר שוין לאַנג פון דער היים. זײַן פּנים איז מיר זייער באַקאַנט, נאָר אומקערן זיך און נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף אים איז געפערלעך — האַרט לעבן מיר שפּאַנט אַ דײַטשישער זעלנער.

מע האָט אונדז געבראַכט אין די לעצטע באַראַקן — אין נײַנצנטן און צוואַנציקסטן. עס האָבן אונדז באַגעגנט עטלעכע עסעס־לײַט און איין ציווי־לער, נאָר מיט אַ העפטלינג־נומער. דער ציווילער האָט מיט אַ געשריי גע־הייסן אונדז אויסשטעלן זיך צום אַפּעל און גלײַך גענומען אונדז מײַמעסן מיט די הענט און פיס. פאַרוואָס? מיר שטייען דאָך אין אַ גלײַכער ריי, און ער האָט אונדז קיין זאַך נאָך ניט געהייסן.

איך האָב זיך אויסגעצויגן און בין געבליבן שטיין ווי א פארגליווערטע. נאָר אָט דער ציווילער האָט זיך פײַל־אויסן־בויגן א לאָז געטאָן צו מיר. איך האָב אפילע ניט באוויזן צו טרעפן, אין וועמען ער צילט, ווי איך האָב דער־פילט א שרעקלעכן ווייטיק, מאמעש די קישקעס האָבן זיך איבערגעדרייט.

די עסעס־לײַט זײַנען זיך געשטאנען אין א זײַט און געקליבן נאכעס.

שטארק צענעריקט אלעמען, האָט דער סאדיסט זיך פארקעמט, פארשטעקט אין די הויזן די עקן פון העמד און גענומען אונדז ציילן. אינמיטן ציילן האָט אן אָפיצער באמערקט, אז ס'איז שוין צײַט צו גיין עסן מיטיק. זיי זײַנען אלע אוועק און אונדז געלאָזט שטיין.

אין צווייטן עק פון דער ריי זײַנען געשטאנען עטלעכע צענדליק פרויען, וועלכע מע האָט געבראכט אהער פריִער פון אונדז. זיי דערציילן, ווי דאָ לעבט זיך. יעדעס וואָרט זייערס גייט שטיל איבער פון מויל צו מויל. די פרויען זײַנען פון פוילן. אין די איצטיקע בלאָקן געפינען זיי זיך סאכאקל א וואָך, פריִער האָט מען זיי געהאלטן אין אנדערע בלאָקן. דאָ איז ערגער, ווײַל דער עלטסטער פון די בלאָקן איז מאקס, דער זעלבער, וואָס האָט איצט אלעמען געשלאָגן. דאָס איז א טײַוול אין געשטאלט פון א מענטשן. עטלעכע זײַנען שוין אונטער זײַנע קלעפּ געפאלן טויט. אליין איז ער אויך א העפט־לינג, ער זיצט שוין דאָס עלפטע יאָר פאר דערמאָרדן זײַן אייגן ווײַב און די קינדער. די עסעס־לײַט זײַנען שטארק צופרידן פון זײַן ווילדער אכזאָריעס.

איז אָט ווי עס לעבט זיך אין אן עמעסן קאָנצענטראציע־לאגער! אויב אזוי, איז אין שטראסדענהאָף געווען נאָך צו פארלײַדן...

די עסעס־לײַט און מאקס האָבן זיך צוריקגעקערט ערשט פארנאכט. מיט קלעפּ און קלאָלעס ווי־ניט־איז אונדז איבערגעציילט און ארײַנגעלאָזן אין באראק. די נארעס זײַנען דאָ אויך דרײַשטאָקיקע, אָבער אָן שטרוי־זעק און קאָלדרעס — בלויז ניט קיין געהובלטע ברעטער.

עס וועקט אונדז אויף דאָס געשריי פון מאקסן. דורכן אָפענעם פענצטער פליִען שטיינער. מיר לויפן צו דער טיר. דאָ איז א שפּארעניש, א שטופּעניש. פּלוצעם גיבן זיך אלע א ריס אף צוריק: מאקס שטייט באם טיר, און ווער עס גייט דורך פארבײַ אים, באקומט קלעפּ אין קאָפּ. מיר ווילן שפּרינגען דורכן פענצטער, נאָר מאקס איז שוין אויך דאָ, ער שלאָגט שוין פאר „ברעכן די אָרדענונג". צי דען ווייסן מיר ניט, אז ארויסגיין דארף מען דורכן טיר?..

איך לויף צוריק צום טיר און דריי זיך קוים אויס פון דער אײַזערנער פויסט פון מאקסן — ער איז שוין ווידער באם טיר.

אלס שטראָף דערפאר, וואָס מיר האָבן עטוואָס פארשפעטיקט צום אפעל, לאָזט אונדז מאקס שטיין א גאנצן טאָג אונטער דער ברענענדיקער זון. ער וואָרנט, אז מיר מוזן שטיין אומבאוועגלעך. בא דער קלענסטער באוועגונג וועט מען שיסן.

די זון סארפעט אָן ראכמאָנעס. עס מאטערט שרעקלעך דער דורשט. די פיס ציטערן און בייגן זיך. אָט וועל איך זיך א וואָרף טאָן אין זאמד, אין שטויב, אבי נאָר א רעגע אָפּרוען.

מע האָט אונדז רעגיסטרירט. פארשרײַבן דעם עמעסן עלטער האָב איך מוירע — ייִנגערע פון אכצן יאָר האלטן זיי דאָך פאר ניט־ארבעטספעיִקע. כ׳האָב א מורמל געטאָן, אז מיר איז צוואנציק. און טאָמער וועט דער עסעסאָוועץ ניט גלייבן? פאר א ליגן וועט מען דאָך געוויס דערשיסן! צום גליק, האָט ער אפילע ניט א קוק געטאָן אָף מיר.

מע האָט אונדז געגעבן נומערן, געדרוקטע אָף שטיקלעך שטאָף, געהייסן גלײַך צונייען צו די בגאָדים (ספעציִעל געבראכט נאָדלען מיט פאָדעם).

איך בין שוין מער ניט „נומער 5007", איך בין געוואָרן „נומער 60821".

נאָך דער רעגיסטראציע האָט מען געגעבן סופּ. דאָ איז ער נאָך אן ערגערער, איידער אין שטראסדענהאָף. פאָשעט א ביסל וואַרעמלעך, מוטנע וואסער אָן איין גרײַפל. עטלעכע מיידלעך האָט אָפּגעגליקט: זיי האָבן געפונען אינעם שיסעלע צו שטיקלעך בולבע־שאָלעכץ.

מיר זײַנען אין דעם גענעם שוין נײַן טעג. מיר גייען אלע ארום מיט אונטערגעהאקטע אויגן פון די קלעפּ, מיט וועלכע עס איז אונדז מעכאבעד מאקס. איך רוף די סיניאקעס „מאקס־אווטאָגראפן" און אייניקע פרויען זײַנען אין קאס, לעמיי מיר ליגן נאָך אלץ אין זינען כאָכמעס. נאָר איך טראכט גאָר ניט וועגן כאָכמעס, דאָס באקומט זיך בא מיר אומגערן.

באטאָג, פונעם פרימאָרגן־אפעל ביזן אָוונט־אפעל, איז ארײַנגיין אין די באראקן פארבאָטן. אויב מאקס שרײַט נישט "Stillstand!"[1] אָדער באפוילט

[1] שטיין שטיל!

ניט צו שטיין אף די קני — זיצן מיר אף דער ערד, אין שטויב, אונטער דער ברענענדיקער זון. קיין שאָטן, ווו זיך צו באהאלטן, איז ניטאָ. טרינקען גיט מען ניט, אויב ניט רעכענען דאָס קליינע שיסעלע „קאווע" פאר פינף פרויען, וואָס מיר באקומען צום פרישטיק.

די עסעס־לייט האָבן שוין דריי מאָל אָפּגעקליבן פון אונדזער בלאָק קאַרבאָנעס פאר דעם קרעמאטאָרי. זיי שטעלן אונדז אויס, באטראכטן, און די סאמע אויסגעדארטע פירן זיי אוועק. די ערשטע צוויי מאָל האָבן זיי צוגע־נומען דרייסיק מענטשן, מיט עטלעכע טעג צוריק — זעכציק. ווו געפינט זיך דער קרעמאטאָרי, ווייסט קיינער ניט. מע זאָגט, אז ערגעץ באם אריינגאנג.

איינער פון יענע, וואָס טראָגן פאנאנדער דעם סוף, האָט איבערגעגעבן, אז די ווילנער פרויען שיקט א גרוס דער שרייבער באליס ברואָגא. איז אָט וועמענס פּאָנעם ס'האָט מיר דאן אויסגעזען צו זיין באקאנט! און וואָס איז דער וווּנדער, וואָס איך האָב אים ניט דערקענט, כ'האָב דאָך געזען נאָר זיינע פּאָטאָגראפיעס אין ביכער, דערצו ניט אין געשטרייפטע בגאָדים און ניט אזא אויסגעצערטן.

מיר דוכט, אז איך האָב געזען אין די מענער־באראקן א. ר. צוזאמען מיטן טאטן. נאָר וויפל איך קוק זיך ניט איין, זע איך זיי מער ניט. עס איז ווייט. אלץ איז אין נעפּל. און עפשער האָב איך א טאָעס? איך ווייס דאָך ניט, וואָס מיט אים איז געשען, איך טראכט דאָך, אז ער לעבט, דוכט זיך מיר דעריבער אויס, אז איך זע אים.

עס זיינען געקומען עסעס־לייט אין שווארצע מונדירן און געהייסן אונדז זיך אויסשטעלן, פארבייגיין זיי און ווייזן די פיס. בא וועמען די פיס זיינען מיט א סאך געשווירן, טרייבט מען גלייך אָפּ אין א זייט, אויב די פיס זיינען פארהעלטנישמעסיק ריין פון געשווירן, קאָנטראָלירט מען אויך די מוסקולן פון די הענט.

איך בין אריינגעפאלן צווישן די געזונטע. מע האָט אונדז אויסגעשטעלט און איבערגעציילט. די לעצטע צוויי פון דער ריי האָט מען געיאָגט צוריק, קעדיי אין ריי זאָל בלייבן א גלייכע צאָל — דריי הונדערט.

מע האָט געעפנט דעם טויער און ארויסגעפירט אונדז אין דער שכיינעס־דיקער אָפּטיילונג. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט — דאנקען גאָט, פּאָטער געוואָרן פון דער ווילדער כייע מאקס.

איצט זײַנען מיר אויך פון די פריערדיקע שכיינעס אָפּגעטיילט מיט שטעכלדראָט. זיי זײַנען נעבעך באם צוים און קוקן אױף אונדז מיט קינע. מיר וועלן פאָרן אױף ארבעט, און זיי וועלן בלײַבן דאָ.

עמעצער האָט ארויסגעלאָזט א קלאנג, אז מע וועט אונדז שיקן אין דאָרף, צו פויערים. די אָפּיצערן האָבן וועגן דעם געריעדט צווישן זיך. ערגער וועט, מיסטאמע, ניט זײַן.

די קלאנגען האָבן זיך, דוכט זיך, באשטעטיקט.

עס איז געקומען א זעלנער. אָפּגעקליבן צען פרויען און געפרעגט, צי זיי קענען מעלקן קי. אלע האָבן, פארשטייט זיך, געענטפערט, אז זיי קענען.

און וואָס זאָל איך זאָגן, אויב מע וועט מיך פרעגן?.. זאָגן דעם עמעס — וועט מען ניט נעמען. זאָגן א ליגן — וועט מען מיך אומקערן אין לאגער. וואָס טוט מען? איך פרעג בא אנדערע, וואָס וועלן זיי ענטפערן. נאָר די פרויען לאכן זיך אויס פון מײַנע ספייקעס.

מע האָט ארויסגעפירט זעקס און דרײַסיק פרויען, צווישן זיי אויך מיך. מע האָט אלעמען ארויסגעגעבן צו א סאָלדאטישער קאָלדרע. באם טויער זײַנען געשטאנען מענטשן, וועלכע האָבן גענומען אָפּקלײַבן אונדז, ווי מע קלײַבט אױף ארבעטס־פּי: זיי באקוקן אונדז, טאפּן די מוסקולן, פרעגן, צי איז מען ניט פויל. צוויי מיידלעך ווײַנען — זיי זײַנען שוועסטער און מע וויל זיי צעשיידן: איינע האָט אָפּגעקליבן איין באלעבאָס, די צווייטע — אן אנדע־רער. זיי בעטן, מע זאָל זיי שיקן צוזאמען, ווײַל פון דער גאנצער מישפּאָכע זײַנען געבליבן נאָר זיי ביידע.

אױף מיר לייגט קיינער קיין אכט ניט, אלע גייען פארבײַ. מיסטאמע וועט מען מיך ניט נעמען. עפּשער אליין זיך אָנבאָטן? אנדערע טוען אזוי: כ'זאָג: “Ich bin stark,”[1] אָבער קיינער הערט ניט. „איך בין שטארק!” כאזער איך איבער שוין העכער. “Was, was?”[2] — פרעגט איינער א זאָקן. כ'הייב אָן גיך דערקלערן, אז איך וויל ארבעטן, אז איך בין ניט פויל “Ja, gut”[3] — ענט־

[1] איך בין שטארק.
[2] וואָס, וואָס?
[3] יאָ, גוט.

פּערט ער און גייט פאַרביי... דערנאָך טראַכט ער אָפּאָנעם איבער, קערט זיך אום און פירט מיך אָפּ אין א זייט, ווו עס שטייען שוין דריי פרויען, וועלכע ער האָט אָפּגעקליבן.

עס גייט צו דער קאָנוואָיִר, פאַרשרייבט אונדזערע נומערן און פירט אונדז אוועק נאָכן באַלעבאָס.

מיר גייען מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן מע האָט אונדז געפירט אַהער. ווידער זעען מיר די הייזקעס, וועלכע רוען, ווי דעמלט, געמיטלעך אונטער די זון־שטראַלן. מע זעצט אונדז אַריין אין א וואַגאָן פון דער קליינבאַן. דער סאָלדאַט לאָזט פון אונדז ניט אַראָפּ די אויגן. סאַמע אונטער מיין נאָז בלאַנקט די פּיקע פון זיין ביקס.

אונדזער באַלעבאָס — ניט קיין הויכער זאַקן מיט קרומע פיס און מיט א פּליך; זיינע אויגן —־קוים דורכגעשניטענע שפּעלטעלעך, די שטים — א הייזעריקע און בייזע. מיט אונדז איז ער, ווייזט אויס, ניט צופרידן. ער באַקלאָגט זיך פאַרן קאָנוואָיִר, אַז פון אַזעלכע פּעגירעס וועט ניט זיין קיין נוצן. בא אים האָבן שוין געאַרבעט פיר אַזעלכע, ווי מיר, יענע זיינען געווען פון אונגאַרן, אָבער זיי זיינען גיך פאַרשלאַפט געוואָרן און ער האָט זיי געמוזט אָפּפירן אין קרעמאַטאָרי.

אָט צו וועמען מיר זיינען אַריינגעפאַלן! און איך, דער גוילעם, האָב זיך נאָך אַליין אָנגעבאָטן.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, און מיר זיינען אַרויסגעקראָכן. באַם צוג האָט אָפּן באַלעבאָס געוואַרט א וואָגן אָף צוויי רעדער, וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט. דער קאָנוואָיִר האָט אונדז פאַרדרייט די הענט אַהינטער און צוגעבונדן איינע צו דער אַנדערער. דעם עק פון שטריק האָט ער צוגעבונדן צום וואָגן, פּונקט ווי קעלבער. ער אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט אין וואָגן לעבן באַלעבאָס, און מיר האָבן געדאַרפט נאָכגיין נאָכן וואָגן.

דאָס פערד, אָפּגערוט פון לאַנגן שטיין, האָט גאַנץ שמיידיק זיך געיילט אַהיים. מיר האָבן געמוזט לויפן, קעדיי די שטריק זאָלן זיך ניט איינשניידן אין אונדזערע לייבער. מיר זיינען שיר ניט דערשטיקט געוואָרן, אָבער מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט זיך, אַז דער באַלעבאָס זאָל דאָס ניט באַמערקן: ער וועט זאָגן, אַז מיר זיינען שוואַכע און וועט אונדז גלייך אָפּשיקן אין קרעמאַטאָרי. און די זיבן קילאָמעטער זיינען אַזעלכע לאַנגע.

ענדלעך האָט דער וואָגן פאַרקערעוועט אָף א שמאָלער סטעזשקע, איז דורכגעפאָרן פאַרביי א סאַזשלקע און אָנגעקומען אין א גרויסן הויף. מיר

האָבן דערזען פאר זיך א גרויס הויז מיט א גרינעם סאָד און א סאך שטאלן, ווײַזט אויס, א פּעסטע ווירטשאפט.

דער באלעבאָס האָט נאָכאמאָל קאָנטראָלירט אונדזערע גומערן און זיך אונטערגעשריבן, אז ער האָט אונדז איבערגענומען באם קאָנוואָיר. פאנאנדערבינדנדיק די הענט, האָט ער פאר אונדז געהאלטן א גאנצע דראָשע: מיר מוזן גוט און פלײַסיק ארבעטן, ניט סאבאָטירן און ניט פּרווון אנטלויפן. פאר סאבאָטאזש וועט ער אונדז אָפּשיקן אין קרעמאטאָרי, פאר א פּרווו צו אנטלויפן — גלײַך דערשיסן. נאָך אזא באַרעכאבע האָט ער אונדז אָפּגעפירט אין א קעמערל, וואָס איז געשטאנען אין סאמע עק פון שטאל. אין קעמערל איז געווען פּינצטער, די דרויסן־שײַן דרינגט אהער ארײַן דורך א פּיצל פּענצטערל, פארשמוצט פון פליגן. די לופט — א שטיקנדיקע, פול מיט איפּעש — הינטערן ווענטל ריטשען כאזיירים... קיין שטרוי־זעק און קישעלעך זײַנען ניטאָ, בלויז אין ווינקל איז אָנגעוואָרפן היי. דאָס וועט זײַן אונדזער געלעגער. איך האָב זיך דערוועגט א מורמל טאָן, אז מיר זײַנען זייער הונגעריק — הײַנט האָבן מיר נאָך גאָרנישט ניט געגעסן. דער באלעבאָס האָט זיך פארקרימט און געהייסן מיר גיין נאָך אים. אין פירהויז האָב איך באדארפט אויסטאָן די שיך: אין קיך מעג מען ארײַנגיין נאָר באָרוועס. אין די צימערן איז אונדז ביכלאל פארווערט ארײַנצוגיין. דאָס מוז איך איבערגעבן אויך מײַנע כאווערטעס.

א פרעג געגעבן בא דער דינסט, צי איז עפּעס געבליבן פון מיטיק, האָט ער גלײַך געגומען בורטשען, אז זי קאָכט צופיל. נאָכדעם האָט ער געהייסן פרעגן בא זײַנע שוועסטער, צי מע קאָן אונדז אָפּגעבן די איבערגעבליבענע קארטאָפל. עס איז געקומען די באלעבאָסטע, פּונקט אזא האלב בלינדע און פארקרימטע, ווי דער באלעבאָס. זי האָט גענומען קלאָגן, אז מער ווי דאָס קאָנען מיר ניט — נאָר בעדאלעס שטעלן זיי. זי האָט ארײַנגערוקט דעם קאָפּ אין טעפּל און דערלויבט אָפּגעבן אונדז די קארטאָפל.

פאר יעדערער פון אונדז איז דאָרט געווען צו דרײַ קארטאָפל.

גאנצפרי האָט אונדזער נײַער האר אָפּגעשלאָסן די טיר און ארויסגעלאָזט אונדז זיך וואשן. אליין איז ער נאָכגעגאנגען פון הינטן, מיר זאָלן ניט אנטלויפן.

די זון הייבט ערשט קוים־קוים אָן אופגיין. עס איז קאַלט. נאָר דער באַלעבאָס אײַלט — די פינפטע שאָ. האַלב פינף מוזן מיר אָנהייבן די ארבעט — אָנטראָגן האָלץ, וואַסער, אויסקערן דעם הויף, ריין מאַכן די סטעזשקעס אין סאַד; האַלב זעקס וועלן מיר באַקומען פרישטיק, זעקס — ארויסגיין אין פעלד.

מע האָט אונדז ארויסגעגעבן די שפּײַז־נאָרמע אף א גאַנצער וואָך פאָרויס: א לעבעלע ברויט און א פערטל פּעקעלע מאַרגאַרין. דער באַלעבאָס האָט געוואָרנט, אַז דאָס דאַרף קלעקן ביז קומענדיקן פרײַטיק; מער קיין ברויט וועלן מיר ניט קריגן. פון קיך וועט מען אונדז יעדן פרימאָרגן געבן קאַווע, אף מיטיק — סופּ, אף אָוונטברויט וועט מען אונדז געבן קאַרטאָפל, נאָר ניט יעדן אָוונט. אין קיך מעג ארײַנגיין נאָר איינע פון אונדז. זי וועט באַקומען פאַר אַלע פיר.

מיר האָבן באַשלאָסן צו עסן ברויט בלויז איין מאָל אין מעסלעס — צו פרישטיק. נאָר ווי האַלט מען זיך אײַן, אַז מיר האָבן פאַר אזויפיל צײַט באַקומען אין די הענט א גאַנץ לעבל ברויט! עפּשער דערלויבן זיך אָפּצועסן דאָס ערשטע מאָל זאַטער, ווערן קרעפטיקער א ביסל, און נאָכדעם שוין עסן ווייניקער? מיר האָבן אָפּגעקרישלט פונעם לעבל פריער צו איין ברעקעלע, דערנאָך נאָך איינס. דאָס לעבעלע האָט ביסלעכווײַז גענומען ווערן קלענער. נאָך גוט, וואָס דער באַלעבאָס איז געקומען רופן אונדז צו דער ארבעט, אניט וואָלט פון לעבל גאָרנישט ניט געבליבן.

דער באַלעבאָס פאָרט רײַטנדיק אף א פערד, און מיר שלעפּן זיך נאָך פון הינטן, צופוס. מיר זײַנען דאָ, ווײַזט זיך ארויס, ניט אַליין. פאַראַן דאָ אַן אוקראַינער מיט א ווײַב און מיט דרײַ קינדער (פאַרן אָפּטרעטן האָבן די אָקופּאַנטן זיי פאַרטריבן אהער), א קריגסגעפאַנגענער פראַנצויז (צופרידן זיך מיט עמעצן קאָן ער ניט, זינגט ער גאַנצע טעג זײַנע לידעלעך) און א פוילישע מיידל זאָסיע (זי האָט געגלייבט די היטלעריסטן, אַז אין דײַטשלאַנד וואַרט אף איר א גאַניידן, איז זי פרײַוויליק געפאָרן אהער אף ארבעט; איצט זעט זי דעם גאַניידן, וויינט זי און פאַרשילט דעם טאָג, ווען זי איז אהער געפאָרן, נאָר מע לאָזט זי, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּ).

די פעלדער פון ביידע זײַטן וועג געהערן אונדזער באַלעבאָס. ער איז, ווײַזט אויס, אַן עסעסאָווער אָדער עפּעס א „מאַכער", ווײַל אָוונטצײַט נעמט ער אָפּ א ביקס, זעצט זיך אפן וועלאָסיפּעד און פאָרט אוועק אף פאַרזאַמלונגען אָדער אף באַנאַכטיקע דעזשורסטוועס. דאָס איז זייער א בייזער און קאַרגער אַלטער באָכער, זײַנע שוועסטער זײַנען אַלטע מוידן, אויך אזעלכע

שלעכטע, עמעסע מעכאשייפעס. זיי ברענען און בראָטן, ווען סע קומט אויס צו געבן א טעלער סופּ די קינדער פונעם אוקראַינישן פאַרפאַלק. די קינדער ארבעטן דאָך ניט! האגאם דאָס עלטערע ייִנגל, וואָס איז אלט סאכאקל זיבן יאָר, שטעלן זיי אָפּט צו דער ארבעט, דערבײַ אף אזא ארבעט, וואָס איז ניט פאר קינדערשע קויכעס.

וועגן דעם אלעם האָט אונדז דערציילט דער אוקראַינער, ווען מיר זײַנען געגאנגען אין פעלד ארײַן.

געקומען אפן אָרט, האָט אונדז דער באלעבאָס באפוילן טייקעף אָנהייבן די ארבעט. דער פראנצויז שנײַדט מיט דער מאשין דאָס קאָרן, און מיר גייען נאָך פון הינטן און בינדן גארבן.

צוערשט האָט זיך געדוכט, אז דאָס איז ניט שווער, עס שטעכט נאָר די הענט. באלד אָבער האָבן די צעשטאָכענע הענט גענומען ברענען. עס האָט אָנגעהויבן ברעכן דער קרייץ.

ווען וועט מען שוין מאכן אן איבערײַס? מיר דערוויסן זיך, אז ניט פריִער ווי מיטיק־צײַט. לאנג נאָך צו ווארטן? דער אוקראַינער לערנט אונדז ווי צו דערוויסן זיך די צײַט לויטן שאָטן. איצט איז ערשט ארום צען, נאָך ווײַט צו האלבן טאָג! ווי די צײַט גייט לאנגזאם! עפּשער כאפּן א שמועס מיטן פראנצויז, וועט די צײַט לויפן גיכער? ער וועט געוויס זיך דערפרייען. אָבער וואָס זאָל איך אים זאָגן, אז אלע פראנצויזישע ווערטער, וועלכע כ'האָב אויסגעלערנט אין שול, זײַנען ארויסגעפלויגן פון קאָפּ! עפּשער פרעגן אים, וויפל איז דער זייגער? דאָס געדענק איך.

כ'האָב זיך געקליבן, געקליבן, ביז ס'איז געקומען מיטיק־צײַט. כּוף האָט מען געבראכט אהער, מיר זאָלן ניט פארלירן קיין צײַט אף גיין. דער פראנצויז, ניט פארשטייענדיק מײַנע קאוואָנעס, איז אוועק מיט זײַן שיסעלע אין שאָטן.

מיר האָבן נאָך ניט באוויזן אָפּצועסן, און דער באלעבאָס טרײַבט אונדז שוין ווידער צו דער ארבעט! וואָלט ער כאָטש לאָזן אָפּרוען!

ווי כאפּט מען פּאָרט א שמועס מיטן פראנצויז? כ'האָב עטלעכע מאָל אָנגעהויבן זינגען „Frer'e Jaque" — מער האָב איך גאָרנישט ניט געקאָנט דערמאָנען זיך. דער פראנצויז האָט אָבער ניט געלייגט קיין אכט אף מײַן זינגען. ער האָט ניט געהערט, אָדער געמאכט זיך ניט הערנדיק.

[1] „דער ברודער זשאק" (א פּאָפּולער פראנצויזיש לידעלע).

באַלד האָט דער ווייטיק פאַרטריבן אַלע מײַנע געדאַנקען. די צעשטאָכענע הענט זײַנען געווען געשוואָלן, רויט — אַ שרעק צו קוקן. אין די קרייזשעס האָט געשטאָכן, ווי מיט שפּיזן. עס מאַטערט דער דורשט, דאָס האַרץ באַלעשט פון הונגער. דער אוקראַיִנער האָט אונדז אויסגעלערנט שיילן די זאַנגען און עסן די קערנדלעך, אָבער ווו נעמט מען דערויף צײַט — מיר באַווײַזן אַזוי אויך קוים נאָכהאַלטן די שנײַד־מאַשין. דער אוקראַיִנער קלאָגט זיך — ווען דער פראַנצויז פאַרשטייט רוסיש, וואָלטן מיר אים געבעטן ניט אײַלן זיך. דאַן האָב איך זיך פאָרגעלייגט אַלס איבערזעצער.

דער פראַנצויז האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט דערהערט זײַן מאַמע־לשון, און האָט גענומען גיך־גיך מיר עפּעס דערציילן. כ'האָב פאַרשטאַנען געציילטע ווערטער. איך האָב געבעטן ריידן לאַנגזאַמער, איבערגעגעבן אים אונדזער אַלגעמיינע באַקאָשע אַרבעטן ניט אין אַזאַ טעמפּ.

עס איז געוואָרן לײַכטער. דער פראַנצויז האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אונטערפײַפנדיק. זעט ער, אַז מיר שטייען אָפּ, וואַרט ער אָפּ. אונדזער רײַע האָט מוירע געהאַט, אַז דער באַלעבאָס וועט דאָס באַמערקן און וועט באַשולדיקן אונדז אין סאַבאָטאַזש. אָבער דער פראַנצויז איז ניט קיין לעמאַך: ווי נאָר ער דערזעט, אַז ס'דערנעענטערט זיך דער באַלעבאָס, נעמט ער אַרבעטן גיכער.

די זון הייבט שוין אָן אונטערגיין, נאָר דער באַלעבאָס טראַכט נאָך אפילע ניט וועגן ענדיקן די אַרבעט. דעם קרייץ און רוקן פילן מיר שוין אפילע ניט. מיר פאַרשטייען שוין פאַרוואָס די מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט דאָ בײַ אונדז, האָבן ניט אויסגעהאַלטן. מיר וועלן מיסטאָמע אויך ניט אויסהאַלטן.

ערשט האַלב נײַן אין אָוונט האָט דער באַלעבאָס דערלויבט איבעררײַסן די אַרבעט. מיר האָבן לאַנגזאַם זיך אַוועקגעשלעפּט אין אונדזער שטאַל...

זונטיק איז פאַר אַלעמען אַן אָפּרו־טאָג, נאָר ניט פאַר אונדז. מיר האָבן געמוזט אָנטראָגן האָלץ און וואַסער, אויסקערן דעם הויף, רייניקן די סטעזשקעלעך אין סאָד, אָנקאָרמען די פי און ביז גלאַנץ אויספּוצן דאָס יאָמטעווּדיקע פאַעטאָנדל, אין וועלכן די באַלעבאַטים פאָרן אין קירכע.

נאָך מיטיק איז דער פראַנצויז אַוועק צו זײַנעם אַ פרײַנט, וועלכער אַרבעט ניט ווײַט פונדאַנען. די פרוי פונעם אוקראַיִנער האָט געוואַשן וועש און זאָסיע האָט זיך צוגעלייגט — זי איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, גע־

ווינט. אונדז האָט דער באַלעבאָס פאַרשלאָסן, אַריבערגעוואָרפן איבערן פּליי־צע די ביקס און איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן.

אַ שטילער זונטיק־פאַרנאַכט. אַפילו די בלעטעלעך אַף די ביימער דרעמ־לען פויל אַף דער זון. אויך קיין פייגעלעך פליִען ניט אַרום. אַלע רוען.

געפליִען באַ די אוקראַיִנער אַ שער מיט אַ נאָדל־פאָדעם, „פוצן" מיר זיך — מיר מאַכן קירצער און שמעלער אונדזערע קליידלעך. טײַבל קען נייען, זי העלפט אונדז. פון די אָפּגעשניטענע פאַסן האָבן אַלע זיך אויפגענייט ביוסט־האַלטערס. איך דאַרף דאָס ניט: כ'בין צו מאָגער...

ווען ניט די ריגער רײַע, וואָלטן מיר עפּשער אַף אַ ווײַלע פאַרגעסן זיך, עס וואָלט עטוואָס גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. אָבער רײַע ווערט אַף קיין רעגע ניט אַנשוויגן. שוין צום דריטן מאָל פאַר די עטלעכע טעג דערציילט זי מיט אַלע נײַע און נײַע פּראַטים, ווי זי האָט פאַרלוירן איר קינד.

אין ריגער געטאָ איז זי נאָך געווען מיטן מאַן און מיטן קינד. דער־וווּסט זיך, אַז די קינדער וועט מען צונעמען, האָבן זיי באַשלאָסן באַגיין זעלבסטמאָרד. דער מאַן האָט געמאַכט אַן אײַנשפּריצונג דעם קינד, נאָכדעם איר און זיך...

ליידער האָט דער סאַם ניט געווירקט. ווען זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איז דאָס קינד שוין ניט געווען. זיי האָבן אַפילו ניט געהערט, ווען מע האָט עס צוגענומען. איצט מאַטערט זי דער געדאַנק, אַז דאָס קינד האָט זיך, עפּשער, אויפגעכאַפּט פריִער פון זיי, האָט געוויינט פון שרעק, געוועקט זיי, און זיי האָבן ניט געהערט... עפּשער האָבן די ראָצחים עס געשלאָגן, פאַרדרייט אַהינטער די הענטלעך. עס האָט, מיסטאַמע, געוואָלט זיך אַרויסרײַסן פון זיי...

דער מאַן איז קימאַט פון זינען אַראָפּ. ער האָט פאַר קיין פאַל ניט גע־קאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט דער סאַם ניט געווירקט...

ווי טרייסט מען זי? מיר פרוּוון דערווײַזן, אַז אַ דאָזע, וואָס איז ניט גענוג פאַר אַ דערוואַקסענעם, איז גענוג אַף דערהאַרגענען אַ קינד. אַך און ווײ, מיר טרייסטן די מאַמע, אַז איר קינד איז טויט!..

אין אָוונט האָט דער באַלעבאָס געטריבן אונדז מעלקן די קי. אָט פאַר־וואָס כ'האָב די גאַנצע צײַט מוירע געהאַט! זאָל די קו כאָטש זײַן אַ רויִקע.

עס זײַנען אהער געקומען אויך דיביידע שוועסטער פונעם באַלעבאָס — די מאכעשייפעס: זיי היטן, מיר זאָלן, כאַליִלע, ניט אויסטרינקען א ביסעלע מילך.

איך צי און צי די אײַטער, אָבער מילך — אפילע קיין לעק ניט. די קו איז אומרויִק, באַלד וועט זי מיר דערלאַנגען א בריק. כ׳גיב א שטארקערן צי פאר די אײַטער: עס דערהערט זיך א שפריץ פון עטלעכע טראָפּנס, נאָר זיי זײַנען אראָפּגערונען איבער מײַן האנט ביזן עלנבויגן. פּלוצעם דערפיל איך א בריק. נאָר די בעהיימע איז דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק — דאָס האָט די באַלעבאָסטע מיר „דערלאנגט" מיטן שוך אין רוקן, און אזוי שטארק, אז איך בין געפלויגן מיטן קאָפּ צו דער קו אין בויך ארײַן.

כ׳קוק אף די איבעריקע — בא זיי מעלקט זיך יאָ, איבערהויפּט בא טײַבלען. גאָלדענע הענט האָט אָט דאָס ווײַבל. כ׳קוק זיך צו, ווי זי האלט מיט די פינגער די אײַטער. איך טו אויך אזוי, און צוויי שטראָמעלעך מילך קלאפּן אין דעק פון עמער.

מיר האָבן אויסגעמאָלקן אַלע קי — זיבן און צוואנציק. צום סאָף האָבן די הענט זיך אזוי געטרייסלט, אז זיי האָבן אינגאנצן אופגעהערט צו פאָלגן.

א גאנצע נאכט האָב איך פונעם ווייטיק אין די הענט ניט געקאָנט אײַנשלאָפן.

מיר פירן קאָרן. מיר, דעם שלימאזל, האָט, ווי שטענדיק, „אָפּגעגליקט" — ווען מיר האָבן אָנגעלאָדן דעם ערשטן וואָגן, האָט דער באַלעבאָס געהייסן מיר זיך זעצן רײַטנדיק אף איינעם פון די פערד (אין וואָגן זײַנען געווען געשפאנט פיר פערד) און אָפּפירן דעם וואָגן אהיים. ווי זעצט מען זיך אָבער אפן פערד, אז איך גרייך אים קוים ביז צום בויך? דערצו בין איך קיינמאָל אין לעבן ניט געפאָרן רײַטנדיק. דער פראנצויז האָט דאָס פארשטאנען, האָט ער מיך פלינק אופגעהויבן, ווי א קליין קינד, ארופגעזעצט אפן פערד און גענומען עפּעס גיך־גיך דערקלערן. צו מיר איז קוים דערגאנגען, אז ער רעדט וועגן שטוב, פארקן און פערד. נו, יאָ, דאָס לערנט ער מיך, ווי איך זאָל אראָפּקריכן פון פערד: צופאָרן צום פארקן, אוועקשטעלן זיך אף אים און ערשט דעמלט אראָפּשפרינגען אף דער ערד. גוט, מערסי!

מיר קלײַבן אויף פון פעלד דאָס פלאקס. איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז פלאקס איז אזוי געשמאק! טײַבל הייסט קײַען וואָס מער: דאָרט איז פאראן פעטס, וועלכן אונדזער אָרגאניזם האָט שוין לאנג ניט געהאט. אויב מיר וועלן זיך באנוגענען דערמיט, וואָס מע גיט אונדז — וועלן מיר לאנג ניט ציִען, איבערהויפט בא אזא שווערער ארבעט.

דער באלעבאָס איילט שטענדיק. יאָגט, לאָזט ניט אָפכאפּן דעם אָטעם. א גליק, וואָס זאָסיע האָט אונדז אויסגעלערנט, ווי אים אָפּצונארן. דער באלע־באָס האָט מוירע פארן נאקעטן לײַב פון א פרוי, איז ווען ער קומט אונדז וועקן, מאכט זיך זאָסיע, אז זי וואַרפט אראָפּ פון זיך די קאָלדרע. דער אלטער לויפט ארויס, ווי אן איבערגעשראָקענער, און זי ליגט נאָך א ווײַלע.

איצט, ווען די יאָגעניש פונעם באלעבאָס איז שוין ניט איבערצוטראָגן, נוצן מיר אויך אויס די דאָזיקע שוואכקייט זײַנע. מיר מאכן זיך, אז ס'איז אונדז זייער הייס, טוען אויס די קליידלעך און ארבעטן אין איינע העמדער. דער באלעבאָס הייבט אָן שיטן מיט קלאָלעס, ער לויפט אוועק און, שטייענדיק צו אונדז מיטן רוקן, שרײַט ער, מיר זאָלן זיך אָנטאָן. מיר מאכן זיך ניט הערנדיק, אָדער מיר ענטפערן טאמעוואטע, אז ס'איז זייער הייס און האלב־נאקעטע וועלן מיר גיכער ארבעטן. דער אלטער זיצט א צעקאָכטער און שפײַט.

די מילכאָמע קומט שוין פאָר אויף דער דײַטשישער טעריטאָריע. וועגן דעם האָבן דערציילט די שכיינים פונעם באלעבאָס. זיי זײַנען, אגעוו, ווײַלע מענטשן. עפשער דערפאר, ווײַל זיי זײַנען אָרעמע. קיין אייגענע ערד האָבן זיי ניט, זיי פארדינגען זיך אויף ארבעט צו די רײַכע שכיינים, אָבער פונעם „פארדינסט" האָבן זיי קוים וואסער אויף קאשע: דערפאר וואָס זיי העלפן אונדזער באלעבאָס אײַנקלײַבן די גערעטעניש, דערלויבט ער זיי צונויפנעמען פונעם פוסטן פעלד די זאנגען, וועלכע זײַנען אראָפּגעפאלן באם שנײַדן אָדער באם אריבערפירן די גערעטעניש. א גאנצן טאָג גייען זיי ארום געבויגענער־הייט איבערן אָפגעשניטענעם פעלד און קלײַבן אין א זעקעלע באזונדערע זאנגעלעך.

ווען דער באלעבאָס זעט ניט, ריידן זיי מיט אונדז, דערציילן נײַס פון פראָנט. איינמאָל האָבן זיי אונדז אפילע פארטרויט זייער מישפּאָכע־אומגליק: איין זון איז א קאָמוניסט און מאטערט זיך אין א קאָנצענטראציע־לאגער (ווער

ווייסט, צי ער לעבט נאָך), און דער צווייטער זון איז אין עסעסאָווען, און איבער אין דעם זעלבן לאַגער. פֿון זײַן ברודער האָט ער זיך עפּנטלעך אָפּגעזאָגט. צו די עלטערן קומט ער ניט, ער שעמט זיך מיט אַזעלכע אָרעמע עלטערן.

די נײַעס וועגן דער דערגעענטערונג פֿונעם פֿראָנט האָבן ווידער אויפֿגעוועקט די דרעמלענדיקע האָפֿענונגען. ווי דערלעבט מען שוין זען די רויטע אַרמיי!

עס איז שוין גוט קאַלט. איבערהויפּט באַגינען. אָקטיאַבער. האַרבסט. מיר טרייסלען זיך, קלאַפּן מיט די ציין, אָבער דער באַלעבאָס באַמערקט דאָס אַפֿילע ניט. מיר האָבן געבעטן, ער זאָל אונדז געבן אַלטע פּעלצלעך, מיר זאָלן ניט אַזוי פֿרירן. נאָר ער האָט שטרענג געענטפֿערט, אַז בגאָדים האָבן מיר באַקומען אין לאַגער. און דאָס דאַרף אונדז קלעקן.

מיר וויקלען זיך אײַן אין אונדזערע קאָלדרעס. נאָר די קאָלדרעס ווערן דורכגענעצט פֿון רעגן, און די פֿיס פֿרירן אין דער נאַסער בוריקעס-באָטווינע. באַנאַכט דעקן מיר זיך אײַן מיט די זעלבע נאַסע קאָלדרעס. מיר האָבן געבעטן באַם באַלעבאָס, ער זאָל אונדז געבן אַ ביסל מער היי, וועט אונדז זײַן באַנאַכט עטוואָס וואַרעמער. נאָר ער האָט אַפֿילע דאָס ניט געגעבן. דורך די שפּאַלטן בלאָזט אַ קאַלטער ווינט... מיר ליגן אײַנגעדרייטע, טרייסלען זיך, שלאָפֿן קוים מיט צאָרעס אײַן.

ווי גוט עס לעבט זיך די הינטעלעך פֿונעם באַלעבאָס! זיי שלאָפֿן אין דער וואַרעם, עסן צו זאַט. אַבי מע זאָגט: „אַ הינטיש לעבן!"

וואָס וועט זײַן ווײַטער! די פֿעלד-אַרבעטן ענדיקן זיך. די קאַרטאָפֿל זײַנען שוין אויסגעגראָבן, די בוריקעס אַראָפּגענומען. איצט פֿליקן מיר פֿעדערן, נאָכדעם וועלן מיר וואַשן וועש און זײַערן קרויט. און ווײַטער? מער דאַרפֿן זיי אונדז ניט. און וועמען זיי דאַרפֿן ניט, שיקן זיי אין קרעמאַטאָרי...

ניט שוין זשע וואַרט אויף אונדז אויך אַזאַ סאָף?..

מיר וואַשן וועש. שוין דעם צווייטן טאָג שטייען מיר איבער אַ גרויסער באַליע און רײַבן מיט די הענט אָן אַ שיר לײַלעכער, ציכלעך, האַנטעכער. שוין אַראָפּגעריבן די הויט פֿון די פֿינגער. וואַש-ברעטער גיט מען אונדז ניט — זיי אַרט דען פֿאַר אונדזערע הענט?!

ס׳איז ארויסגעפאלן דער ערשטער שניי. די פיס זיינען בלוי פון קעלט. די אוקראאינער האבן אונדז געליען א פאר זאקן (אליין האבן זיי אינגאנצן צוויי פאר). מיר וועלן זיי טראגן לויט דער ריי, זיך בייטנדיק יעדן טאג, אנגעהויבן פון די עלטערע. איך וועל קריגן די זאקן ערשט איבערמארגן.

מע וועט אונדז אומקערן אין לאגער...

זאסיע האט געהערט, ווי דער באלעבאס האט דערציילט, אז ס׳איז דא א באפעל אלעמען אומצוקערן ביזן פופצנטן נאיאבער.

היינט איז דער דרייצנטער. עס זיינען געבליבן צוויי טעג. הייסט עס, ווידער אין דעם גענעם און ווידער לאזט זיך אויס א טייך פון די האפענונגען.

דער לעצטער פרימארגן.

ווי גיך עס זיינען דורכגעלאפן די דריי כאדאשים! מיסטאמע דערפאר, וויילן ווי שווער עס איז אונדז ניט געווען, איז דער טויט פארט ניט געשטא־נען איבער אונדזערע קעפ. איצט דערנעענטערן מיר זיך ווידער צו אים.

דער אוקראאינער דערציילט, אז צוויי יידישע מיידלעך, וועלכע האבן גע־ארבעט דא בישכיינעס, האבן זיך אופגעהאנגען. ניט געוואלט זיך אומקערן אין לאגער.

אין וועג אריין גיט מען אונדז צו צוויי ריפטלעך ברויט. דער באלעבאס נעמט זיין ביקס און פירט אונדז אוועק. דעם אוקראאינערס פרוי וויינט, און דער פראנצויז שאקלט צו אונדז לאנג מיטן היטל...

מיר גייען פארביי דער סאזשלקע. דאס וואסער איז ווי געווארן טינקע־לער. די ביימער ווארפן אראפ צום געזעגענען זיך די לעצטע בלעטעלעך. זיי שורשען אומעטיק.

אלץ בלייבט איבער דא: די ביימער, דער וועג, די סאזשלקע. זיי וועלן דא זיין אויך איבעראיאר, אויך אין צען יאר ארום. יא, די נאטור לעבט לענ־גער פון א מענטשן. ווער רעדט נאך פון אזעלכע, ווי מיר...

אפן וואקזאל איז פול מיט אונדזעריקע. די באלעבאטים גיבן אונדז אלע־מען איבער די סאלדאטן. אונדזער באלעבאס באקומט א פאפיר, אז ער האט צוגעשטעלט פיר העפטלינגען. ער זאגט דעם סאלדאט „הייל היטלער!" און גייט אוועק, אפילע ניט א קיק טוענדיק אין אונדזער זייט.

מע האָט אויך געבראַכט ביידע אופֿגעהאַנגענע.

ס'איז שוין געווען קימאַט פֿינצטער, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער. ס'האָט זיך ווידער געעפֿנט און פֿאַרמאַכט דער טויער. מיר זיינען ווידער אין שטייג.

מע ציילט אונדז שרעקלעך לאַנג: עס שטימט ניט. זיי קאָנטראָלירן יעדע ריי, שלאָגן. אויב זיי דוכט זיך, אַז מיר שטייען ניט גלייך, ציילן זיי ווידער און שלאָגן נאָך שטאַרקער. זיי האָבן, מיסטאָמע, פֿאַרגעסן וועגן די צוויי טויטע. אָבער ווער וועט זיי וועגן דעם דערמאָנען?

ס'איז שוין פֿינצטער. די אופֿזעער קריכן מאַמעש פֿון דער הויט. סאָפֿקאָלסאָף האָט עמעצער זיך אַנטשלאָסן אַ געשריי צו טאָן: "Zwei sind todt!"[1]

— ווער האָט דאָס געזאָגט? — שרייט אויס דער עסעסאָווער מיט צאָרן פֿאַר אַזאַ פֿרעכקייט. ער רייסט זיך אַריין אין דער ריי און שלאָגט אַ מענטשן צען אָן ראַכמאָנעס, אָבער דאָס דערמאָנען האָט פֿאָרט געהאָלפֿן. מע האָט אונדז באַלד אַריינגעלאָזט אין באַראַק.

אין שיין פֿון אַ שוואַך לעמפּעלע האָבן מיר דערזען אַ שרעקלעך בילד: אין איין העלפֿט באַראַק, גלייך אופֿן דיל, ליגן פֿרויען אין פֿיר רייען, שטאַרק צונויפֿגעקוועטשטע איינע צו דער צווייטער, און שלאָפֿן אין די בגאָדים. די קעפּ פֿון איינע זיינען צוגעשפּאַרט צו די פֿיס פֿון די צווייטע. אַ שרעקלעך געשטאַנק, דערשטיקט צו ווערן. עס האָט זיך דערהערט אַן אויסרוף: „איבערקערן זיך!" און אַלע, שטופּנדיק איינע די צווייטע, האָבן זיך איבערגעקערט. זיי ליגן איצט מיטן פּאָנעם צו אונדז. אייניקע האָבן זיך אופֿגעכאַפּט און קוקן אופֿ אונדז. און מיר שטייען דערשראָקענע און פֿאַרלוירענע.

ס'איז אַריין די אופֿזעערן און גענומען אונדז ברייקערן. דאָס האָט געדאַרפֿט הייסן, אַז מיר מוזן זיך לייגן אופֿן דיל און אַזוי צונויפֿשפּאַרן זיך, אַז ס'זאָל קלעקן אָרט פֿאַר אַלעמען.

קיין שלאָף נעמט אונדז ניט. און יענע, צווישן וועמען מיר האָבן זיך געלייגט, שלאָפֿן, דוכט זיך, אויך ניט. מיר הייבן שטיל אָן צו ריידן מיט זיי.

— איר זייט דאָ שוין לאַנג?

— עלף כאָדאָשים.

— אופֿ אַרבעט שיקט מען?

— עטלעכע גרופּעס האָט מען אוועקגעשיקט גראָבן אָקאָפּעס, אָבער די

[1] צוויי זיינען טויט!

מענטשן האָבן דאָרט געאַרבעט ביזן בויך אין וואַסער, זיי האָבן אָפּגעפרוירן די פיס און מע האָט זיי אָפּגעפירט פון דער אַרבעט גלײַך אין קרעמאַטאָרי. אַף זייער אָרט האָט מען גענומען נײַע...

צי דען איז עס עמעס? עפּשער איבערטרײַבן זיי? אין דאָרף האָבן דאָך ביז אונדז אויך געאַרבעט מיידלעך, וועלכע האָבן ניט אויסגעהאַלטן. און מיר האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער.

עס זײַנען באַפאַלן לײַז. מיר האָבן גענומען פּראָוואָרפן די פרויען, לעמײַ זיי האָבן זיך אַזוי אָפּגעלאָזן און פאַרפירט פּאַראַזיטן. ווײַזט זיך אַרויס, אַז זיי זײַנען ניט שולדיק: דאָ איז ניטאָ קיין וואַסער.

זיך אַרויסרײַסן! אומבאַדינגט זיך אַרויסרײַסן פונדאַנען! כאָטש גראָבן אַקאָפּן, כאָטש האַקן שטיינער, אַבי ניט בלײַבן דאָ!

באַטאָג איז געקומען אַ שוואַרץ געקליידטער עסעסאָוועץ און גענומען אָפּקלײַבן די שטאַרקערע. פאַרשטאַנען, אַז ער קלײַבט אָפּ אַף אַרבעט, זײַנען אים אַלע באַפאַלן מיט אַ געשריי, אַז זיי זײַנען געזונט און ווילן אַרבעטן. פון אָנהייב האָט דער עסעסאָוועץ זיך פאַרלוירן, אָבער גלײַך זיך געכאַפּט, גענומען מאַזיקן אַף רעכטס און לינקס, יאָגנדיק אַלעמען פון זיך. ער האָט אָבער גאָרנישט ניט געקאָנט מאַכן: דער דראַנג זיך אַרויסצורײַסן פונדאַנען איז גרויסער געווען די שרעק. ערשט ווען ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם רעוואָלווער, זײַנען מיר אָפּגעטראָטן פון אים.

אָפּגעקליבן 500 פרויען, האָט ער זיי אַוועקגעפירט. איך בין געבליבן דאָ.

צום צווייטן אָפּקלײַב בין איך אויך געווען צווישן די אָפּגעקליבענע. איך האָב זיך געפילט עמעס גליקלעך — כ'וועל זיך פאָרט אַרויסרײַסן!

מע האָט אונדז אַוועקגעפירט אין באָד, געהייסן זיך אויסטאָן און אַרײַנגעלאָזט אין אַ גרויסן פּאָדערצימער. מיר האָבן דערזען דאָ אַזוינס, פון וואָס מיר זײַנען געוואָרן געפּלעפט: אָן אַ שום אונטערבעט זײַנען געזעסן און אַפילע געלעגן אַפן שטיינערנעם דיל שרעקלעך אויסגעצערטע פרויען, קימאַט סקעלעטן, מיט אויגן וואַנזיניקע פון שרעק. דערזען הינטער אונדז די אופזעערנס, האָבן די פרויען גענומען שטאַמלען, אַז זיי זײַנען געזונט, זיי קאָנען אַרבעטן און בעטן ראַכמאָנעס האָבן אַף זיי. זיי האָבן אויסגעשטרעקט

צו אונדז די הענט, מיר זאָלן זיי העלפן זיך אופשטעלן, ווען די אופזועערנס אליין איבערצייגן זיך, אז זיי קאָנען נאָך ארבעטן!..

כ׳האָב געמאכט א טראָט פאָרויס, קעדיי צו העלפן דער נאָענטסטער פרוי זיך אופשטעלן, נאָר די אופזועערן האָט מיר אראָפּגעלאָזט א פראסק און אָפּגעשליידערט אף צוריק.

ווי האקנדיק די ווערטער, באפעלט זי, מע זאָל ניט מאכן קיין פאניק — אלע וועלן זיך אויסבאָדן און צוריקערן אין לאגער. אויסבאָדן זיך מוזן אלע, אָן אויסנאם — קיין שמוציקע וועט מען אין לאגער ניט אריינלאָזן.

אונדז האָט זי באפוילן, מיר זאָלן אויסטאָן די פרויען און פירן זיי אין שביינעסדיקן באראק, אונטערן שפריץ.

פון שרעקלעכן געשטאנק איבלט מיך. כ׳וויל העלפן איינער א פרוי אויסטאָן דאָס קלייד, אָבער זי קאָן זיך ניט אופשטעלן: די פיס האלטן זי ניט. איך פרוּוו זי אופהייבן, אָבער זי גיט אזא געשריי פון ווייטיק, אז דאָס הארץ שטעלט זיך אָפּ. וואָס טוט מען? כ׳גיב א קוק אף די אנדערע. ווייזט זיך ארויס, זיי מאטערן זיך ניט ווייניקער פון מיר. די אופזועערנס גיבן אונדז שערלעך — אויב מע קאָן ניט אראָפּציִען די קליידער, זאָלן מיר זיי צעשערן.

די שערלעך גייען פון האנט צו האנט. איך קריג אויך. כ׳צעשער א קלייד. אונטער דעם זע איך אזא דארקייט, אז ס׳איז אפילע א שרעק זיך צוצורירן, דיביינער זייַנען קוים באצויגן מיט אַן אויסגעטריקנטער צעקנייטשטער הויט.

אויסטאָן די קלומפּעס לאָזט די פרוי ביכלאל ניט — ס׳וועט וויי טאָן. איך זאָג צו, אז איך וועל בלויז איבערשניידן דעם אייבערשטן טייל, אָבער זי דערלויבט ניט אפילע צורירן זיך. שוין צוויי וואָכן טוט זי ניט אויס די קלומפּעס, ווייל די אָפּגעפרוירענע פיס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די זוילן.

וואָס טוט מען? אנדערע האָבן שוין אויסגעטאָן צו עטלעכע, און איך קאָן נאָך ניט פארטיק ווערן מיט איינער. די אופזועערן האָט דאָס, ווייַזט אויס, באמערקט. זי איז צוגעלאָפן, געגעבן מיך א שטורכע און געכאפּט די אומגליקלעכע פאר די פיס. יענע האָט ארויסגעלאָזט א דערשיטערנדיק געשריי. די אופזועערן האלט שוין אין האנט א קלומפּע, צו וועלכער עס זייַנען געוועז צוגעקלעפּט שטיקלעך פוילנדיק פלייש. כ׳האָב גענומען ברעכן. צו מיר זייַנען דערגאנגען די געשרייען פון דער אופזועערן: האָסט שוואכע נערוון? וועסטו גיין צוזאמען מיט די קראנקע פרויען...

כ׳האָב זיך א וואָרף געגעבן אויסטאָן א צווייטע.

די, וועלכע שטייען נאָך אױף די פיס, פירן מיר, און די ליגנדיקע טראָגן מיר אַרײַן און לייגן אװעק אונטערן שפּריץ. א ביסעלע ארומגעוואשן, טראָגן מיר זיי צוריק ארויס אין קאַלטן פּאַדערצימער און לייגן ווידער אוועק אפן שטיינערנעם דיל. קיין האַנטעכער זײַנען ניטאָ. די אומגליקלעכע פרויען קלאַפּן מיט די ציינער. מיר טרייסלען זיך אויך, ארומלויפנדיק נאַסע פון פּאַדער־צימער אונטער שפּריץ און צוריק.

ווען די אויפזעערן האָט זיך אָפּגעקערט, האָב איך געפרעגט בא איין פרוי, פונוואנען זי איז. זי האָט געענטפערט, אז פון טשעכאָסלאָוואקיע. זי איז א דאָקטער. מע האָט זיי געבראכט קיין שטוטהאָף, און נאָכדעם, ווי אונדז, אוועקגעפירט צו דער ארבעט. ליידער, גראָבן אָקאָפּעס. זיי האָבן געארבעט, שטייענדיק ביז העלפט אין וואסער. געשלאָפן אױף דער ערד. ווען די אָפּגע־פרוירענע הענט און פיס האָבן גענומען זיך אייטערן, האָט מען זיי אומגע־קערט אין לאגער. גראָבן אָקאָפּעס האָט מען געבראכט נײַע. אױף זיי וואַרט דער זעלבער גורל.

איז אָט ווּהין מע האָט דאָס אוועקגעפירט די ערשטע גרופּע! און מיר זײַנען זיי מעקאַנע געווען...

ווען מיר האָבן „אויסגעבאָדן" אלע פרויען, האָט מען אונדז פון באָד ארויסגעטריבן, געגעבן דעזינפיציררטע קליידער און אוועקגעיאָגט צוריק אין באראק. אוועקגייענדיק, האָבן מיר געהערט די געשרייען פון די אומגליקלעכע. מע האָט זיי, מיסטאמע, געשלעפּט, און, פארשטייט זיך, אז ניט אין לאגער...

צו וואָס האָט מען נאָך געדארפט זיך איזדיעקעווען, באָדן?

די גאנצע נאכט האָב איך ניט צוגעמאכט קיין אויג: ס'האָט מיך פאר־פאָלגט דאָס שרעקלעכע בילד.

די צײַט ציט זיך זייער לאנגזאם.

ס'איז שרעקלעך קאַלט. סארא פּײַן עס איז צו שטיין אינדערפרי און אין אָוונט אױף די אפּעלן. עס ווילדעוועט די זאווייע, עס בלאָזט א קאַלטער ווינט, פון וועלכן דער גאנצער גוף גליוועט, נאָר מע מוז שטיין האַלב נאַקעט און וואַרטן, ביז די עסעס־לײַט וועלן זיך מאַטריעך זײַן קומען איבערציילן. יעדן פרימאָרגן און אָוונט בלײַבן עטלעכע פרויען ליגן טויט.

מיט אייניקע טעג צוריק האָט א פרוי ניט אויסגעהאַלטן און זיך א וואָרף געטאָן אפן עלעקטריזירטן שטעכלדראָט. דאָס איז דער איינציקער אויפן צו

באגײן זעלבסטמאָרד. אָבער די פרוי איז אראָפּגעפאלן פון צוים א לעבע־דיקע. די מײדלעך האלטן, אז דער פּאָסטן האָט זי באמערקט און באװיזן אויסצושליסן דעם עלעקטרישן שטראָם. זיך דערװוּסט װעגן דעם, האָט די אופזעערן שטארק צעמאזיקט די פרוי, געשריִען, אז יענע האָט קײן רעכט ניט געהאט דאָס צו טאָן: „דאָס לעבן געהערט גאָט"! די זעלבע אופזעערן פלעגט אין הארבסט, װען מיר האָבן געארבעט אין דאָרף, אָרגאניזירן צוזא־מען מיט אירע כאװערטעס אזעלכע זונטיקדיקע „פארװײַלונגען": זײ פלעגן קומען נאָך מיטיק, אויסקלײַבן א שװאכערע פרוי און שטיפּן זי אפן צוים. צװישן זיך פלעגן זײ זיך װעטן — צום װיפלטן מאָל װעט דער קאָרבן בלײַבן הענגען טויט אפן שטעכלדראָט (דער עלעקטרישער שטראָם פלעגט צומאָל נאָר אָפּטרײסלען און אָפּװארפן).

ס'איז שרעקלעך שמוציק. די װאש־רוימען זײַנען פארשלאָסן. עס פײַ־ניקט דער דורשט. דער אזױגערופענער סופּ, װוּ מע געפינט זײער זעלטן א פארפוילט קרויט־בלעטל צי א פיצל שאָלעכץ פון זיסלעכער, געפרוירע־נער בולבע, איז װי בעקיװן פארפראװעט מיט א סאך פעפער, אז עס ברענט דאָס מויל. נאָך אזא מין „סופּ" מוזן מיר נעמען אין מויל ארײַן א הויפן שמוציקן, צעטראָטענעם שניי, װאָס ליגט באם ארײַנגאנג אין באראק. אין דאָ גופע, לעבן באראק, איז דאָך אויסגעגראָבן א גרוב, װאָס דינט אלס טואלעט! קײן ברעטער אף צודעקן די גרוב גיט מען ניט. אירע ברעגן זײַנען אזױ גליטשיק, אז ניט לאנג צוריק איז א פרוי ארײַנגעפאלן אין גרוב. מיר האָבן זי קוים ארויסגעשלעפּט.

װעגן אן אָנגריף פון דער רויטער ארמײ הערט זיך נאָך גאָרנישט.

עס זײַנען געקומען עטלעכע אָפיצערן. גענומען אונדז באקוקן. מיר האָבן זיך דערפרײט: מיסטאמע װעט מען נעמען אף ארבעט!

ס'איז געװאָרן א שרעקלעכע מעהומע — יעדע אײנע װיל, מע זאָל זי נעמען. די עסעס־לײַט קרימען זיך אומצופרידן — אלע זײַנען די זעלבע „פּעגירעס". און כאָטש זײ האָבן ניט זײער שטרענג געקליבן, האָבן זײ א סאך פארבראקירט.

איך בין ארײַנגעפאלן צװישן די אָפּגעקליבענע. עפּשער װעט מען דאָס מאָל אינדערעמעסן ארויספירן צו דער ארבעט?

מע האָט אונדז פארײַניקט מיט א גרויסער גרופּע, װעלכע מע האָט געבראכט פון אנדערע באראקן, איבערגעצײלט (מיר זײַנען טויזנט אין צאָל) און אװעקגעפירט אין דער זעלבער באָד, װוּ מיר האָבן פאָריקן מאָל אויס־

געטאָן די אומגליקלעכע פרויען. זאָל מען כאָטש אונדז איינגיכן ניט צוריק־ברענגען אהער אין אזא צושטאנד...

געכאפּט א רעכטן פריר אונטערן קאַלטן שפּריץ, האָט יעדע איינע פון אונדז באַקומען א ריין העמד, א געשטרייפט קליידל און א געשטרייפטע קורטקע. מע האָט פאַרשריבן אונדזערע נומערן און אוועקגעפירט אין א באַראַק, וועלכן מע האַלט ערשט אין בויען. קיין טירן זיינען נאָך ניטאָ, קיין פענצטער זיינען נאָך אויך ניט אריינגעשטעלט, עס פייפט דער ווינט, עס שיט א שניי.

ווען ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָט מען געבראַכט צעריסענע סאָלדאַ־טישע קאָלדרעס און קאָפּטיכלעך, דערביי צו וויסן געגעבן, אַז נעכטיקן וועלן מיר דאָ גופא, אין דעם באַראַק. אויף דער אַרבעט וועט מען אוועק־פירן ערשט מאָרגן.

קיין דיל איז ניטאָ, די ערד איז פאַרפרוירן, עס וואַלגערן זיך שטיקלעך ברעטער, טשוועקעס, נאָר לייגן זיך מוז מען — שטיין איז פאַרבאָטן.

ווי לאַנג עס ציט זיך די נאַכט! דער פראָסט האָט פאַרגליווערט אַלע אייווּרים, איינדרעמלען איז אוממעגלעך. וואָלט שוין כאָטש גיכער אָנקומען דער פרימאָרגן! איך פּרוּוו זיך פאָרשטעלן, ווי וועט אויסזען דער נייער לאַגער, וואָס וועלן מיר דאָרטן טאָן. אויב מיר וועלן גראָבן אַקאָפּעס, מוז מען זען פאַרהיטן די פיס. עפשער וועל איך דאָרטן געפינען אַלטע פּאַפּירן און פאַרוויקלען אין זיי די פיס? כ׳וועל אוממבאַדינגט יעדן טאָג אויסטאָן די קלומפּעס. עפשער וועט דאָרטן פון דעם סוף ניט אזוי ברענען דאָס מויל? עפשער וועט מען דאָרטן געבן וואַסער צום טרינקען און צום וואַשן זיך. יעדנפאַלס, ערגער ווי דאָ, וועט דאָך, מיסטאָמע, ניט זיין.

ווי האָב איך דאָ געקאָנט אויסהאַלטן קימאַט א גאַנצן כוידעש? (ווען מע האָט אונדז רעגיסטרירט, האָב איך געזען אויפן רעגיסטריר־בויגן די דאַטע „11 דעקאַבער").

ס׳האָט זיך דערהערט די געוויינלעכע קאָמאַנדע: „Aufstehen!"

דער זעלבער אופזעער האָט אונדז אויסגערופן לויט דער רעשימע. איבערצייגט זיך, אַז אַלע זיינען אויפן אָרט, האָט ער אונדז אוועקגעפירט. אָבער מאָדנע — ניט צום טויער, נאָר צוריק צו דער קליידער־קאַמער. גע־הייסן אָפּגעבן די קאָלדרעס, די קורטקעס און קאָפּטיכלעך. ווער ס׳האָט זיך

ניט געפֿײַלט אויספּילן זײַן באַפֿעל אָדער האָט געוואָגט צו שטעלן קאַשעס — האָט געקראָגן אַ זעץ אין קאָפּ.

מע האָט אונדז געבראַכט צוריק אין שטינקענדיקן באַראַק, פֿון וועלכן מיר זײַנען נעכטן אַרויס מיט אַזעלכע האָפֿענונגען...

צו דער אַרבעט האָט מען אונדז ניט אַרויסגעפֿירט דערפֿאַר, וואָס אין לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּידעמיע פֿון פֿלעק־טיפֿוס. דער לאַגער איז פֿאַרמאַכט געוואָרן אויף קאַראַנטין.

עפּידעמיע! אַלע וועלן באַפֿאַלן ווערן פֿון אָט דער שרעקלעכער קרענק. פֿלעק־טיפֿוס ווייסט ניט פֿון קיין ראַכמאָנעס, ער שאַנעוועט נישט ניט אַלט, ניט יונג. און היילן וועט מען אונדז, פֿאַרשטייט זיך, ניט. עפּשער האָבן זיי אונדז ספּעציעל אָנגעשטעקט, כּדי מיר זאָלן אויסשטאַרבן. עפּשער איז דער סוף אַזוי שאַרף גאָר ניט פֿון פֿעפֿער?

ווי היט מען זיך אויס? ווו נעמט מען קיילעך ניט עסן דעם סוף, אונדזער איינציקע שפּײַז? ווי לערנט מען זיך אויס בכלל ניט עסן, אַפֿילו ניט נעמען אין מויל אַרײַן דעם שמוציקן שניי?

נאָר צי וועט דאָס העלפֿן?

דוכט זיך, איך ווער טאַקע קראַנק. דער קאָפּ איז שווער און אין די אויערן רוישט. אויף די אַפּעלן האַלט מען מיך אונטער, אַז איך זאָל זיך ניט אַראָפּלאָזן. איז דאָס פֿלעק־טיפֿוס?

איך בין טאַקע געווען קראַנק...

די פֿרויען דערציילן, אַז פֿון היץ האָב איך עפּעס געזונגען און שרעקלעך געשאָלטן די היטלעריסטן. קיינער האָט זיך גאָר ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז איך האָב אַמאָל געהערט אַזעלכע קללות. אַ גליק, וואָס די ס״ס־ים איז געווען זייער שוואַך, דערצו רוקן די היטלעריסטן אַהער ניט אַרײַן זייערע נעזער — זיי האָבן מורא פֿאַר אָנשטעקונג. ווען זיי הערן, וואָלטן זיי מיך פֿאַר אַזעלכע ווערטער דערשאָסן אויפֿן אָרט.

די פֿרויען זאָגן, אַז איך בין אַרויסגעקראָכן פֿון דער קרענק, איבערגעקרענקט. אָבער מיר דוכט, אַז זיי האָבן אַ טאָעס. דאָס איז, מיסטאָמע, געווען עפּעס אַן אַנדער קרענק, ניט קיין טיפֿוס. פֿלעק־טיפֿוס איז דאָך אַ

שרעקלעכע קרענק! אָן היילונג, אָן רעפּועס וואָלט איך פון איר ניט געזונט געוואָרן — עס שטארבן דאָך שטארקערע פון מיר. די פרויען זאָגן אָבער, אז טיפוס האקט אונטער דאווקע שטארקע, קיינמאָל ניט געקרענקטע און דעריבער זיינען זייערע אָרגאניזמען ניט צוגעוווינט צו קעמפן מיט דער קראנקייט.

ווען די מאמע וואָלט וויסן, ווי עס זיינען מיר איצט צוניץ געקומען אירע צאָרעס מיט מיינע סקארלאטינעס, געלזוכטן און לונגען־אָנצינדונגען אין דער קינדהייט!..

אפן הויף וואשן זיך מיט שניי קריך איך אף אלע פיר. שטעלן זיך קאָן איך ניט — פאר די אויגן שווינדלען גרינע רעדער.

דאָ איז אן עמעסער טויט־לאגער. די היטלעריסטן קימערט שוין אפילע ניט די אָרדענונג. קיין אפּעלן זיינען מער ניטאָ: זיי האָבן מוירע אהער אריינצוגיין. עסן גיט מען ניט. אפילע דעם אזויגערופענעם טופּ קריגן מיר איין מאָל אין צוויי־דריי טעג. אן אנדערשמאָל ברענגט מען אָנשטאָט סופּ צוויי געפרוירענע בולבעס. קיין ברויט האָבן מיר שוין לאנג ניט געזען. און עסן ווילט זיך שרעקלעך — כ'הייב אָן געזונט ווערן.

די לייז צאפּן אויס דאָס לעצטע ביסל בלוט. מיר שעמען זיך שוין ניט צו קנאקן זיי. אָבער, ליידער, העלפט דאָס ניט.

ס'איז געשטאָרבן די יעפּאסטויאר רוט. ס'האָבן איר גענומען אייטערן די פיס, נאָכדעם די הענט. זי איז געשטאָרבן... די לעצטע צייט פלעגט זי ניט אופּשטיין פון געלעגער. נאָך גאָר ניט לאנג צוריק אין שטראסדענהאָף, איז זי דאָך געווען אזא שיינהייט! שטענדיק מונטער, פלעגט זיך קיינמאָל ניט אונטערגעבן שלעכטע שטימונגען. זי האָט פעסט געגלייבט, אז מיר וועלן דערלעבן די פרייהייט, און זי וועט זיך טרעפן מיט איר מאן! איצט וועט מען זי, א געשוואָלענע אריינרוקן אין אויוון פון קרעמאטאָרי. און אויס. די געוועזענע יונגע שיינהייט וועט פארוואנדלט ווערן אין א הויפן אש...

מע זאָגט, אז ס'איז שוין ניי־יאָר. עמעצער האָט געהערט, ווי איינער א וואכמאַן האָט באגריסט אַן אופזועער.

הייסט עס, עס איז שוין אָנגעקומען דאָס יאָר 1945... אין דעם יאָר וועט שוין צום קריג געוויס נעמען א סאָף. מע ענדיקט שוין שלאָגן די דייטשן אין זייער הייל. אָבער... ניט אומזיסט זאָגט מען, אז א שטערבלעך פארוווּנדעטע כייע איז דאָפּלט שרעקלעך. צי דען איז אונדז באשערט צו זיין די לעצטע קאָרבאָנעס פון אָט דער כייע? ס'קאָן ניט זיין! עפשער וועלן זיי באם אָפּטרעטן ניט באוויזן אומצוברענגען אונדז? און דאן וועלן מיר זיין פריי! עפשער איז די מאמע מיט די קינדער אויך אין עפּעס א לאגער? און אויך זיי וועט מען באפרייען. און עס וועט זיך צוריקקערן דער פּאפּא. מירע וועט אף אונדזווארטן אין ווילנע. מיר וועלן זיך אלע טרעפן אין דער אלטער דירע. יעדן פרימאָרגן וועל איך זיך ווידער איילן אין שול, מירע — אין אוניווערסיטעט. רייעלע מיט רוּוועלען וועלן לויפן אין שול אריין, — זיי זיינען דאָך שוין אונטערגעוואקסן...

אָבער ווען וועט דאָס זיין? און צי וועט דאָס זיין?

רייע פון ריגע, מיט וועלכער מיר האָבן צוזאמען געארבעט באם פּאָרעך אין דאָרף, דערציילט, אז זי האָט געהערט פון די, וואָס ברענגען סופּ, אז באנאכט איז אין קרעמאטאָרי געווען א סרייפע. ס'איז פארברענט געוואָרן נאָר די גאז־קאמער. מע האלט, אז עמעצער האָט אונטערגעצונדן.

אונדז וועט דאָס שוין סייווי ניט ראטעווען.

סארא שרעק! אין שלאָף האָב איך זיך צוגעטוליעט צו א מעס. באנאכט האָב איך דאָס ניט געפילט. ס'איז געווען זייער קאלט, און איך האָב זיך צוגעטוליעט צום רוקן פון א שכיינע. די הענט ארונטערגערוקט אונטער אירע אָרעמס. זי האָט זיך, דוכט זיך, א ריר געטאָן, צוגעדריקט מיינע הענט צו זיך. און אינדערפרי האָב איך דערזען אז זי איז טויט...

עס איז געקומען די אופזועערן. געהייסן אלעמען, ווער ס'האָט שוין איבערגעקרענקט, זיך אויסשטעלן. מיינענדיק, אז מע וועט שיקן אף ארבעט, האָבן געוואָלט זיך אויסשטעלן אויך קראנקע. אָבער די אופזועערן האָט גלייך באמערקט דעם שווינדל.

די אופזוערן האָט אָפּגעקליבן אכט (צווישן זיי אויך מיך) און געמאָלדן, אז מיר וועלן זײַן די „באגרעבער־קאָמאנדע”. ביז איצט איז געווען א גרויסע אומאָרדענונג, די טויטע פלעגן צו עטלעכע מעסלעס ליגן אין די באַראקן. איצט מוזן מיר טייקעף אראָפּנעמען פון די געשטאָרבענע די בגאָדים, ארויסרײַסן בא זיי די גאָלדענע ציין, זאלבעפערט ארויסטראָגן אין דרויסן און אוועקלייגן לעבן טיר פון באראק. באגינען און פארנאכט וועט פארבײַפאָרן די באגרעבער־קאָמאנדע פון לאגער און זיי אוועקפירן.

ווי וועל איך טראָגן אנדערע, אז איך אליין האלט זיך קוים אף די פיס? פאר די אויגן שווימען רעדער, די פיס בייגן זיך. איך שאר מיט די פיס, האלטנדיק זיך פאר די ווענט.

מיר גייען צו צו איינער, וועלכע איז געשטאָרבן הײַנט באגינען. איך נעם אָן אירע קאלטע פיס, אָבער איך קאָן זי ניט אופהייבן, כאָטש דער געשטאָרבענער קערפער איז אינגאנצן אויסגעטריקנט. די איבעריקע דרײַ הייבן זי אוף, און איך קאָן בעשומויפן ניט. די אופזוערן לאָזט מיר אראָפּ א פליאסק אין באק און דערלאנגט מיר א שער מיט א צווענגל: כ׳וועל דארפן די מייסים אויסטאָן און ארויסרײַסן בא זיי די גאָלדענע ציין. וועל איך אָבער פרווון גאנווענען כאָטש איין צאָן — וועל איך צוזאמען מיט מײַנע פאציענטקעס אוועק צו מײַנע עלטערזיידעס אף יענער־וועלט!..

די טויטע פרוי לייגט מען אוועק בא מײַנע פיס. איך קוק זיך צו — די אויגן זײַנען אָפן און ווי זיי וואָלטן זיך באוועגן! נאָר די אופזוערן טרײַבט מיך, איך זאָל זי גיכער אויסטאָן. איך ריר זיך ניט דרייסט צו מיט א פינגער — זי איז קאלט. איז פארוואָס באוועגן זיך אירע אויגן? סאָפּ־קאָלסאָף האָב איך פארשטאנען, אז אין זיי לײַכט זיך אָפּ דאָס עלעקטרישע לעמפל, וואָס הענגט אינטערן באלקן און שאָקלט זיך פון ווינט. מיט א ציטערדיקער האנט שנײַד איך איבער איר קלייד. איך גיב די טויטע פרוי א הייב אונטער, וויל אויסטאָן פון איר דאָס קלייד, נאָר דער קערפער גיט גלײַך א פאל צוריק, און דער קאָפּ גיט א טעמפּן קלאפּ אין דיל. איך מוז זי אונטערהאלטן, צודריקן איר קאָפּ צו זיך. דער קערפער אירער איז אזוי קאלט. ווי ספּעציעל קעדיי צו רייצן זיך מיט מיר, בלישטשעט דער מעס מיט גאָלדענע ציין. וואָס זאָל איך טאָן? ארויסרײַסן זיי? — ווייס איך דאָך ניט, ווי מע טוט עס! אומבאמערקט פאר דער אופזוערן, האָב איך אפּניך פארקלאמערט מיטן צווענגל די ליפּן באם מעס. די אופזוערן וועט דאָך ניט עפענען ספּעציעל דאָס מויל און זוכן ציינער.

נאָר די אופֿזעערן האָט יאָ באַמערקט מײַן שפּיצל. זי האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ טעלעבענץ, אַז איך בין אַרופֿגעפֿאַלן אויפֿן מעס. כ׳פּרוּוו זיך אופֿשטעלן, נאָר די אופֿזעערן האָט אַף דערויף געוואַרט, — זי האָט גענומען מאַזיקן מיך מיט עפּעס זייער אַ שווערן שטעקן. אין אַלץ איבערן קאָפּ. דער קאָפּ האָט זיך ווי געשפּאָלטן אַף דער העלפֿט, און די אופֿזעערן שלאָגט ווײַטער. אופֿן דיל טריפֿט בלוט...

זי האָט אַזוי לאַנג געזעצט מיטן שטעקן, ביז זי איז מיד געוואָרן.

דער גאַנצער דורכגאַנג איז פֿאַרוואַלגערט מיט מײַסים. מע דאַרף זיי אויסטאָן. אָבער איך קאָן ניט, פֿאַר קיין פֿאַל ניט! כ׳וועל בעסער טראָגן זיי, קריכנדיק אַף אַלע פֿיר, שלעפּן זיי מיט די לעצטע קויכעס, אָבער ניט אויסטאָן! זאָל זיך עמעצער דערבאַרעמען אַף מיר און אַליין טאָן דאָס. איך קאָן ניט... ס׳איז מיר שלעכט... זייער שלעכט...

פֿאַרן אוועקגיין האָט די אופֿזעערן געעפֿנט דעם וואַשרום און געזאָגט, אַז מיר מעגן זיך אַרומוואַשן און דאָ גופֿע שלאָפֿן. אָבער דער לאַקאַל טראָגט בלויז דעם נאָמען וואַשרום, קיין וואַסער איז ניטאָ.

דער דיל איז אַ שטיינערנער, עס איז זייער קאַלט, נאָר דערפֿאַר איז דאָ ניט אַזאַ איפּעש. די פֿרויען האָבן זיך צוגעלייגט. כ׳וואָלט זיך אויך געלייגט, נאָר עס טוט זייער ווי דער צעמאַזיקטער קאָפּ, איך קאָן אים ניט אַוועקלייגן. כ׳האָב אונטערגעשפּאַרט מיט די פֿינגער דעם שטערן און זיץ...

מיסטאַמע האָב איך פֿאָרט אַ דרעמל געטאָן. ווען איך האָב זיך אופֿגעכאַפּט, האָב איך זיך געטרייסלט פֿון קעלט, זײַענדיק דורכגענעצט אַף דורך און דורך. לאָזט זיך אויס, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַ שפּריץ און טאַקע פֿון אים האָט געגאָסן אַף אונדז אײַזקאַלטע וואַסער.

מיר זײַנען אַרײַנגעלאָפֿן אין באַראַק. ווען דער עולם האָט זיך דערוווּסט, אַז עס גייט וואַסער, האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן אין וואַשרום. אָבער דאָס וואַסער האָט, ווי דורך אַ קישעף, פּלוצעם אופֿגעהערט צו גיסן. עטלעכע פֿרויען האָבן אויסגעלעקט די לוזשעס, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אופֿן דיל, און כאָטש עטוואָס געשטילט דעם דורשט. אַנדערע האָבן אַפֿילע דאָס אויך פֿאַרשפּעטיקט.

אין באַראַק ווערט אַלץ שיטערער. יעדן טאָג שטאַרבן צו 40 — 60 פֿרויען. לעבן טיר ליגן שטענדיק בערג בלויע מײַסים. עס קומט אָן אַ וואָגן, אין וועלכן ס׳זײַנען אײַנגעשפּאַנט העפֿטלינגען. צוויי מענער נעמען

אָן פאַר די הענט און פיס אָן אויסגעדאַרטן, פאַרפרוירענעם קערפּער, וויגן אים פאַנאַנדער און וואַרפן אַרויף אַף אַ קופּע נאַקעטע מייסים.

דער קרעמאַטאָרי אַרבעט אַ קײַלעכדיקן מעסלעס, לעבן אים זײַנען אָנגעוואַלגערט גרויסע בערג מייסים; אין לאַגער שטאַרבן אַרום טויזנט מענטשן אַ טאָג.

די באַגראָבער־קאָמאַנדע האָט געבראַכט אַ גוטע פּסורע. דער פראָנט דערנעענטערט זיך.

די מענער עוואַקויִרט מען. מיר האָבן געזען, ווי מע האָט אוועקגעפירט דרײַ גרופּעס. אויך עסעס־לײַט ווערט ווייניקער. ווײַזט אויס, אַז מע ליקווידירט דעם לאַגער. די אַרבעטספּעציקע פירט מען אַרויס, און אונדז וועט מען, מיסטאָמע, פאַרברענען צוזאַמען מיט די באַראַקן.

פרויען וועט מען אויך עוואַקויִרן.

באַגינען איז געקומען אַן אױפזעער און געמאָלדן, אַז די, וועלכע קאָנען גיין צופוס, זאָלן זײַן גרייט אין וועג אַרײַן.

איך וועל צופוס ניט קאָנען גיין...

אָט אַזוי קומט מײַן סאָף. גראָד דעמלט, ווען די פרײַהײַט איז שוין גאָר נאָענט, בין איך אינגאַנצן אויסגעשעפּט. ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש אַ קאַפּעלע קויעך! כאָטש אַ טראָפּן האָפענונג, אַז איך וועל קאָנען שלעפּן די פיס!

פאַרנאַכט איז דער זעלבער היטלעריסט ווידער געקומען. ער האָט געהייסן זיך אויסשטעלן. אַלע, ווער עס איז נאָר געווען אימשטאַנד, האָבן פאַרלאָזן דעם באַראַק. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט. אין באַראַק בלײַבן בלויז מייסים און יענע, וועלכע קאָנען שוין אפילע ניט זעצן זיך... ניין, איך וועל דאָ ניט בלײַבן! פאַר קיין פאַל ניט! כ׳מוז גיין! זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן, אַבי ניט דאָ! אַבי ניט ליגן און וואַרטן, ביז מע וועט דיך פאַרברענען לעבעדיקערהייט!

איך שטעל זיך אויף. אין קאָפּ שווינדלט, איך וואַקל זיך, נאָר איך גיי אַרויס. אין באַראַק בלײַבט אַ קימאַט געזונטע פרוי: זי וויל ניט איבערלאָזן אַ שטאַרבנדיקע כאַווערטע אין איר לעצטער שאָ.

מע פֿירט אונדז אַרויס. געקומען אַהער זײַנען מיר אַ ריזיקע מאַסע פֿון פֿיל טויזנטער מענטשן און פֿונדאַנען גייען מיר אַוועק אַ הײַפֿעלע געציילטע מענטשן... גרינג צו זאָגן: „מיר גייען אַוועק!" מיר זײַנען שוין דען אויף דער פֿרײַ?

מיר נעכטיקן איבער אײנעם זעלבן באַראַק אָן פֿענצטער, וווּ מיר האָבן שוין אײנמאָל זיך געטרייסלט פֿון קעלט.

אינדערפֿרי האָבן מיר געקראָגן ברויט — צו אַ דריטל לעבעלע אויף אַ מענטשן. מע האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז דאָס מוז קלעקן אויף דרײַ טעג. הייסט עס, אַז דרײַ טעג וועלן מיר זײַן אין וועג. צי דען די גאַנצע צײַט צופֿוס? איך זאָל כאָטש אויסהאַלטן!

צוערשט, ווען איך האָב זיך עטוואָס צוגעוווינט גיין, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וועל זיך עפּשער אַרײַנציִען. נאָר אינגיכן האָבן די פֿיס גענומען זיך בייגן, און מיר האָט זיך גענומען דוכטן, אַז מער וועל איך שוין ניט קאָנען שטעלן קיין איין טראָט. פֿונדעסטוועגן פֿלעג איך צווינגען די פֿיס, זיי זאָלן יאָ שטעלן דעם טראָט, דערנאָך אַ נײַעם טראָט, נאָך איינעם און ווידער עטלעכע... כ'האָב זיך געטרייסט, אַז עפּשער וועט מען שוין באַלד לאָזן אָפּרוען. איך מוז אומבאַדינגט אויסהאַלטן ביזן אָפּרו! דערנאָך וועט זײַן לײַכטער.

איך בין שוין שיר ניט געפֿאַלן, ווען די באַגלייטער האָבן סאָפּקאָלסאָף אַ פֿײַף געטאָן און געהייסן זיך אויסזעצן איןביידע זײַטן פֿון וועג, בײַ די גראָבנס. איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן און אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין אַ שיידים־טאַנץ דער שמוציקער שניי פֿון וועג. כ'האָב קוים געעטעמט. עס האָבן ניט געהאָלפֿן די שטיקלעך שניי און אײַז, וועלכע איך האָב די גאַנצע צײַט געשלונגען.

אויפֿשטעלן זיך איז געווען נאָך שווערער. די פּרוּוען האָבן מיר געהאָלפֿן.

איך האָב זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז כ'וועל אויסהאַלטן ביז אָוונט.

ווען ס'האָט גענומען פֿינצטער ווערן, האָט מען אַ טייל פֿון אונדז אַרײַנגעיאָגט אין אַ שײַער, די איבעריקע פֿאַרשפּאַרט אין אַ שטאַל. סאַראַ גליק דאָס איז — ליגן די גאַנצע נאַכט, ביז סאַמע פֿרימאָרגן! איך האָב אָפּגעבראָכן אַ שטיקעלע ברויט און, קײַענדיק, זיך געטרייסטל פֿון געוויין:

ווי גוט, וואָס איך בין ניט געבליבן אין לאַגער. איך וואָלט שוין איצט אויף דער וועלט ניט געווען. און דאָ לעב איך דאָך פאָרט.

א גאַנצער טאָג איז שוין אריבער. געבליבן זיינען סאַכאַקל נאָך צוויי טעג...

אומזיסט האָבן מיר געהאָפט, אז מיר וועלן זיין אין וועג ניט מער ווי דריי טעג. די דריי טעג זיינען לאַנג פאַרביי, און מיר גייען און גייען, און קיין סאָף זעט זיך ניט. יעדן טאָג בלייבן ליגן אויפן וועג צו עטלעכע פרויען. זיי פאַלן, און קאָנען אפילו מיט דער הילף פון אנדערע ניט אויפשטיין. עמעצער פון די קאַנוואָירער לאָזט אריין אזא פרוי עטלעכע קוילן אין קאָפּ, גיט זי א בריקע מיטן פוס און נאָך א מעס קייקלט זיך אראָפּ אין גראָבן. ווען מיר גייען פאַרביי א דאָרף, מעלדן די וואַכלייט, אז עטלעכע קילאָמעטער פונדאַנען ליגט א מעס, וועלכן מע דאַרף באַגראָבן, ווייל אינגיכן וועט ווערן וואַרעם, קאָן זיך אָנהייבן אן עפּידעמיע.

היינט האָט מען פאַרביי אונדז פאַרבייגעפירט א קאָלאָנע סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. זיי זעען אויס שרעקלעך — אויסגעהונגערטע, געלע, אויסגעצערטע. און דאָך — מיט וויפל מיטלייד האָבן זיי געקוקט אויף אונדז.

איך האָב זיך געמיט ניט דורכלאָזן קיין איין פּנים: עפּשער איז צווישן זיי דאָ מיין פּאַפּאַ?

מיך פירט מען שוין אונטער די הענט. אליין קאָן איך ניט גיין. מיט די לעצטע קויכעס באַמי איך זיך איבערשטעלן די פיס און ניט זייער פאַרשווועריקן די, וועלכע פירן מיך. אָבער דאָס איז ניט אין מיין רעשוס. ס'איז זייער שווער צו גיין צוליב דעם שניי, וואָס קלעפּט זיך צו די הילצערנע קלומפּעס.

מיר הונגערן שרעקלעך. עסן גיט מען שוין אינגאַנצן ניט. ווען־ניט־ווען גיט אונדז עמעצער פון די באַלעבאַטים, וואָס בא זיי אין שטאַל פאַרשפּאַרט מען אונדז אויף נאַכט, א קעסעלע קאַרטאָפל. פון אזא קעסעלע קריגן מיר סאַכאַקל צו איינע־צוויי קאַרטאָפל אויף א מענטשן.

מיר האָבן זיך אויסגעלערנט דערקענען פארשנייטע בונקערס, אין וועלכע ס'זייַנען פארלייגט אף ווינטער קארטאָפל אָדער בורעקעס. ניט קיין קלעפ, ניט אפילע די שיסערייַ פון די באגלייטער קאָנען ניט אָפּטרייַבן די הונגעריקע פרויען — זיי באפאלן די בונקערס, מיט פארפרוירענע הענט גראָבן זיי פאנאנדער דעם שניי, די ערד און צעכאפן די בורעקעס. ווען מיר גייען אוועק, בלייַבן אפן צעטראָטענעם שניי עטלעכע הארוגים. אין די פארגליווערטע הענט האלטן זיי דעם אזוי שטארק געגארטן בורעק.

עס טרעפט, אז אויך אונדז, די זייער שוואכע, וועלכע קאָנען ניט לויפן צוזאמען מיט אלעמען, ברענגט מען א בורעקל אָדער א בולבע. ליידער, טרעפן זיך בונקערס זייער זעלטן. קעדיי עס זאָל אזוי ניט מאטערן דער הונגער, איז מייַן מויל שטענדיק פול מיט שניי און אייַז.

כ'האָב אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן. די זייַט פונעם קערפּער, אף וועלכער איך ליג באנאכט (ליגן אפן רוקן קלעקט ניט קיין אָרט), ווערט אזוי אָנגעבראקנעט, אז ביז האלבן טאָג קאָן איך ניט עפענען דאָס אויג. אף די פיס איז מאמעש א שרעק צו קוקן: זיי זייַנען אזוי געשוואָלן, אז זיי קריכן קוים ארייַן אין די גרויסע מענערישע קלומפּעס, אין וועלכע איך פלעג פריִער ארייַנרוקן אזויפיל פאפיר. כ'האָב מוירע, אז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועלן זיי שוין ניט ארייַן אין די קלומפּעס. ווי גייט מען באָרוועס איבערן שניי? אָבער ניט אויסטאָן זיי אף נאכט ריזיקיר איך ניט. דאַן קאָן פּאסירן אזוי ווי מיט יענע פרויען, וועלכע מיר האָבן דעמלט אויסגעטאָן...

וואָס ווייַטער ווערן די באגלייטער אלץ ווילדער. ווייַזט אויס, זיי איז שוין אויך דערעסן געוואָרן זיך צו שלעפּן, כאָטש זיי ווערן ניט אזוי פּארמאטערט: יעדע עטלעכע שאָ בייַטן זיי זיך — זעצן זיך אף די וועגענער, וועלכע פאָרן נאָך פון הינטן מיט אלע זייערע זאכן. אונדז אָבער לאָזן זיי זיך צוזעצן בלויז איין מאָל אין טאָג, סאכאקל אף א האלבער שאָ.

באנאכט הערן זיך צומאָל זייער ווייַטע דומפּע אופרייַסן. דאָס איז אפּאָנעם פון פראָנט. נאָר באטאָג יאָגט מען אונדז ווידער פאָרויס, און קיין אופרייַסן הערן זיך קימאט ניט. איבערבלייַבן דאָ איז אומעגלעך. אין א פוסטן שייַער קאָן מען זיך ניט אויסבאהאלטן, און אויב בלייַבן ליגן, וועט מען באשליסן, אז דו ביסט אָפּגעשוואכט און מע וועט דיך באזאָרגן מיט א קויל אין קאָפּ.

מיר זײַנען ניט די אײנציקע, וואָס שלעפּן זיך איבערן שאָסיי. עס האָבן זיך דאָ אויסגעצויגן לאַנגע רייען וועגענער. אָנגעלייגט אהין זייער האָב און גוטס, ארופגעזעצט דאָס געזינד, צוגעבונדן די קי און שאָף, אײַלן די דײַטשן אף מיזרעח, ווײַטער פון פראָנט. און מיר, פאר וועמען דער פראָנט איז די איינציקע געולה, מוזן זיך שלעפּן אין איין ריכטונג מיט די דײַטשן. נאָר וואָס זאָל מען טאָן — באגלייטער האָבן מיר גענוג. זיי זײַנען באוואָפנט, זייערע קלאָווים זײַנען בייז, און מיר זײַנען געשוואָלענע, קוים לעבעדיקע, אומבאוואָפנטע.

מיר זײַנען שוין א גאנצע וואָך אין סטרעלענטין. דאָס איז א געוועזע־נער פּריצישער גוט. דער באלעבאָס איז אפּן פראָנט, די באלעבאָסטע מיט די קינדער זײַנען אנטלאָפן קיין בערלין.

אונדז האלט מען פארשפּארט אין שטאלן. דער אונטערשארפירער מיט די וואכלײַט וווינען אין א ווײַס מויערל, וואָס שטייט פארלאָזט אפּן בערגל.

מיר באקומען יעדן טאָג ניט מער ווי צו האלבן ליטער אזוי־גערופענעם סופּ — א שמוציק שיסעלע וואסער, אפילע אָן זאלץ. קיין שום אנדערע דערנערונג גיט מען אונדז ניט.

אף דער פרײַער לופט לאָזט מען אונדז ארויס בלויז צוויי מאָל אין טאָג. קעדיי מיר זאָלן ניט פארגליווערט ווערן, מוזן מיר זיך פארנעמען מיט ספּאָרט. אינדערפרי און אין אָוונט דארפן מיר אונטער דער אופזיכט פון די אופזעערנס אויספירן פארשיידענע איבונגען. די אופזעערנס קײַכן פון געלעכטער פון אָט דעם „סקעלעטן־ספּאָרט”, ווי זיי האָבן א נאָמען געגעבן אונדזערע אָנשטרענגונגען צו איבערכאַזערן זייערע מוסטער־באוועגונגען. צוטשעפּענדיק זיך צו עפּעס א פרוי, שלעפּן זיי זי ארויס פון דער ריי און צווינגען זי מאכן „סאָלאָ”־ספּאָרט. דערבײַ מוזן מיר אלע לאכן. אויב איינע פון אונדז לאכט ניט אזוי הויך, פויקט איר די אופזעערן מיט א שטעקן אין קאָפּ, ווי אין א באראבאן.

איך שלעפּ שוין קוים די פיס. צום „ספּאָרט” העלפן מיר די פרויען אופשטיין און פירן מיך. די אופזעערנס טאָרן ניט זען אין וואָס פאר א צושטאנד איך געפין זיך.

ליידער בין איך ניט די איינציקע, וואָס געפינט זיך אין אזא צושטאנד.

דעם גאַנצן נאָכמיטיק האָט די ערד זיך געטרייסלט פֿון דער האַרמאַטן־קאַנאָנאַדע.

עס איז שוין געווען גוט פֿינצטער, ווען מע האָט אונדז באַפֿוילן אויס־צושטעלן זיך אין רייען און גיין. באַנאַכט?! הייסט עס, אַז מע פֿירט אונדז שיסן... פֿאַרט ניט אויסגעמיטן דעם טויט!

ניין, כ׳וועל ניט גיין! כ׳וועל דאָ בלײַבן. קעדיי די היטלעריסטן זאָלן מיך ניט באַמערקן, וועל איך ליגן אײַנגעדרייט אין אַ ווינקעלע, ביז כ׳וועל ניט דערהערן, אַז אַרום געפֿינען זיך שוין אונדזערע. און אויב די היטלע־ריסטן וועלן מיך יאָ באַמערקן... נו, מײַלע, אויב שטאַרבן, איז זאָל שוין זײַן מיט אַ שאָ פֿריִער.

די ווײַבער ריידן מיך אײַן, איך זאָל גיין. עפּשער פֿירט מען גאָר ניט שיסן, עפּשער טרײַבט מען אונדז ווײַטער? נאָר מיך וועט עס שוין ניט ראַטעווען — איך וועל ניט גיין.

די פֿרויען האָבן מיך טאַקע אַרויסגעשלעפּט. זיי האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן אַזאַ יונג מיידל אויף אַ זיכערן טויט. אין דער פֿינצטער וועט מען ניט זען, ווי זיי שלעפּן מיך, וועל איך, עפּשער, דערגיין.

מע האָט באַפֿוילן גיין זייער שטיל. אַפֿילו די באַגלייטערנס טאָרן ניט ריידן און רייכערן. די הינט האַלטן זיי פֿאַר די האַלדז־רימענס און גיבן אַכטונג, זיי זאָלן ניט בילן. פֿאַרוואָס אַזאַ געהיימקייט?

אַ גרויזאַמע שטילקייט. קיין אויפֿרײַסן הערן זיך מער ניט. צו די קלומ־פּעס קלעפּט זיך ווידער אַ סאַך שניי. די פֿיס פֿאָלגן ניט, איך בין שוין עטלעכע מאָל אומגעפֿאַלן, אָבער די פֿרויען הייבן מיך אויף און מיר גייען ווײַטער. צי דען פֿאַרשטייען זיי ניט, אַז דאָס איז איבעריק, ווײַל מײַנע קוי־כעס זײַנען שוין אויסגעגאַנגען, און איך קאָן זיך מער ניט באַוועגן? דאַכט זיך, אַז איך אָטעם שוין אַפֿילו ניט, איך כאַפּ נאָר די ליפּן. זיי אַליין איז דאָס מאָל, ווײַזט אויס, פֿיל שווערער צו שלעפּן מיך: זיי בײַטן זיך זייער אָפֿט. זיי בעטן מיך האַלטן זיך, ניט אַרויסגליטשן זיך פֿון זייערע הענט. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז די פֿיס בייגן זיך אַליין. איך פֿאַל אַנידער. איך קאָן זיך ניט באַהערשן...

אַלץ...

איך ליג. די פֿרויען שלעפּן מיך פֿאַר די הענט, ווילן אויפֿהייבן, נאָר די פֿיס פֿאָלגן ניט, איך קאָן ניט בײַקומען די שוואַכקייט. די פֿרויען מוזן

אָפּלאָזן מײַנע הענט — מע יאָגט זיי... זיי גייען אוועק... איך פאַרמאַך די אויגן, קעדיי ניט זען, ווי מע וועט אין מיר שיסן...

דוכט זיך, איך לעב נאָך, עס טוט נאָר ווײ א זײַט. עפּשער האָט מען מיך פאַרוווּנדעט? קיין שאָס האָב איך ניט געהערט און קיין שאַרפן ווייטיק ניט געפילט. פאַרוואָס אָבער ליג איך אין גראָבן? דער וועג איז פּוסט. הייסט עס, אז אלע זײַנען אוועק. יאָ, עס הערן זיך נאָך ווײַטע טריט. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? די קויל האָט אין מיר ניט געטראָפן? עפּשער אזוי. קיין וווּנד איז ניטאָ. עפּשער האָט מען ניט געשאָסן? כ'האָב דאָך טאַקע קיין שאָס ניט געהערט. נו, יאָ! ווי האָב איך דאָס ניט פאַרשטאַנען, אז דער קאָנוואָיר האָט נאָר א בריק געטאָן מיך מיטן פוס און אַראָפּגעשטופּט אין גראָבן.

ווי שיין דאָ איז! דער וואַלד שטייט שטיל, ווי פאַרקישעפט. אַרום איז פול מיט שניי. ס'איז ווייך... גוט און שטיל...

וועמענס שטים הערט זיך דאָס?.. צי איז דאָס נאָר א האַליוצינאַציע? ניין, עמעצער שעפּטשעט... דאָס איז א פרויען־שטים. זי פרעגט, צי לעב איך? ווי שווער ס'איז א ריר צו טאָן מיט דער צונג...

די שטים כאַזערט איבער די פראַגע. איך עפן די אויגן. אפן שאָסיי שטייט א פרוי. זי הייסט מיר אַרויסקריכן. ליגן טאָר איך ניט, ווײַל איך וועל פאַרפרוירן ווערן. מע מוז זיך באַוועגן.

און אויב איך האָב מער קיין קויעך ניט צו באַוועגן זיך? אויב איך קאָן אפילו ניט ריידן?..

די פרוי איז אוועק... וועט כאָטש רויִק זײַן.

ניין, זי איז געקומען צוריק, געבראַכט א פלאַקן. וואָס ווילן זי פון מיר?

זי וויל, אז איך זאָל ניט אַנשלאָפן ווערן.

און איך וויל דאַפקע שלאָפן.

זי זאָגט, איך זאָל ניט ריידן קיין נאַרישקייטן. פּונקט איצט, ווען די פרײַהייט איז שוין אזוי נאָענט, מוז מען אָנווענדן די לעצטע קויכעס און אויסהאַלטן, בלײַבן לעבן.

און וואָס זאָל איך טאָן, אז איך האָב שוין לאַכלוטן ניט קיין קויכעס?

אַלציינס מוז מען זיך האַלטן. זי וועט פון מיר ניט אָפּשטיין, ביז איך וועל ניט אַרויסקריכן פון גראָבן. כאָטש אויף אַלע פיר, כאָטש ביזן סאַמע פרימאָרגן קלעטערן, אָבער אומבאַדינגט אַרויסקריכן. זי וועט מיר העלפן. באַלד ברענגט זי נאָך איין פלאַקן.

הינטערן וואַלד האָבן זיך ווידער דערהערט אויפֿרייַסן, עפּשער זייַנען אונדזערע באַפֿרייַער שוין נאָענט? איך מוז אומבאַדינגט זיך שטעלן אויף די פֿיס!

מייַן גוטער מאַלעך האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן בויך און שלעפּט מיך פֿאַר די הענט. איך גליטש זיך, פֿאַל צוריק און פּרוּוו ווידער קלעטערן. איך בין קוים מיט צאָרעס אַרויסגעקראָכן פֿון גראָבן. אָבער שטיין איז זייער שווער. ווען איך בין געלעגן, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך ווער ווידער אַ שטיקל מענטש, אָבער איצט זע איך, אַז די שוואַכקייַט איז ניט אַריבער. די פֿיס האַלטן ניט. מייַן נייַע כאַווערטע האָט מיר דערלאַנגט אַ פֿלאָקן און געהייסן נעמען אים אין די הענט און ווי־ניט־איז שטעלן טריט, קעדיי ניט פֿאַרפֿרוירן ווערן.

אַזוי שלעפּן מיר זיך געאָרעמט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די פֿלעקענער.

מיר זייַנען די איינציקע אויפֿן לאַנגן פּוסטן שאָסיי. פֿון בײדע זייַטן רינגלען אונדז אַרום וועלדער. עס דוכט זיך, אַז פֿון הינטער יעדן בוים קוקט אונדז עמעצער נאָך.

מייַן מיטגייערן פֿילט זיך מיסטאַמע אויך ניט אַמבעסטן. זי הערט ניט אויף צו ריידן. זי איז פֿון אונגאַרן, אַ לערערן. די גאַנצע מישפּאָכע איז אומגעקומען — צוערשט האָט מען דערשאָסן די עלטערן, נאָכדעם דעם מאַן. ער איז געווען זייער אַ גוטער. די עלטערן זייַנען אויך געווען גוטע. איצט איז זי געבליבן איינע אַליין. עלנט. זי שטעלט זיך אַפֿילע ניט פֿאָר, ווי וועט זי קאָנען לעבן. נאָר שטאַרבן ווילט זיך ניט. דעריבער איז זי איצט אין וואַלד ספּעציעל געפֿאַלן, קלוימערשט פֿון שוואַכקייַט. דאָס האָט זי באַשלאָסן אָפּשטיין, קעדיי דערוואַרטן זיך אויף דער רויטער אַרמיי. זי האָט געהערט, ווי איין באַגלייטער האָט איבערגעגעבן אַ צווייטן דעם אונטער־שאַרפֿירערס באַפֿעל: ניט שיסן, אויב עמעצער וועט אַפֿילע פֿאַלן, — אַ שאָס קאָן אַרויסגעבן.

פּלוצעם: "Hende hoch!"[1] מיר הייבן אויף די זיך טרייסלענדיקע הענט. פֿון וואַלד לויפֿט אַרויס אַ באַוואָפֿנטער היטלעריסט מיט אַ הונט. ער הייסט אונדז אָפּגעבן דאָס געווער. ניט גלייבנדיק, אַז מיר האָבן ניט קיין געווער, באַזוכט ער אונדז. ער פֿאָדערט דאָקומענטן. מיר ענטפֿערן, אַז מיר האָבן ניט קיין דאָקומענטן, ווייַל מיר זייַנען פֿון אַ קאָנצענטראַציע־

[1] די הענט אין דער הייך!

לאגער, וועלכער איז ערשט ניט לאנג דורכגעגאנגען מיט דעם וועג. מיר זײַנען פארשלאפט געוואָרן, זײַנען מיר אָפּגעשטאנען. איצט פילן מיר זיך שוין אינגאנצן גוט און ווילן זיי דעריאָגן.

דער היטלעריסט וויל אָבער פון גאָרנישט ניט וויסן. ער כאזערט דאָס זײַניקע — מיר זײַנען רוסישע שפּיאָנקעס, וועלכע מע דאַרף דערשיסן. מיר טענהן, אז מיר זײַנען פון לאגער, א באווײַז זײַנען די קליידער, שפּיאָנ־קעס טוען זיך דען אזוי אָן? אָבער ער הערט ניט אויף צו רופן אונדז פארע־טערנס, וואָס ווארטן דאָ אויף די רוסן.

ערגעץ פון הינטער א בוים איז ארויס נאָך א היטלעריסט. ער ווייסט וועגן אונדזער לאגער, וועלכער איז דאָ פארבײַגעגאנגען.

דער ערשטער היטלעריסט פירט ארויס פון הינטער די ביימער א וועלאָ־סיפּעד, זעצט זיך אויף אים און הייסט אונדז נאָכגיין. ער וואָרנט, אז מיר זאָלן ניט פרווון אנטלויפן, ווײַל ער וועט אָנרייצן דעם הונט, וועלכער וועט אונדז איבערבײַסן די גאָרגלען.

ער פאָרט, און מיר לויפן נאָך מיט אלע קויכעס. מיר פעלט ווידער אָטעם, די פיס בייגן זיך אונטער... אָבער עס איז גענוג, איך זאָל דערהערן דעם בייזן ברום פונעם הונט, ווי די פיס באוועגן זיך. די כאוועריטע האלט מיך אונטער.

קוים דערשלעפּט זיך צו א קליין שטיבעלע. אָנגעזאָגט דעם הונט, ער זאָל אונדז היטן, גייט דער היטלעריסט ארײַן אין שטיבעלע. דער הונט לאָזט פון אונדז ניט אראָפּ זײַנע בייזע אויגן. ער וואַרט, אז מיר זאָלן זיך א ריר טאָן. ער קוקט אויף אונדזערע העלדזער. ווײַזט אויס, אז ער האָט ניט איין מענטשן איבערגעביסן דעם גאָרגל...

עס האָט גענומען טאָגן. פּלוצעם איז אָנגעפאָרן א וואָגן, אין וועלכן ס'איז געזעסן די אופזעערן פון אונדזער לאגער. זי האָט אונדז גוט צענע־ריקט און געהייסן ארויפקריכן אפן וואָגן. איך האָב זיך קוים ארופגעקראַבּ־קעט.

מע פירט אונדז דורך א דאָרף. ניטאָ דאָ קיין לעבעדיקער נעפעש. אלע לאָדנס פארמאכט, די טירן פארשפּארט. מאָדנע שטיל. עפּשער שלאָפן נאָך די מענטשן?

הינטערן דאָרף ציִען זיך פעלדער. אין דער ווײַט, לעבן א גרויסן שײַער, שטייען א סאך וועגענער, איז דאָס ניט אמאָל אונדזער לאגער? אלץ הייבט זיך אָן פונדאָסנײַ...

מיטאמאָל האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קנאַל. ווײַטער זײַנען גע־קומען איינער נאָכן צווייטן דומפּע אופרײַסן. דער אופזועערנס הונט, וואָס האָט אונדז באַוואַכט, האָט אָנגעשטעלט די אויערן. אויך די היטלעריסטן באַם שײַער האָבן זיך שטאַרק באַאומרויִקט: אייניקע פון זיי האָבן געקוקט אױפן הימל, אַנדערע האָבן געהאַלדערט.

מיר פאָרן צו נעענטער. וואָס איז דאָס? מיר זעען, ווי די דײַטשן קײַ־לען צום שײַער פעסער. זיי וועלן אונטערצינדן דעם שײַער און פאַרברענען אונדז לעבעדיקערהייט!..

מע הייסט אונדז ארײַן אין שײַער. מיר דערזעען דאָ פיל פרויען ניט נאָר פון אונדזער לאַגער. אויף דער ערד, צווישן שמוץ און שטויב, ליגן מענטשן אין גסיסע און געשטאָרבענע. זיי איז שוין אַלציינס...

דערציילן וועגן די פעסער צי ניט? כ׳וועל שווײַגן. זאָלן זיי ניט וויסן, וועלן זיי זײַן רויִקער.

ניין, כ׳וועל דערציילן. כאָטש איינער. איך שעפּטשע אַרײַן דער שאָכנטע פון לינקס אין אויער די טרויעריקע ידיעה. נאָר זי האָט מיך אפּאָנעם ניט פאַרשטאַנען, אָדער ניט דערהערט — אַרום דונערן אופרײַסן. איך דערצייל אַ צווייטער. זי גיט זיך מיט אַ געשריי אַ וואָרף צו דער וואַנט און קוקט אין שפּאַלט. אָבער אין שפּאַלט זעט זיך גאָרנישט — ניט קיין היטלעריסטן, ניט קיין רויך. די שרעק גיט זיך איבער אַנדערע פרויען. נאָר קיינער זעט גאָרנישט. אונדזערע באַגלייטער זײַנען נעלעם געוואָרן.

עס רוישט... עס דערנעענטערט זיך! אַעראָפּלאַנען?

מע טרייסלט מיך פאַר די פּלייצעס. ווער? ווידער די אונגאַרישע פרוי. זי פרעגט, צי איך פאַרשטיי אויף פּויליש? עמעצער קלאַפּט אין וואַנט און רעדט עפּעס אויף פּויליש. וועגן וואָס שרײַט ער?

ער שרײַט, אַז אין דאָרף איז שוין אַרײַן די רויטע אַרמיי, און די היט־לעריסטן זײַנען אַנטלאָפן.

עפּשער איז דאָס אַ פּראָוואָקאַציע? מע דאַרף ניט ענטפערן.

ער שרײַט, קלאַפּט, און מיר שווײַגן.

סאָפּקאָלסאָף איז ער אוועק.

ס׳איז שטיל... עפּשער האָבן די היטלעריסטן טאַקע זיך דערשראָקן פאַר די אופרײַסן און זײַנען אַנטלאָפן, געלאָזן דאָ אונדז אַליין?..

עס הודעט ווידער. עפּעס דערנעענטערט זיך!

פאַרוואָס אזא טומל? פאַרוואָס וויינען אלע? וווּהין לויפן זיי? זיי וועלן מיך צעטרעטן! העלפט מיר זיך שטעלן, לאָזט מיך ניט אליין!

קיינער לייגט אף מיר קיין אכט ניט. כאַפּנדיק זיך פאַר די קעפּ, אויסשטרעקנדיק די הענט, לויפן די פרויען מיט געשריי און געוויין. זיי פאַרטשעפּען זיך אין די טויטע, פאַלן, שטעלן זיך גלײַך אוף און לויפן פון שײַער. נאָר איך קאָן זיך ניט אופהייבן.

אָט איז איינע געשטאָרבן. באַלד וועל איך אויך שטאַרבן, אויב מע וועט מיך ניט אופהייבן.

הינטערן שײַער הערן זיך מענערישע שטימען. רויטאַרמייער?! צי זײַנען עס טאַקע זיי?! איך וויל אהין! צו זיי! ווי שטעלט מען זיך אף די פיס?

אין שײַער לויפן ארײַן א סאַך רויטאַרמייער. זיי אײַלן צו אונדז, זוכן לעבעדיקע, העלפן זיך שטעלן. לעבן די, וועמען זייער הילף איז שוין ניט נייטיק, אנטבלויזן זיי די קעפּ.

— העלפן, שוועסטערל?

מע הייבט מיך אוף, מע שטעלט מיך אַוועק, נאָר איך קאָן זיך קיין ריר ניט געבן, די פיס טרייסלען זיך. צוויי רויטאַרמייער פלעכטן צונויף די הענט, מאַכן א „שטולכל", מע זעצט מיך אַוועק און מע טראָגט.

פון דאָרף צום שײַער פליִען סאַניטאַר־מאַשינען, עס לויפן רויטאַרמייער. איינער לייגט פאָר העלפן טראָגן, א צווייטער שטרעקט מיר אויס א שטיקל ברויט, א דריטער גיט אָפּ זײַנע הענטשקעס. פון זייער גוטסקײַט ווערט מיר אזוי גרינג אפן האַרצן, אז טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן. די סאָלדאַטן טרייסטן מיך, באַרויִקן. איינער שלעפּט אַרויס א נאָזטיכל און, ווי בא א קליינינקער, ווישט ער אויס מײַנע טרערן.

— וויין ניט, שוועסטערל, מיר וועלן מער ניט לאָזן דיך באַאוולען!

אף זײַן היטל גלאַנצט א רויט שטערנדל. ווי לאַנג כ'האָב שוין אזא שטערנדל ניט געזען!..

# נאָכוואָרט

ס׳זײַנען שוין אוועק א סאך יאָרן, זינט דער באפרײַונג. קיין טאָגבוך האָב איך מער ניט געפירט, נאָר מײַן זיקאָרן האָט באקומען די געוווינהײַט צו פיקסירן און פארגעדענקען אלץ, וואָס האָט א מער־ווייניקער וויכטיקע באַדײַטונג. דערפאר טאקע זעען מיר אויס א סאך זאכן, וועלכע זײַנען געשען אין די פארלאָפענע פיר צענדליק יאָר, זייער נאָענט, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען ערגעץ נעבן מיר. מע דארף זיי נאָר א רוף טאָן, וועלן זיי טייקעף באווײַזן זיך פאר די אויגן.

א זוניקער מײַ־פרימאָרגן. אָנשטאָט דעם באקאנטן וואָקזאל מיט דער אויפשריפט: „ווילניוס״ — א הילצערנער ניט געפארבטער ביניען. נאָר אלציינס איז דאָס ווילנע! און די גאסן זײַנען די זעלבע, כאָטש זייער אויסזען רײַסט די אויגן: אָט איז א שטוב און אָט — א הויפן ציגל מיט שטארצנדיקע אײַזערנע קראָקוועס. און אָט איז די געטאָ. די געוועזענע געטאָ! ניטאָ קיין צוים, ניטאָ קיין טויער. דאָ איז אָבער זייער א סאך כורוועס.

אונדזער הויז — דאָס הויז, ווו מיר האָבן געוווינט אין געטאָ, — שטייט גאנץ. אף די פענצטער — פאָרהענגלעך, בלומען. א קינד שפילט זיך מיט א קאץ. א פרוי צעהענגט וועש. אלץ איז אזוי געווײנלעך, רויק, ווי דאָ וואָלטן קיינמאָל קיינע טראגעדיעס ניט געווען. עפשער ארופגיין אף די טרעפ און דאָרט — ניסים וועניפלאָעס! — די מאמע, די קינדער. ניין... א פרוי ענטפערט, אז אזעלכע ווײנען דאָ ניט. אוואדע. אפילע אויב זיי לעבן, וואַרטן זיי אף מיר געוויס אין אונדזער פארמילכאָמעדיקער דירע. איך וועל גיין אהין.

לײדער... גאָרנישט ניטאָ. ניט קיין שטוב, ניט קיין דירע. זיי זײַנען, פאר־

שטייט זיך, אויך ניטאָ. גיכער פון אַלץ וועל איך קיינעם פון די קרוויווים שוין מער קיינמאָל ניט זען.

גיין אין שול? געוויס. עפשער וועל איך טרעפן דעם לערער העגריקאַס יאַנײַטיס?

מאָדנע. אַף די גאַסן איז קימאַט אַלץ אַזוי, ווי עס איז געווען דעמלט, ערעוו דער מילכאָמע. די זון שײַנט, דער אוילעם אײַלט. בלויז איך בין ניט די זעלבע. איך שלעפּ קוים די פיס, קיין קויכעס ניטאָ.

אוי, ווער גייט דאָרט? דער פּאַפּאַ? יאָ... דאָס איז זײַן ווײַסער קאָפּ, זײַן פּאָטיליצע... זײַן געגנגעלע, נאָר אָנגעטאָן איז ער מיליטעריש. דאָס איז ער! דער פּאַפּאַ! מע דאַרף צולויפן, אָניאָגן, ער זאָל ניט אַוועקגיין!

— פּאַ־פּאַ! פּאַפּעניו!

— מאַשענקע!

איך גיי צוזאַמען מיטן פּאַפּאַ! ער איז דער זעלבער, ווי געווען, בלויז די שטים ציטערט. מיסטאָמע פון צעטרודערונג. ער האָט זיך ניט געריכט, אַז איך לעב. מע האָט אים געזאָגט, אַז אַלע זײַנען אומגעקומען — די מאַמע, די קינדער, איך...

הייסט עס, אַז די מאַמע און די קינדער זײַנען טאַקע ניטאָ... און מירע?

מירע איז דאָ. זי לערנט זיך אין יורידישן פאַקולטעט און אַרבעט. אויך יאַנײַטיס לעבט. ער האָט פאַרהיט מײַן העפט, אָפּגעגעבן דעם פּאַפּאַ.

און איך האָב געבראַכט די איבעריקע פאַרנאָטירונגען: אַ קליינעם טייל האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצוהיטן, די איבעריקע האָב איך אויפגעשטעלט לויטן זיכּאָרן, ווען איך בין געלעגן אין קאַראַנטין. איך וויל וואָס גיכער זען יאַנײַטיסן און מירען.

מירע איז גראָד נעכטן אַוועקגעפאָרן קיין קאָוונע. אַף דרײַ טעג.

גאַנצע דרײַ טעג וואַרטן. לאַנג. נאָר נישקאָשע, — איך וועל דאָך וואַרטן ניט אַליין, מיטן פּאַפּאַ. איך האָב ווידער אַ פּאַפּאַ!..

1 סענטיאַבער. דער ערשטער טאָג פון לערן־יאָר. איך גיי אויך אין שול. עס איז קאָמיש. אַ דערוואַקסענע, שוין מיט אַ פּאַס אין קעשענע! און אָנגעשטעלטע און אַ... שילערן.

דער קלאַס איז פול מיט מענטשן. דאָס זײַנען לערער צי שילער? אַ סאַך פון זיי זײַנען פיל עלטער פון מיר. שמייכלענדיק פאַרשעמט, שפּאַרן זיי זיך אַרײַן אַף די בענק.

א קלונג. עס גייט אַרײַן דער לערער. ער צעעפֿנט דעם קלאַס־זשורנאַל און רופֿט אויס לויטן אַלפֿאַבעט. אַקוראַט ווי אין אַ מיטלשול. און דאָ איז דאָך טאַקע אַ מיטלשול, בלויז אַן אָוונט־שול, פֿאַר דערוואַקסענע.

ער זאָל כאָטש ניט אַרויסרופֿן!.. דאַנקען גאָט, ער נעמט שוין דאָס קרײַדל. אױפֿן טאָוול באַווײַזן זיך לאַנג פֿאַרגעסענע איקסן, איגרעקן, מאַטעמאַטישע פֿאָרמולעס...

מאָסקווע. טווערסקאָי בולוואַר. אַ גלײַכע רײ הײַזער. בלויז איין הויז האָט אַרויסגערוקט פֿאָרויס אַ פֿאַרגראַטעטן צוים ביימער און אַליין פֿאַרוקט זיך טיף אין הויף, ווײַטער פֿונעם גאַסן־טומל. די שילד אָבער ציט צו זיך: „ליטעראַרישער אינסטיטוט אױף א. מ. גאָרקיס נאָמען באַם שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון ססר״.

די אַלע פֿינף יאָר, ווען איך פֿלעג קומען אַהער אױף די עקזאַמענעס, פֿלעגט די שילד אַרויסרופֿן בײַ מיר אַן אײַנגעהאַלטענע האַוואַנע. איבערהויפּט אין די ערשטע טעג. דערנאָך איז דאָס געוואָרן אײַנגעגעסן. ביזן צווייטן מאָל.

איצט גיי איך פֿאַרבײַ דער שילד צום לעצטן מאָל. יעדנפֿאַלס, ווי אַ סטודענט. עס איז אַפֿילו אַ שאָד, וואָס איר גלאַנץ ווענדעט זיך ניט צו מיר מיט דער שטרענגער פֿראַגע: „צוגעגרייט זיך? אָנגעשריבן עפּעס נײַעס?״ און גאָרקיס פּאָרטרעט פֿון דער וואַנט קוקט, דוכט זיך, ניט אַזוי שטרענג, ווי שטענדיק... אַדרבא, ער זאָגט אַפֿילו אין גוטן מוט: „נאָכן דיפּלאָם געקומען? גיי, גיי!״

איך גיי אַרײַן אין זאַל. זומער איז בײַס די עקזאַמענעס געווען דאָ אַן אויסשטעלונג פֿון אונדזערע פֿאַרעפֿנטלעכטע ווערק. צווישן אַנדערע האָבן היינטערן גלאָז זיך געפֿונען אויך מײַנע אַרבעטן: אַ זשורנאַל מיט מײַן ערשטער דערציילונג און די ליטווישע אויסגאַבע פֿון ווּיסאַריאָן סאַיאַנאָווס „הימל און ערד״ אין מײַן איבערזעצונג.

איצט הערשט אין זאַל אַן אַקאַדעמישע שטרענגקײַט. שטיל. אױף דער בינע זיצט דער פּרעזידיום — די אָנגעזעענסטע שרײַבער. איך זאָל זיך כאָטש אין עפּעס ניט פֿאַרטשעפּען, ווען מע וועט מיך אַרויסרופֿן.

וּסעוואָלאָד איוואַנאָוו דערלאַנגט מיר אַ האַרט ביכעלע און, שמייכלענדיק דורך די ברילן, באַגריסט ער מיך מיט אַן עטוואָס הייזעריקלעכער שטים, און איך בין מאַמעש שטום געוואָרן. איך שאָקל בלויז מיטן קאָפּ: אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק!

מיט איין האַנט ענטפֿער איך אױף די באַגריסונגען, אין דער צווייטער האַלט איך דעם דיפּלאָם, מײַן דיפּלאָם!

לויטן קאלענדאר איז הײַנט א געוויינלעכער ווינטער־טאָג. אויך פון יענער זײַט פענצטער איז אלץ געוויינלעך — עס שיט א שניי. עס יאָגן אווטאָמאָ־בילן, עס אײַלן מענטשן.

פאר מיר ליגן די געבראכטע פון דער דרוקערײַ קאָרעקטור־אָפּצוגן — די זײַטלעך פונעם טאָגבוך. איצט זײַנען זיי ניט פּאָשעט מײַנע פארנאָטירונגען, זיי זײַנען שוין ווי אליין געוואָרן דערציילער. זיי וועלן אוועק פון מיר, וועלן ארײַן צו מענטשן אין די שטיבער — אין טויזנטער שטיבער — און וועלן דער־ציילן די מענטשן דאָס, וואָס איך מוז דערציילן...

# ניט נאָר ערן דעם אַנדענק

ייַנע מיטפּאַרער אין קופּע זייַנען געווען א פּאַרפּאָלק און זייער טאָכטער — א שילערן. אלע דרייַ ביז גאָר ענלעך איינער אפן אנדערן. דערצו נאָך האָבן זיי געטראָגן אלציינע ברילן, דזשינסן און ספּאָרט־שיכלעך „קראָסאָווקעס". מערניט בא דעם מיידל זייַנען זיי געווען נייַערע און שענערע. לויט דער עקיפּירונג — דעם פּאָטערס פוסרודעלעך, אקוואלאנג און באדמינטאָן, וועלכע האָבן ארויסגעשטעקט פון דעם רייַזע־טאש, איז געווען ניט שווער זיך אָנשטויסן, אז זיי פּאָרן אויך צום יאַם, קיין פּאלאנגע.

ווי נאָר דער שנעלצוג איז ארויסגעפּאָרן פון שטאָט, האָט דער פּאָטער ארויסגענומען דרייַ ביכלעך — פאר זיך, פאר דער פרוי און פאר דער טאָכטער, און גלייַך זיך פארטיפט אין לייענען. אינגיכן האָט אויך דאָס מיידל געעפנט איר בוך. געהאלטן האָט זי אים אזוי, אז איך זאָל זען — דער בוך איז אף ענגליש, געוויס האָב איך עס באמערקט, און ווי זי האָט געווארט, זיך פארוווּנדערט.

— מארינאָטשקע לערנט זיך אין אן ענגלישער שול, — האָט געזאָגט די מוטער.

איך האָב זיך, פארשטענדלעך, נאָכגעפרעגט, אין וועלכן קלאס.

— אריבערגעגאנגען אין אכטן, — האָט, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון ביכל, געענטפערט מארינע, און די מוטער האָט צוגעגעבן:

— כאַטש איר איז אינגאנצן דרײַצן יאָר.

— אָן איין כוידעש פערצן, — האָט פארפינקטלעכט די טאָכטער, ניט אָפּווענדנדיק דעם בליק פון ביכל.

די מוטער האָט דערציילט, אז מארינאָטשקע אײַלט זיך זײַן א דער־וואקסענע, אז שוין פון קינדווײַז אָן האָט זי געשטרעבט...

מיך האָט דערשטוינט דער טאָכטערס ענטפער: „אָן איין כוידעש פערצן". פונקט אזוי ענטפער איך, ווען מע פרעגט מיך, ווי אלט בין איך געווען, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. איך ענטפער מיט די זעלבע ווער־טער: „אָן איין כוידעש פערצן".

און פלוצעם האָב איך דאָ אין וואגאָן, קוקנדיק אױף די פארבײַלויפנדיקע סלופּעס און דראָטן, וועלכע אָט גיבן זיי א פלי ארויף, און אָט טוען זיי א פאל ארונטער, — „אנטדעקט": אָט וואָס עס איז אזוינס שאָלעם! ווען א פערצניאָריק מיידל פאָרט מיט די עלטערן אין פאלאנגע און אנטלויפט ניט פון פאלאנגע צופוס, א צעשראָקענע, ווײַל ארום פאלן באָמבעס און ס'רײַסן זיך הארמאטקוילן. א הונגעריקע, אין איין נאכט־העמדל. דאָס איז ניט קיין היפּערבאָל, ניט קיין אָנזעעוודיקע דעטאל און ניט קיין ליטערארישע אויסטראכטעניש, דאָס איז א פאקט.

ווען די היטלעריסטישע באצווינגער האָבן זייערע ערשטע באָמבעס און הארמאטקוילן אראָפּגעוואָרפן אפן פּיאָנערן־לאגער פון דעם דעמלטיקן בײַגרענעצדיקן קוראָרט־שטעטל פאלאנגע, האָבן די אופגעוועקטע קינדער ניט באוויזן זיך אָנצוטאָן, געלאָפן און אפילע געשפּרונגען דורך די פענצטער פון די שוין ברענענדיקע שלאָף־צימערן אין איינע נאכט־העמדלעך, און די פאשיסטן האָבן אלץ פאָרגעזעצט שיסן אין זיי פון קוילנוואָרפערס — אין די צעשראָקענע, וויינענדיקע קינדער. די פּיאָנערן־עלטסטע האָבן זיך גע־סטארעט זיי אפגיך צונויפקלײַבן, אוועקפירן. אָבער אוועקגעפירט נאָר עט־לעכע גרופּעס, עטלעכע גרופּעס פון צוויי טויזנט קינדער, וואָס האָבן גע־רוט אין לאגער.

ביז איך בין „געווען מיט די געדאנקען" אינעם ברענענדיקן פּיאָנערן־לאגער, איז דאָ, אין קופּע, מארינען, ווײַזט אויס, נימעס געוואָרן צו לייע־נען. זי האָט פארמאכט דאָס ביכל, ניט וויסנדיק מיט וואָס ווײַטער זיך צו פארנעמען.

— דו פאָרסט צום ערשטן מאָל... אהין?

כ׳ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב ניט אָנגערופן וווהין. אפּאָנעם פון אָבער־גלויביקייט, קעדיי דאָס זיצנדיקע אנטקעגן מיר מיידל ניט פאַרייניקן מיט יענע, די דעמלטיקע.

— אין פּאַלאַנגע? צום ערשטן מאָל.

— ביסט צופרידן? — מיר האָט זיך זייער געוואָלט ריידן מיט איר, עפשער צוליבן צונויפפאַל „אָן איין כּוידעש פערצן?..״

זי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען.

— נאָרמאַל.

פאַרשטייט זיך, נאָרמאַל. אַלע פאָרן אין צייט פון די קאַניקולן ערגעץ־ווו אָפּרוען.

— דער דאָקטער האָט אונדז געראָטן פאָרן קיין פּריבאַלטיקע, — האָט ווידער פאַר דער טאָכטער געענטפערט די מאַמע. דאָס באָדן זיך אין קאַלטן יאַם־וואַסער פאַרהאַרטעוועט, און בײַ מאַרינאָטשקען זײַנען מאַנד־לען.

הערן וועגן אירע מאַנדלען איז מאַרינען געווען ניט אינטערעסאַנט, און זי האָט ווידער, אָן איבעריקן כיישעק, געעפנט דאָס ביכל.

— אונדזערע פרײַנט האָבן דערציילט, אַז דאָרט איז שיין.

— דאָרט איז זייער שיין, פּראַכטפול!

איינע פון די גרעסטע פאַרגעניגנס איז מיסטאַמע לויבן דאָס, וואָס דו האָסט אַליין ליב. האָב איך געגומען דערציילן וועגן פּאַלאַנגע. וועגן דעם גאָלדיקן זאַמד, וועגן די דיונעס, די טראַדיציאָנעלע באַגלייטונגען פונעם זון־אונטערגאַנג, וועגן פּאַרק, וועגן באַרג „בירוטע״, וועגן דעם בורשטין־מוזיי, די קאָנצערטן „נאַכט־סערענאַדעס״. אפילע מאַרינעס פּאָטער האָט אָפּגעלייגט אין אַ זײַט זײַן בוך און זיך צוגעהערט. אָבער איך האָב גע־וואָלט, זייער געוואָלט, אַז דאַפקע מאַרינע זאָל זיך דערפרייען, אַז זי זאָל אַרויסווײַזן עפּעס ענלעכס אויף פרייד, אָדער כאָטש פאַרשטיין, ווי גוט דאָס איז — אָט אַזוי פאָרן מיט די עלטערן צום יאַם.

אָבער זי האָט זיך ניט געפרייט. זי האָט פּאָשעט ניט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף זיך דערמיט פרייען. און איך האָב ניט אויסגעהאַלטן:

— עמעס, דאָרט זײַנען פאַראַן אויך טרויעריקע ערטער...

— דאָס וועט דער גיד אומבאַדינגט באַווײַזן. ס׳איז שוין אַזאַ ריטואַל. —

מארינעס פאָטער האָט גלײַך פארלאָרן דעם אינטערעס צו מײַנע רייד און האָט זיך ווידער אַרײַנגעטאָן אין לייענען.

— ווו זײַנען זיי איצט ניטאָ, — האָט מילד „געשלאָסן די טעמע" זײַן פרוי.

זאָל דער לייענער מיך ניט באשולדיקן אין איבעריקער פֿניִעסדיקייט (כאָטש אין אזא פאַל איז קיין שום פניִעסדיקייט, מיסטאמע, ניט איבעריק), ניט געקוקט אף דעם, וואָס מײַנע מיטפארער האָבן ניט געוואָלט מיך הערן, האָב איך פאָרגעזעצט:

— אָבער דאָס אָרט איז א באזונדערס. דאָרט איז געווען א פיאָנערן־לאַגער. און דאפקע אף אים, אף די שלאָפנדיקע קינדער, האָבן די פאשיסטן אראָפגעוואָרפן זייערע ערשטע באָמבעס.

די מוטער האָט מיט אומרו א קוק געטאָן אף מארינען, צי האָט עס איר ניט שטארק צערודערט. אָבער מארינע האָט ניט געהערט. זי האָט ווידער געלייענט, און די מוטער האָט שטיל, נאָר פאר מיר אליין, א זיפץ געטאָן:

— סארא גרויל!..

פארשטייט זיך א גרויל, ווען מע דערהארגעט אזעלכע, ווי אָט דאָס מיידעלע, וואָס זיצט אנטקעגן מיר, ווען מע דערהארגעט נאָך קלענערע קינדער, זייערע פיאָנערן־עלטסטע און זייערע דערציִערנס. ביכלאַל ווען מע דערהארגעט.

„וועגן דעם וועט דער גיד אומבאדינגט דערציילן".

יאָ, ער וועט דערציילן און וועט באווײַזן דעם דענקמאָל, דעם סקווער ארום אים, דאָס אָרט, ווו ס'איז געווען דער פיאָנערן־לאגער. איצט זײַנען דאָרט גוט אופגעפאסטע בלומען־בייטן. אָבער ווען מע האָט גלײַך נאָך דער מילכאָמע איבערגעגראָבן דאָרט די ערד, האָט מען געפונען קינדערשע אײַזערנע בעטלעך.

מעגלעך, אז דער גיד וועט וועגן דעם אויך דערציילן. אָבער צי וועט מארינע דערשפירן א ווייטיק פון דעם, וואָס מע האָט דערהארגעט קינדער, וועלכע זײַנען דאן געווען אין אירע יאָרן? און וויפל וועלן צווישן דעם גידס צוהערער זײַן אזעלכע, ווי מארינע? ווי אירע עלטערן?

זיי האָבן, ווײַזט אויס, ליב צו לייענען. געוויס האָבן זיי געלייענט די ביכער און געקוקט קינאָ־פילמען לויט די ווערק פון מיקאַלאס סלוצקיס, אָבער אזעלכע ביכער און פילמען האָבן געקענט ניט געשאפן ווערן, —

זייער מעכאַבער איז גראָד איינער פון די פּיאָנערן פונעם פּאָלאַנגער פּיאָנערן־לאַגער, איינער פון די קינדער, וועלכע זיינען אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער צוזאַמען מיט די ברענענדיקע ראַמען, איינער פון די, וועמען די פּיאָנערן־עלטסטע האָט זיך איינגעגעבן אַרויסציִרן פון אונטער דעם היטלעריסטישן פייער. די קינדער האָט מען געפירט צופוס, אַרופגעזעצט אויף צופעליקע פורן, אויף מיליטערישע לאַסט־אויטאָס, סאָפּקאָלסאָף אַריינגענומען אין אַ מיליטערישן עשעלאָן, שוין אַן איבערגעפולטן, דעם לעצטן. אַדאַנק איינעם אַ פאַרוואונדעטן סאָלדאַט מיט אַן איבערגעבונדענעם קאָפּ, וועלכער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז מע זאָל די קינדער אַריינלאָזן אין אַ וואַגאָן מיט שווער־פאַרוואונדעטע. ווען ניט דער סאָלדאַט...

ווען ניט...

ווען ניט אַ. קוזמינאַ־דאַוגוווועטענע און אַנדערע פּרויען, וועלכע האָבן ניט נאָר אַליין ריזיקירט, נאָר אויך געשטעלט אין געפאַר זייערע מישפּאָכעס דערמיט, וואָס זיי האָבן געקויפט (כ׳האָב ניט געמאַכט קיין טאָעס — געקויפט פאַר עטלעכע מאַרקעס, פאַר אַ פלעשל בראַנפן) בײַ אַ דייטשישן וואַכמאַן קינדער, וועלכע מע האָט געפירט פון וויטעבסקער קינדערהיים אין דריטן רייך. עס וואָלט איצט ניט געלעבט דאָס געזינד פון יורי מאַראַזאָוו, וועלכן מע האָט דעמלט געקויפט. עס וואָלטן אויך ניט געלעבט אַ סאַך אַנדערע, וועלכע אַרבעטן און האָדעווען שוין אייניקלעך.

די ליבהאָבער פון טעאַטער זיינען באַקאַנט מיט דער שעפערישער טעטיקייט פונעם רעזשיסער קאַמאַ גינקאַס. געוויס פרייען זיי זיך מיט זיינע נייע אויפירונגען, באַהאַנדלען זיי. ער וואָלט אָבער איצט ניט געלעבט און ניט געשטעלט קיין ספּעקטאַקלען, ווען אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, ווען ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין פולע פיר יאָר, וואָלט אים און זיינע עלטערן ניט געראַטעוועט די מישפּאָכע פונעם ליטווישן שרייבער ק. בינקיס. דער שרייבער, ווייסנדיק, אַז ער איז האָפּענונגסלאָז קראַנק, האָט אָפּגעגעבן זיין פּאַס, קעדיי לויט אים, ענדערנדיק אַ ביסל די פאַמיליע, זאָל קענען זיך ראַטעווען אַ ייִד פון געטאָ.

עס וואָלטן ניט געווען אין אונדזער נאָכמילכאָמעדיקן לעבן נאָך זיבן מענטשן, ווען עס וואָלטן זיי ניט געהאָלפן זיך ראַטעווען די אַלמאָנע, די טאָכטער און איידעם פונעם באַרימטן קינסטלער און קאָמפּאָזיטאָר מ. ק. טשורליאָניס.

עס וואָלטן ארײַנגעפאלן צו די היטלעריסטן אין די הענט דער פארוווּנדעטער דעסאנטלער און א סאך אנדערע סאָלדאטן, וועלכע עס האָט געראַטעוועט ל. גאָלובאָווענע. בא איר אין שטוב, אין שטוב פון ג. יעגאָראָווא און נ. פוגעלעוויטשיוטע האָבן אלע דרײַ יאָר פון דער אָקופּאציע קימאט שטענדיק זיך געפונען אנטיפאשיסטן, אנטלאָפענע פון געטאָ — קינדער און דערוואקסענע. די העלדישע פרויען האָבן זיי אויסבאהאלטן, געהײלט, געהאָדעוועט; און קעדיי צו האָבן מיט וואָס זיי צו האָדעווען, האָבן זיי פארקויפט פון זיך אלץ, ביזן לעצטן קליידל.

איך וויל, אז דער לייענער, איבערהויפּט דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך דער מילכאָמע, דער, וואָס איז אין איינע יאָרן מיט מארינעס עלטערן, אָדער מיט מארינען, זאָל אופנעמען די עטלעכע בײַשפּילן ניט ווי א געוויינלעכן פאקט, וועלכן עס דערציילט אים דאָס מאָל ניט קיין גיד, נאָר א ליטעראטאָר. כ׳וויל, אז ער זאָל פארשטיין, דערשפּירן, עפּשער אפילע „אָנמעסטן אף זיך" דעם העלדנטאט פון די דאָזיקע מענטשן. דאָס איז געווען אן עמעסער העלדנטאט, ווײַל פארן ניט לאָזן דערהארגענען א מענטשן, פארן ארײַנלאָזן אפילע אף איין נאכט א פארוווּנדעטן רויטארמייער, א מישפּאָכע פון א סאָוועטישן קאָמאנדיר, אן אנטלאָפענעם פון געטאָ דערוואקסענעם אָדער א געהיים ארויסגעטראָגן קינד, איז געווען איין שטראָף — שיסן, צוזאמען מיט דעם, ווערמען מע האָט געפּרוּווט אויסבאהאלטן.

מענטשן, וועלכע האָבן ארײַנגעלאָזט צו זיך די פארפאָלגטע, האָבן געוווּסט, וואָס עס דראָט זיי דערפאר.

די אָקופּאנטן פלעגן ניט נאָר ארויסגעבן באפעלן און פאראָרדענונגען, נאָר פון צײַט צו צײַט, קעדיי אָנשרעקן די באפעלקערונג, אופהענגען אף די שטאָטישע פלעצער איינעם אָדער עטלעכע מענטשן מיטאמאָל, צופּעסטיקנדיק דערבײַ א ברעטל מיט אן אופשריפט: „איך האָב אויסבאהאלטן א באָלשעוויק", „איך האָב געהאָלפן א ייִדן".

און ניט געקוקט אף דעם, האָבן מענטשן אויסבאהאלטן, געהאָלפן זיך ראטעווען.

בא די ווייניקע, ווערמען עס האָבן געראטעוועט אזעלכע מענטשן, בא די, וועלכע ווייסן זייער קאָנקרעטן רעטער, איז דער געפיל פון דאנקבארקײַט

פֿאַראַן, זיי פֿאַרגעסן קיינמאָל ניט, אַז זיי לעבן, ווײַל מע האָט זיי ניט געלאָזט דערהאַרגענען. אַזאַ געפֿיל דאַרף אָבער זײַן אויך בא מאַרינעס עלטערן. זיי קענען ניט פֿאַרשטיין — דער רויִק לייענענדיקער מאַנצבל און די באַומרויִקטע, צי האָב איך ניט אָנגעטאָן קיין אַגמעסנעפּעש איר טאָכטער, פֿרוי, אַז זיי זײַנען געבוירן געוואָרן, לעבן, אַז מאַרינע איז בא זיי פֿאַראַן נאָר אַדאַנק דעם, וואָס דאַן, אין צײַט פֿון מילכאָמע, האָט מען ניט באַוויזן צו דערהאַרגענען זייערע צוקינפֿטיקע עלטערן, אַז אַדאַנק דעם קענען זיי איצט פֿאָרן מיט דער טאָכטער צום יאַם. עפּשער האָט יענער עלטערער מענטש אין דער געשטרײַפֿטער פּיזשאַמע, וואָס איז נאָרוואָס פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ אונדזער קופּע צום וואַגאָן־באַגלײַטער נאָך טיי, דאַן אונטערגעקלאַפּט אַ היטלעריסטישן טאַנק, וועלכער האָט זיך גערוקט צו דעם שוצגראָבן, ווו עס איז געלעגן זײַן אָדער איר פֿאָטער. אָדער עפּשער איז ער, אָט דער, וואָס איז ווידער פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט טיי, דאַן געווען אַ פֿליִער און האָט אַראָפּגעשלאָגן דעם אַעראָפּלאַן, וועלכער וואָלט פֿאַר עטלעכע מינוט אַראָפּגעשליידערט זײַנע באָמבעס אויף אַן עשעלאָן מיט פֿרויען און קינדער. און אין דעם עשעלאָן איז אין אַ ווינקל געזעסן אַ יונג מיידל — מאַרינעס באָבע.

ווען דעם וועט דער גיד ניט דערציילן. און ווען ער וועט זיי ברענגען צו פֿירן צו אַ גרויסן ברודער־קייווער אין צענטער פֿון פּאַלאַנגע, וועט ער נאָר דערציילן, וועלכע שלאַכטן זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַר דער שטאָט און אירע אומגעגנטן, וויפֿל מענטשן זײַנען אומגעקומען. אָבער דערזען הינטערן צאָל, הינטער יעדער ציפֿער פֿון דער זייער טרויעריקער סטאַטיסטיק, אַ לעבעדיקן, ביז דער שלאַכט נאָך אַ לעבעדיקן מענטשן, דאַרפֿן זיי אַליין, און אויסלערנען דאָס זען זייער טאָכטער...

דער גיד וועט ברענגען צו פֿירן צום ברודער־קייווער און דערציילן וועגן די שלאַכטן ניט דערפֿאַר, פֿינקטלעכער ניט נאָר דערפֿאַר, ווײַל ס'איז אַזאַ ריטואַל, נאָר קעדיי זיי, די לעבעדיקע, זאָלן דאָס מאָסיג זײַן, דערשפּירן — אויב די סאָלדאַטן, לייטענאַנטן, מאַיאָרן, די יונגע באָכערים און מענער, וועמענס געביין ס'ליגט דאָ, און די פֿאַמיליע־נעמען זײַנען רייענווײַז אויסגעקריצט אויפֿן שטיין, וואָלטן ניט אָפּגעגעבן זייער לעבן, באַפֿרײַענדיק פּאַלאַנגע, וואָלטן זיי איצט ניט געקענט קומען אַהער זיך באָדן אין יאַם, ליגן אויפֿן פּליאַזש, שפּאַצירן אין פּאַרק.

ניט צוליבן ריטואַל האָט אַן עלטערע לענינגראַדער פֿרוי אַוועקגעלייגט אויף איינעם פֿון די קוואַרים פֿון דעם פּיסקאַריאָווער מעמאָריאַל אַ לעבעלע ברויט מיט אַ צעטעלע: „מאַמע, איך קער דיר אום דאָס ברויט, וואָס דו האָסט מיר דעמאָלט אָפּגעגעבן".

און ניט ווי אַ העמשעך פֿון ריטואַל האָבן אונדזערע טוריסטן (ווידער ניט זייער קיין יונגע) אויפֿן אָלשאַנסקער בעסוילעם אין פּראָג, ווו עס זײַנען באַערדיקט די סאָוועטישע קעמפֿער, אומגעקומענע באַם באַפֿרײַען די הויפּט־שטאָט פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע פֿון די היטלעריסטן — נאָך דעם, ווי זיי, די טוריסטן, האָבן אַוועקגעלייגט בלומען, זיך ניט געאײַלט צוריק צום אויטאָבוס, און נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען צווישן די קוואָרים, און, ניט האָבנדיק עפּעס־וואָס־אַנדערס, געלאָזן אויף זיי פֿאַרביקע קאַרטלעך: בילדער פֿון מאָסקווע, לענינגראַד, טביליסי, ראָסטאָוו — אַ גרוס פֿון היימלאַנד.

אַ סאַך, זייער אַ סאַך קוואָרים. אויף יעדן אײַנדזעלע בלײַען די זעלבע רויטע בלומען, די זעלבע, ווי אין שערענגעס, ניט קיין הויכע מאַצייוועס. כמעט איינע און די זעלבע דאַטע פֿון אומקום — 1945. דער לעצטער פֿאַרניצאָכנדיקער כוידעש. נאָר בײַ אייניקע, וועלכע זײַנען, ווײַזט אויס, געשטאָרבן פֿון וווּנדן, שוין אַ נאָכמילכאָמעדיקע דאַטע. ווייניק האָבן זיי, די דאָ באַערדיקטע, געלעבט 24, 23, 21, 19 יאָר... די מאַצייווע דערציילט, ווי הימלשרײַענדיק ווייניק ער האָט געלעבט. בײַ אייניקע שטייט נאָר איין דאַטע — די דאַטע פֿון אומקום, אָדער נאָך אומבעראַכמאָנעסדיקער — איין וואָרט אויפֿן גאַנצן שטיין — אומבאַוווּסטער... און אַן אַלטע מאַמע ערגעץ אין אַ ווײַטן סיבירער דאָרף ווייסט ניט, אַז איר זון ליגט דאָ, אונטער דעם שטיין...

זי, די מוטער, ווייסט עס ניט נאָך דערפֿאַר, ווײַל דער קייווער פֿון איר זון איז אַזוי ווײַט פֿון דער היים.

מיר איז אויסגעקומען צו זײַן אויף בעסוילעמס פֿון סאָוועטישע קעמפֿער אויך אין אַנדערע, באַפֿרײַטע פֿון פֿאַשיזם, לענדער, און יעדעס מאָל פֿלעג איך אַוועקגיין פֿון דאָרטן מיט אַ געפֿיל פֿון שולד. זיי בלײַבן דאָ, און איך, אַ לעבעדיקע, פֿאָר אַוועק, איך קער זיך אום צוריק אַהיים, צו מײַן געוויינלעכן לעבן.

ניין, דאָס איז ניט קיין ריטואַל — באַזוכן די קוואָרים פֿון די אומגעקו־

מענע. דאָס איז נייטיק, קעדיי זיך אליין ניט דערלויבן פאַרגעסן און אזעלכע מאָרינעס אויסלערנען פּאַרשטיין: מילכאָמע איז ניט קיין שיסעריי און אופרייסן אפן עקראַן פון טעלעוויזאָר. מילכאָמע — דאָס איז טויט. עס פאַלן אף דער ערד און שטארבן ניט קיין אבסטראקטע עמעצער, נאָר אזעלכע, ווי מיר, מענטשן. גייענדיק פון איין קייווער צום צווייטן, לייענענדיק לאַנגע שורעס מיט פאמיליעס אף די אָבעליסקן, זעט מען דייטלעכער און מע באַנעמט טיפער וויפל מענטשלעכע לעבנס האָט געקאָסט אונדזער יעדער הייניקער טאָג, יעדע, כאָטש די קלענסטע, פרייד. אפילע די, וואָס זעט אויס אזא פּאַשעטע — די מעגלעכקייט פאָרן מיט דער טאָכטער אף די קאַניקולן צום יאַם.

„דאָס באָדן זיך אין קאַלטן יאַם־וואסער פאַרהאַרטעוועט". וועגן דעם זאָרגט די מוטער. צי וועט זי אָבער אויסלערנען די טאָכטער פּילן, הערן דעם גידס דערציילונג, דורכדרינגען זיך מיט פּיין דערפון, וואָס אזויפיל יונגע מענטשן ליגן שוין פערציק יאָר פון אונדזער נאָכמילכאָמעדיקן לעבן אין די קוואַרים... אומקערן זיי צום לעבן קען מען ניט, מע קען אָבער און מע מוז ניט דערלאָזן, עס זאָל אינגאנצן אויסגעלאָשן ווערן דער אָנדענק, ווייל נאָר דאן ווערט ער אינגאנצן פאַרלאָשן, ווען ער גייט אוועק פונעם זיקאָרן פון לעבעדיקע מענטשן.

איילט זיך ניט דערווידערן, אז אומזיסט באומרויִק איך זיך. דאָס וועט קיינער ניט דערלאָזן. דאָס גאַנצע לאַנד האָט פייערלעך אָפּגעמערקט דעם פערציקסטן יאָרטאָג פון ניצאָכן. דעם אָנדענק פון די געפאלענע אכט מען, און וועגן די לעבן־געבליבענע וועטעראַנען זאָרגט מען.

אין די באַשלוסן פון דער רעגירונג זיינען פאַרפּיקסירט פּריווילעגיעס און לגאָטעס. דאָס איז אלין עמעס, אָבער עס האַנדלט זיך ניט וועגן ביי־זיין אף אזעלכע מיטינגען אָדער אָנטיילנעמען אין צערעמאָניעס פון לייגן בלומען אין געוויסע יוביליי־טעג.

אויב זיין אינגאנצן אופריכטיק, דאַרף מען זיך מודע זיין: עס פּאַסירט, אז א יונגערמאַן, אפילע אף צוריקוועגס פון אזא „ריטואַל", אריינגייענדיק אין א קראָם, ווייזט, אין בעסטן פאל שווייגנדיק, ארויס זיין אומצופרידנקייט דערמיט, וואָס צום פאַרקויפער זיינען צוגעגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן צוויי וועטעראַנען. מעגלעך, אז אזעלכע אומצופרידענע זיינען פאראַן געציילטע, אָבער דאָס נעמט אלציינס ניט אראָפּ די פּראָבלעם, — אפילע די סאַמע

קלענסטע, אומגערעכטיקייט בלייבט פאַרט אומגערעכטיקייט. נאָר איצט רעד איך ניט וועגן זיי. איך כאַזער איבער: עס האַנדלט זיך ניט וועגן אָפּיציעלע, זאָל זיין אפילע פילצאָליקע אונטערנעמונגען און ניט וועגן די פאַרויסגעזעענע אין דירעקטיוון און אינסטרוקציעס, אָדער אפילע אופריכטיקע אופמערקזאַמקייט צו די וועטעראַנען. עס האַנדלט זיך וועגן דער הויפּטזאַך — אַז די היינטיקע דוירעס — דער מיטעלער און יונגער דאָר, מענטשן גליקלעכע שוין נאָר דערמיט, וואָס זיי זיינען געבוירן געוואָרן נאָך דער מילכאָמע, זאָלן איבערנעמען בא די יעניקע, וועלכע האָבן באשיצט זייער לעבן, דעם געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אכרייעס. פּערזענלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלעמען, פאַרן גאַנצן לאַנד, פאַר דער צוקונפט. דאַן איז דאָס דאָזיקע געפיל געווען בא יעדערן, ווער ס'האָט געקעמפט אפן פראָנט, בא די, וועלכע האָבן לויטן עלטער אָדער לויטן געזונט־צושטאַנד ניט געדאַרפט גענומען ווערן אין אַרמיי, וואָס האָבן איינגעשפּאַרט געפּאָדערט, מע זאָל זיי שיקן אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, די, וואָס זיינען געגאַנגען אין פאָלקס־שוץ און זיך פאַרייניקט מיט די פאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, דעזשורעט אַף די דעכער אין בלאָקאַדנעם לענינגראַד, ווער ס'האָט געגראָבן שוצגראָבנס אָדער גאַנצע מעסלעסן ניט אָפּגעטראָטן פון די ווערקשטעלן, ווער עס האָט געראַטעוועט די, וועמען ס'האָבן פאַרפאָלגט די היטלעריסטן.

ווען אונדזערע לאַנדסלייט וואָלטן דאַן ניט געהאַט דעם דאָזיקן הויפּטגעפיל, וואָלטן מיר דעם פאַשיזם ניט באַזיגט. און די ראַכוועסן פון אונדזער לאַנד, די שטעט און דערפער, אין וועלכע מיר לעבן און די ביייאַמישע געגנטן, וווּהין מיר פאָרן זיך אָפּרוען, וואָלטן געווען — וועגן דעם איז אפילע שרעקלעך א טראַכט צו טאָן! — „א לעבנס־רוים פאַר דער העכסטער דייטשישער ראַסע". און די „נידעריקע ראַסעס" (קעדיי דער היינטצייטיקער לייענער זאָל פאַרשטיין — די פעלקער פון אַלע אונדזערע רעפּובליקן) וואָלטן בעהאַדראַגעדיק פאַרניכטעט געוואָרן. ס'איז אפילע געווען איינגעשטעלט די ריי און דער טערמין ווען און וועמען צו פאַרניכטן.

איצט, ווען מיר ווייסן מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט די צווייטע וועלט־מילכאָמע, זעט אַזוינס אויס אומעגלעך. דאָס, וואָס עקזיסטירט, איז שווער זיך פאָרשטעלן אַלס ניט עקזיסטירנדיקס. ס'איז וויכטיק, מע זאָל ניט אויסהיטן אַזוינס זיך פאָרשטעלן. אָבער ווי קען מען ניט פאַרשטיין, אַז דעם גידס דערציילונג איז ניט נאָר א ריטואַל, נאָר א באַערונג פונעם אָנדענק

פון די אומגעקומענע. צי וועלן אזעלכע מענטשן, ווי מײַנע מיטפּאַרער, באַנעמען, דערשפּירן די הײַנטצײַטיקע סאַקאַנע — שוין פון אַן אַלוועלטלעכער פאַרניכטונג, א פאַרניכטונג פון דער גאַנצער מענטשהײַט? דעם אומקום פון זיי אַליין, פון מאַרינען...

עפּשער איז קעדײַ א קלער צו טאָן וועגן דעם, אַז סײַ די געפאַלענע אַף דער מילכאָמע, סײַ די וועטעראַנען, ווען זיי איז געווען „אָן א כוידעש פערצן" האָבן אויך געהאַט טאַטע־מאַמעס, וועלכע האָבן זיי געוויס פּונקט אַזוי ליב געהאַט און אויך געוואָלט פאַר זיי נאָר גוטס. אָבער אויב די דערמלטיקע עלטערן וואָלטן זיי אָפּגעהיט פון אַלגעמיינע זאָרגן און אומרו, ווער ווייסט צי די געוועזענע פּערצניאָריקע וואָלטן אַף דער מילכאָמע געקענט באַשיצן דאָס לעבן. און מיר, די איצטיקע, דאַרפן עס באַשיצן ביזן קריג.

עפּשער זײַנען אין דער ניט זייער פאַרינטערעסירטער באַציִונג צו דעם, וואָס „דער גיד וועט באַווײַזן" אין א געוויסער מאָס שולדיק אויך מיר — „די גידן", וועלכע שרײַבן ביכער, שטעלן פילמען, מאָלן בילדער וועגן דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע?

אונדזער ליטעראַטור און קינאָ, אונדזער גאַנצע קונסט קען שטאָלצירן מיט זייער א סאַך באַדײַטנדיקע ווערק. וואָרהאַפטיקע, טאַלאַנטפולע און איבערצײַגעוודיקע באַהעפטן זיי אונדזער הײַנטיקע יוגנט מיט די געשעענישן פון יענע יאָרן. אָבער וויפל לאָזט מען ארויס ביכער און פילמען, וועלכע קענען ארויסרופן א נעגאַטיווע רעאַקציע. אין אייניקע פאַלן ווערט די מילכאָמע באַוויזן צו גראַדליניק און פאַרײַנפאַכט, אייניקע זײַנען איבערפולט מיט אכזאָריעס. אַן איבערפלוס פון אכזאָריעס קען פאַרטעמפּן דעם באַנעם. צי פילט זיך ניט אין אייניקע ווערק א גראַדליניקע טענדענץ? די דאָזיקע טענדענץ נעמט צו באַם לייענער און צושויער די עמאָציאָנעלע באַהעפטקייט מיט די געשעענישן און דערמיט די אומיטלבאַרע אופווירקונג. און, ענדלעך, צי ווערט ניט פאַרמינערט די האַרבקײַט פון קאַמף מיטן היטלעריסטישן פאַשיזם, מיט דעם גוט באַוואָפנטן, אויסמושטרירטן אין דער לער פון האַסן און פאַרניכטן פײַנט? דער איבערפלוס פון דעטעקטיוון עלעמענט באַם ווײַזן מילכאָמע־פּאַסירונגען, איז ניט דערלאָזבאַר. צי כאַפּן מיר ניט איבער די מאָס, „ארײַנזעצנדיק" קימאַט אין יעדער שטאַב פון סוינע אונדזערע אויסשפּירער, וועלכע זײַנען א סאַך געניטער און דרייסטער פון די סאַמע דערפאַרענע דײַטשישע גענעראַלן?

ווערק וועגן דער מילכאָמע זייַנען זייער נייטיק. און וואָס גרעסער עס איז די סאקאָנע פון א נייַער מילכאָמע, אלץ אקטועלער ווערט די נויטווענדיקייַט אין זיי. און טאקע דערפאר טאָר מען ניט דערלאָזן קיין האנאָכעס אף דער „טעמאטיק". מע דארף זיי שאפן, ארויסגעבן און שאצן מיט באזונדערע פאָדערונגען און פאראנטוואָרטלעכקייַט.

מע מוז אלץ טאָן, אז אזעלכע מענטשן, ווי מייַנע מיטפאָרער — מארינעס עלטערן און זי גופע, זאָלן פארשטיין, — ניט עמעצנס, פרעמדע מענטשנס פארגאנגענהייַט ווערט באשריבן אין די ביכער און ווערט באוויזן אף די קינאָ־עקראנען, נאָר זייער אייגענע. דער זיג האָט דערמעגלעכט, אז זיי זאָלן געבוירן ווערן, און דאָס, וואָס זיי פאָרן הייַנט צום יאם זיך אָפרוען איז ניט פאָשעט „נאָרמאל". דאָס איז גוט, זייער גוט, דאָס איז גליק. און אָט דאָס גוטס, דעם עצעם לעבן דארפן איצט באשיצן זיי אליין.

# וועגן דעם מוז מען נאָך אַלץ דערציילן...


ווישן די געוועזענע אסירים פון די היטלעריסטישע קאָנצענט־ראציע־לאגערן איז מיסטאמע ניטאָ קיין איינער, בא וועמען מע זאָל פון צײַט־צו־צײַט ניט פרעגן: „וויאזוי זײַט איר לעבן געבליבן?"

מע פרעגט עס אויך בא מיר. איבערהויפט אָף די טרעפונגען מיט לייענער. ווי זאָל איך זיי דערקלערן, אויב אפילע זיך אליין ווערט וואָס ווײַטער אלץ מער אומגלויבלעך דאָס, וואָס דאן איז פאָרגעקומען. איך דערצייל וועגן די אקציעס, און וועלכע איך בין צופעליק ניט ארײַנגעפאלן, אָדער וועגן די סעלעקציעס, דאָס הייסט דאָס אָפּקלײַבן צום טרײַבן אין גאז־קאמער, ווען עמעצן פון די עסעס־לײַט האָט זיך מיסטאמע אויסגעוויזן, אז איך קאָן זיך נאָך דערשלעפּן צו דער ארבעט און דערפאר האָבן זיי מיך דערווײַל ניט אומגעבראכט. אָבער דאָסראָוו, קעדיי ניט ארופבערענגען אפן אוילעם א צו גרויסן אומעט, דערצייל איך וועגן אונדזערע דעמאלטיקע טרוימען. געוויס האָבן זיי אויך געהאָלפן... נאָר דאן האָבן מיר זיי, פארשטייט זיך, אזוי ניט גערופן. פּאָשעט, ווען עס פלעגט שוין ווערן אומדערטרעגלעך צו דערהאלטן, ווען עס פלעגט ווערן אזוי שווער, אז שווערער, דוכט זיך, קאָן שוין ניט זײַן — פון דער טאָגטעגלעכער נאָענטקײַט צום טויט, פון דער שטענדיקער שוואכקײַט און הונגער, פון דער האָפענונגסלאָזיקײַט — אָט דאן פלעגט עמעצער אומבאדינגט פארפירן א געשפרעך וועגן דעם, ווי מיר וועלן לעבן נאָך דער מילכאָמע, ווען מיר וועלן ווידער זײַן אינדערהיים, מיט אונדזערע אייגענע, און יעדערער פלעגט זיך אין די געדאנקען אוועקטראָגן אהין, אהיים... איך, פארשטייט זיך, אויך. נאָר כ'וויים אליין ניט פארוואָס, די פרײַהײַט גופע האָב איך זיך

פאָרגעשטעלט ווי א ריזיק פעלד מיט א לאַנגן, ברייטן וועג ביזן סאמע האָריזאָנט, און איך גיי מיט אָט דעם וועג, נאָר ניט אין קיין קאָלאָנע קאַצעטלער, און אָן א קאָנוואָי. און די הויפּטזאַך — איך מעג אזוי גיין! און נאָך פלעגן מיר זיך פאָרשטעלן, ווי אפן טיש וועט ליגן א גאַנץ לעבעלע ברויט, און מע וועט קענען פון אים אָפּשניידן, און עסן, עסן, וויפל עס ווילט זיך.

און נאָר וועגן איינס האָבן מיר דאַן, איך פארשטיי אליין ניט פארוואָס, ניט געקלערט, — ווּהין וועלן זיך אהינטאָן די וואכלייט, אויסזעער פונעם לאַגער, אלע אָבער־ און אונטערשארפירערס, די אלע, וועלכע טרייבן אין גאַז־קאַמערן, וועלכע צווינגען אונדז, די צייטווייליק לעבן־געבליבענע, א גאַנצע נאַכט צו שטיין אפן פראָסט מיט אויפגעהויבענע הענט, פויזען אף אלע פיר ארום באַראַק, מיט די הענט אויסקערן ביז ריין די טעריטאָריע פון איין צוים ביזן צווייטן? עפשער האָבן מיר דעמאלט וועגן דעם ניט געקלערט, ווייל מיר האָבן אינסטינקטיוו ניט געוואָלט זיי אריינעמען אין אונדזער צוקינפטיקן לעבן? און עפשער דערפאר, וואָס דאָס קומענדיקע לעבן האָט זיך אונדז אויסגעוויזן אָן קיין שום שלעכטס?

זייער ווייניק פון די, מיט וועמען איך האָב צוזאמען געטרוימט וועגן דער פריי, האָבן דערלעבט ביז דער באפרייונג. און ניט דורך א בליענדיק פעלד בין איך געגאַנגען פון לאַגער, אפילע אליין ניט געגאַנגען, נאָר שוין אינגאַנצן אָפּגעשוואַכטע, האָבן מיך געטראָגן אף די הענט צוויי רויט־ארמייער. נאָר אלציינס: דער געדאַנק, אז פון איצט אָן וועל איך שוין ווידער קאָנען גיין ווּהין איך וועל וועלן — איז געווען. די ערשטע מינוטן איז ער געווען דער איינציקער. מיר האָבן, פארשטייט זיך, געזען, פארשטאַנען, אז מיר זיינען שוין ניט אין לאַגער און דאָך זיינען מיר נאָך ניט געווען זיכער, אז דאָס איז אזוי. און אפילע אין יאָרן ארום, ווען עס איז שוין פארביי א סאך צייט, און מיר האָבן ווידער געלעבט נאָרמאַל, מיט אלעמען צוגלייך, פלעגט אמאָל פלוצעם אָנפאַלן א שרעק, אז אָט שיסט מען אין אונדז, מע טרייבט אין די גאַז־קאַמערן. און דאָס פלעגט זיך איבערכאַזערן ניט איין מאָל, — צו טיף איז געווען איינגעוואָרצלט די שרעק...

נאָך זייער לאַנג פלעגט מיר פלוצעם אָנכאַפּן אן איימע, אז איך האָב פארלאָרן די געלע לאַטע, דעם נומער, אָדער אז איך טראָג ניט די געשטרייפטע העפטלינגס־קלייד. און ווען איך פלעג זיך אויפכאַפּן פון שלאָף,

פלעג איך ניט גלייך פארשטיין, אז איך געפין זיך ניט אין פארגראטעוועטן באראק. און דעריקער — איך האָב ליב געקראָגן צו גיין. איך פלעג ספּעציעל צוטראַכטן א ווייטן מאַרשרוט, אפילע ניט לויט די קויכעס, און גיין, גיין! דערביי האלטן אין איין איבערכאַזערן: איך מעג! און וועל שוין אלע־מאָל מעגן אזוי גיין וווהין איך וויל.

אויף דער טרוים וועגן ברויט איז פארווירקלעכט געוואָרן. און כאָטש עס איז שוין לאַנג פאַרביי דער דעמלטיקער געפיל פון הונגער, אָבער נאָך ביז היינט, ווען איך טראָג אהיים א גאַנץ לעבעלע ברויט, פיל איך עס — איך טראָג ברויט! ברויט טראָג איך!

לײדער, אָבער, איז קימאט בא קיינעם פון אונדז ניט פארווירקלעכט געוואָרן דער טרוים צו טרעפן נאָך דער מילכאָמע אונדזערע אייגענע. און צו דעם איז געווען זייער פיינפול זיך צוגעוווינען. אליין זיינען מיר אזוי לאַנג געווען נאָענט פון טויט, אָבער אין אומקום פון אונדזערע נאָענטע האָבן מיר ניט געקענט גלייבן, — עס איז שווער, באזונדערס שווער צו גלייבן אין אומקום פון א מענטשן, וועלכן דו האָסט ניט געזען א טויטן. און ווער עס האָט ניט קיין קייווער...

ניט גלייך האָבן מיר באַנומען, אז די יעניקע, וואָס האָבן זיי דערשאָסן אָדער געיאָגט אין די גאַז־קאמערן, וואָס האָבן אונדז געפייניקט, זיינען געבליבן לעבן, כאָטש עמעצער האָט געזען, ווי שוין אין עטלעכע שאָ ארום נאָך דעם, ווי די רויטע ארמיי האָט אונדז באַפרייט, זיינען צוויי אונדזערע אופזעערינס, איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער, פארביי־געפאָרן אין א בריטשקע. דער אונטערשארפירער, אין א טיראָלישן הוט מיט א פעדער, איז פאר־ביי־געפאָרן אף א וועלאָסיפּעד, צעשפּריצנדיק די שיטערע, פרילינגדיקע בלאָטע. מיט פרייד האָט אייגער דעם אנדערן איבערגעגעבן — זיי זיינען ניטאָ! מיר האָבן דעמלט אפילע ניט פארשטאַנען, אז דאָס אנטלויפן זיי פון אונדז, ווער עס קען זיי אין פּאָנעם, פון אונדז, וועלכע האָבן געזען, ווי זיי פלעגן מיט איין מאך מיט דער האנט טרייבן מענטשן אף אומקום: אָבער, אז זיי לעבן, האָבן מיר באַנומען א סאך שפּעטער.

נאָכן נירענבערגער פּראָצעס האָבן די נאַצישע פארברעכער, פריער־אומלעגאַל, דערנאָך לעגאַל — אופגעהויבן די קעפּ און גענומען לויבן זייער „בעקאָוועדיקע" פאַרגאַנגענהייט.

אזוינס האָבן מיר דאַן, אין לאַגער, זיך פאָרשטעלן ניט געקענט. ווי מיר האָבן זיך אויך ניט געקענט מעשאער זײַן, אַז אין א סאַך יאָרן ארום וועט דער פאשיזם נאָך אלץ לעבן און מע וועט וועגן אים נאָך אלץ מוזן ריידן.

מיר האָבן געוואָלט, זייער געוואָלט, אַז מענטשן, וועלכע וועלן לעבן נאָך היטלערס מאפּאָלע, ווען ס׳וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, זאָלן וויסן, וואָס מע האָט מיט אונדז אָפּגעטאָן. אפילע די סאמע אָפּגעשוואכטע, וועלכע האָבן פארשטאנען, אַז בא דער קומענדיקער סעלעקציע וועט מען זיי שוין געוויס אוועקיאָגן אין גאַז־קאַמערן, האָבן געהאַט נאָר איין באַגער, — עס זאָל כאָטש עמעצער בלײַבן לעבן און וועגן אלץ דערציילן.

און די געבליבענע, יעדער לויט זײַנע קויכעס און מעגלעכקײַטן, דערציילן טאקע, ניט קעדיי ארויסרופן מיטגעפיל, כאָטש דאָס וואָלט אויך געווען נאטירלעך.

ניט קעדיי ארויסרופן מיטגעפיל קערן מיר זיך אום צוריק צו די שרעקלעכע יאָרן. דערצו פארשטייען מיר זייער גוט, אַז די הײַנטיקע יונגעלײַט, באזונדערס די, וואָס זײַנען געבאָרן געוואָרן נאָך דער מילכאָמע, וואָס באקומען א פאָרשטעלונג וועגן איר נאָר לויט ביכער, טעאטער און קינאָ, קענען ניט, בא זייער בעסטן ווילן, אין דער פולער מאָס זיך פאָרשטעלן, וואָס אונדזער דאָר האָט אין יענע יאָרן איבערגעלעבט, — אזוינס זיך פאָרשטעלן איז זייער שווער. דאָס זעלבע פילן געוויס אויך די געוועזענע שלאכטלײַט, ווען זיי, אלטע און גראָווע, דערציילן פאר דער יוגנט וועגן זייער קאמף מיטן היטלעריזם.

דערציילן וועגן דעם, דערמאָנען, אליארמירן מוז מען, ווײַל די מערדער לעבן נאָך. ניט נאָר זיי לעבן, נאָר זיי זײַנען טעטיק. עס זײַנען טעטיק די יעניקע, וועמעס ארבעט איז באשטאנען אין טויטן מענטשן, אין אומברענגען פעלקער.

זיי האָבן געשטרעבט צו אָפּרייניקן דעם לעבנס־רוים פון פרעמדע, קעדיי דער רוים זאָל געהערן בלויז זייער „העכסטער ראסע”. זיי האָבן קאָנפיסקירט דעם פארמעגן פון די געפּײַניקטע. אפילע געהאנדלט מיטן אש פון די אומגעקומענע אין די גאַז־קאַמערן.

די מערדער, וואָס האָבן אומגעבראכט צענדליקער מיליאָנען מענטשן, זײַנען אליין גאנץ געבליבן. די מערהײַט פון זיי איז אפילע ניט באשטראָפט געוואָרן, אפילע ניט צוגעצויגן געוואָרן צו פאראנטוואָרטלעכקײַט.

א באַרעכטיקונגס־אורטייל האָט אַרויסגעטראָגן דער געריכט אין דער עסטרײַכישער שטאָט גראַץ דעם געוועזענעם שטעלפאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַריאַט פון דער אָקופּירטער ווילנע, דעם סאַדיסט פראַנץ מורער. אָט דער פראַנץ מורער איז שולדיק אין אומקום פון איבער הונדערט טויזנט מענטשן. ער האָט מיט זײַנע אייגענע הענט געשאָסן, געמאָרדעט.

דעם עסעס־שטורמבאַנפירער מאַרטין פעלענץ, וועלכער האָט אין קראַקאָוו און אַנדערע פּוילישע שטעט אומגעבראַכט איבער פערציק טויזנט מענטשן, האָט מען פאַרמישפּעט בלויז אויף זיבן יאָר. באַקומט זיך, אַז פאַר דערמאָרדן א מענטשן וואָלט ער געדאַרפט זיצן אין טפיסע ניט מער ווי אָנדערהאַלבן שאָ. ער וואָלט... ווײַל דורך פאַרשיידענע מאַניפּולאַציעס האָט מען אים באַפרײַט.

מ׳האָט אָנערקענט אַלס אומשולדיקע און באַפרײַט די עסעס־אָפיצערן וואַלטער דעיאַקאָ און פריץ ערטעל, וואָס האָבן געבויט די גאַז־קאַמערן אין אָסווענצים. דער לייטער פון דעם קרעמאַטאָרי אין מאַוטהאַוזן איז אפילע געקומען אין „זײַן" לאַגער אַלס טוריסט.

דעם עסעס־מאַן רידעל, וועלכער האָט אין מאַלעוו און אַנדערע שטעט געמאָרדעט מענטשן אין „דושעגובקעס" פון זײַן אייגענער קאָנסטרוקציע, האָט מען באַגנעדיקט אויף דעם סמך, וואָס עקספּערטן האָבן דערוויזן, אַז אין רידעלס „דושעגובקעס" פלעגן די קאַרבאָנעס פאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן אין 60—90 סעקונדן, ווען אין פּאָשעטע גאַז־קאַמערן האָט עס געדויערט 10—15 מינוט, און אַזוינס קען ניט באַצייכנט ווערן, ווי אַן אַכזאָריעסדיקער מאָרד.

מיטן טערעץ, אַז ער האָט געדינט דער וויסנשאַפט, איז באַרעכטיקט געוואָרן דער דאָקטער פון דאַכאַו קלאָוס שילינג, וועלכער האָט דורכגעפירט אויף לעבעדיקע מענטשן „מעדיצינישע" עקספּערימענטן. אויף דעם זעלבן סמך, וואָס ער האָט קלוימערשט געדינט דער וויסנשאַפט, איז אויך באַפרײַט געוואָרן און האָט ווײַטער געלייענט לעקציעס אין אוניווערסיטעט פון פראַנקפורט־אַפן־מײַן האַנס פליישבאַקער, וועלכער האָט אָפּגעקליבן אין אָסווענצים 150 אסירים־ייִדן, קעדיי נאָך דעם, ווי מע וועט זיי דערמאָרדן, זאָל ער באַקומען זייערע שאַרבנס.

די טרוצים צום באַפרײַען זײַנען פאַרשיידענע, אָבער דער טאָך איז דער זעלבער. און וויפל מערדער זײַנען בכלל ניט געווען צוגעצויגן צו פאַר־

אַנטוואָרטלעכקײַט. זיי, און אויך די, וואָס האָבן באַקומען ווײַט ניט קיין אַנטשפּרעכיקע זייערע פֿאַרברעכנס שטראָף, זײַנען אַף דער פֿרײַ און זײַנען ווידער פֿאַרייניקט אין פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און פֿאַרבאַנדן. פֿאַראַן אַן אָרגאַניזאַציע פֿון געוועזענע סאָלדאַטן פֿון דער טרויעריק באַרימטער עסעס־פּאַנצער־דיוויזיע „לייב שטאַנדאַרטע אַדאָלף היטלער", אַ פֿאַרבאַנד פֿון „די געוועזענע לאַגער־היטערס" (דאָ האָט גרויס פֿלײַס אַרויסגעוויזן דער אַדיוטאַנט פֿון אָסוועגצימער קאָמענדאַנט ראָבערט מולקע), און אויך אַ סך אַנדערע. עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן נײַע פֿאַרבאַנדן, בלויז אין דער דײַטשישער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק זײַנען טעטיק איבער הונדערט נעאָנאַציסטישע און אולטראַמיליטאַריסטישע אָרגאַניזאַציעס. אייניקע פֿון זיי האָבן אַ ביסל געענדערט די היטלעריסטישע „טעאָריעס", אַנדערע האָבן זיך אַפֿילע ניט באַמיט דאָס צו טאָן. אַלע אָבער רופֿן צו נײַע „דראַנגען", צו הערשאַפֿט, צום אויפֿשטעלן די „מעכטיקײַט" פֿון דריטן רײַך.

אַזוינע אָרגאַניזאַציעס זײַנען טעטיק ניט נאָר אין דער דײַטשישער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק. זייער פֿיל געוועזענע עסעס־לײַט לעבן און זײַנען טעטיק אין פּשא, קאַנאַדע און באַזונדערס אין די לענדער פֿון לאַטײַן־אַמעריקע.

וועגן דעם, ווי איז אַזוינס מעגלעך, פֿרעגט מען מיך אויך אַף די לייענער־קאָנפֿערענצן. און ווידער קען איך ענטפֿערן מיט פֿאַקטן.

אַזוינס איז מעגלעך, ווײַל אַפֿילע נאָך דער מילכאָמע האָבן אַ סך עסעס־ריכטער פֿאַרנומען הויכע פּאָסטנס. אַף דער פֿאָדערונג פֿון אַ גרופּע אָנגעזעענע פּערזענלעכקײַטן, אַז מע זאָל די געוועזענע ריכטער באַזײַטיקן, האָט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער טוער פֿון יוסטיץ־מיניסטעריום פֿון מײַרעוו־דײַטשלאַנד געענטפֿערט, אַז מע קאָן ניט אויטאָמאַטיש באַזײַטיקן אַ ריכטער נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהערט צו עסעס.

אַלס הויפּט־איידעס אַף די געריכט־פּראָצעסן טרעטן אַרויס געוועזענע מערדער.

אין די בוך־האַנדלונגען פֿון מײַרעוו האָבן זיך באַוויזן ביכער, וועלכע רימען היטלערן. אין די דאָזיקע „ווערק" ווערן די פֿאַרמישפּעטע אָפֿן נירענבערגער פּראָצעס נאַצי־אָנפֿירער אַרויסגעשטעלט ווי נאַציאָנאַלע העלדן. זייערע אַלמאָנעס און געוועזענע קאָלעגן שרײַבן און גיבן אַרויס מעמואַרן. אין וואַשינגטאָן האָט זיך געגרינדעט אַ ספּעציעלער אַמט, וואָס פֿאַרנעמט

זיך מיט די קריגס־טראָפּייען, אויפֿן ערשטן אָרט שטייט היטלערס „מײַן קאַמף“. פֿאַר זעכציק טויזנט דאָלאַרן האָט דער דאָזיקער אמט פֿאַרקויפֿט דעם פֿאַרלאַג „האָוקטאָן מיפֿלין קאָמפּאַני“ די ליצענזיע אַרויסצוגעבן דאָס „ווערק“. דער פֿאַרלאַג האָט אים גענומען פֿאַרשפּרייטן אין יאַפּאַן, שפּאַניע, מעקסיקע, בראַזיליע און אַנדערע לענדער. עס האָט זיך פֿאַרגרעסערט דער האַנדל מיט אַנדערע „סוווענירן“ פֿון דריטן רײַך — נאַציסטישע מונדירן, עסעס־קינזשאַלן, פֿאָנען מיט סוואַסטיקעס. גרויסע סומעס צאָלט מען פֿאַר פּאַפּירן מיט היטלערס אונטערשריפֿט. דערפֿאַר האָט מען אין מײַרעװ־דײַטשלאַנד קאָנפֿיסקירט דעם „ברוינעם בוך“ וועגן די קריגס־פֿאַרברעכער פֿון דער דײַטשישער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק, וואָס איז דערשינען אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אין דעם דאָזיקן בוך זײַנען אָנגערופֿן געמען פֿון 1800 אָנגעזעענע נאַציסטן, וועלכע האָבן פֿאַרנומען הויכע פּאָסטנס אין מײַרעװ־דײַטשלאַנד.

זיי זײַנען נאָך פֿאַראַן די אַלע, וואָס האָבן געשיקט צום טויט און אַליין געמאָרדעט. עס זײַנען פֿאַראַן זייערע הענט, די זעלבע הענט, וועלכע האָבן דאַן געשאָסן זייערע קאָרבאָנעס פֿון הינטן אין קאָפּ, וועלכע האָבן געעפֿנט די קראַנען מיט גאַז. און די זעלבע, דעמאָלטיקע, זײַנען זייערע אויגן, וועלכע האָבן זיך געצילט, געקוקט, ווי אונטערגעשאָסענע פֿון זייערע קוילן פֿאַלן מענטשן אין די גריבער — אָפֿט נאָך לעבעדיקע, מער ניט פֿאַרווונדעטע. עס זײַנען פֿאַראַן אויך די אויגן, וועלכע האָבן דורך א פֿאַרמאַסקירטן פֿענצטערל אין גאַז־קאַמער קאַלטבלוטיק און גע־שעפּטלעך נאָכגעקוקט, ווי זייערע קאָרבאָנעס שטיקן זיך אין שרעקלעכן פּײַן.

איצט זעען זיי אויס ווי רעספּעקטפֿולע אַלטע הערן. און אין די הענט האַלטן זיי איצט, מיסטאָמע, נאָר א שטעקעלע. און די אויגן דאַרפֿן שוין ברילן. אָבער די זעלבע זײַנען זיי, די זעלבע! מערדער ווערן ניט קיין מענטשן, און מע מוז דערציילן וועגן זייערע פֿאַרברעכנס, וועגן דער מיל־כאָמע, וועלכע האָט צוגענומען פֿופֿציק מיליאָן לעבנס — ניט נאָר קעדיי צו דערמאָנען וועגן דער פֿאַרגאַנגענהײַט. עס איז א וואָרענונג: דאָס בײַז לעבט! און ס'איז ניטאָ וואָס צו האָפֿן, אַז דאָס געוועזענע בײַז איז פֿאַר די, וואָס לעבן הײַנט, ניט סאַקאָנעסדיק. די געפֿאַר פֿון קריג און בײַז איז שרעקלעך ניט נאָר מיט דעם, וואָס פֿון א געפֿאַר קען דאָס יעדער ווײַלע ווערן א ווירקלעכקײַט, נאָר אויך דערמיט, וואָס די רעאַלע נאָענטקײַט פֿון אומ־

קומען, דער שטענדיקער פארשטאנד, אז דאָס קען פאסירן, קאליעטשעט די נעשאָמעס. מע טאָר ניט, פאר קיין פאל טאָר מען ניט, דערלאָזן, אז אין דער יוגנט זאָלן די, וועלכע עס הייבט ערשט אָן לעבן, שוין שפּירן די נאָענט־קייט פון טויט.

עס איז שווער דאָס אַלץ צו באַגרייפן. נאָך שווערער וועגן דעם צו ריידן. אָבער די שרעקלעכע פאַרגאַנגענהייט און דער אומרו וועגן דער צוקונפט צווינגען דערצו — מע מוז וועגן דעם ריידן...

# אינהאלט

מ. ראָלניקײַטע

# איך מוּז דערציילן


קינסטלער ד. שימיליס

רעדאקטאָר מ. לעוו

קינסטלערישער רעדאקטאָר יע. קאפוסטין

טעכנישע רעדאקטאָרן ר. סאָקאָלאָווא,

ט. קאזאָווסקאיא

קאָרעקטאָר ד. גראָזאָווסקע

אינפאָרמאציע־ביולעטען №5858

אָפּגעגעבן אין זאץ 26.01.88. אונטערגעשריבן צום דרוק 08.07.88. פאָרמאט $70\times108^{1}/_{32}$ טיפּאָגראפיש פאפיר נומ. 1. הויכדרוק. באדינגלעכע דרוקבויגן 10,85. פארלעגערישע דיסקאָנט־בויגן 11,20. טיראזש 970 עקז. באשטעלונג נומ 778. פרײַז 75 קאָפּ.

באלוינטער מיטן אָרדען פעלקער־פרײַנטשאפט פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל", 121069, מאָסקווע, וואָראָווסקי גאס, הויז נומ. 11.

באלוינטע מיטן אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִי" פון „סאָיוזפּאָליגראפפּראָם" פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון פססר איבער די איניאָנים פונעם פארלאג־וועזן, פּאָליגראפיע און בוך־האנדל, 121019, מאָסקווע, אקסאקאָוו־געסל, הויז נומ. 13.

*Мария Григорьевна Рольникайте*

Я ДОЛЖНА РАССКАЗАТЬ

**Художник** ***Д. Б. Шимилис***
**Редактор** *М. А. Лев*
**Художественный редактор** *Е. Ф. Капустин*
**Технические редакторы**
*Р. Я. Соколова* и *Т. С. Казовская*
**Корректор** *Д. С. Грозовская*

**ИБ № 5858**

Сдано в набор 26. 01.88. Подписано к печати 08.07.88. Формат 70×108¹/₃₂. Бумага тип. № 1. Высокая печать. Усл. печ. л. 10,85. Уч.-изд. л. 11,20. Тираж 970 экз. Заказ № 778.
Цена 75 коп.

Ордена Дружбы народов издательство «Советский писатель» 121069, Москва, ул. Воровского, 11

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного
комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13

**Рольникайте М. Г.**

Р 68 Я должна рассказать: Роман, рассказы. На еврейском языке. — М.: Советский писатель, 1988. 248 с.

**ISBN 5--265--00149--2**

В предисловии к русскому изданию этой книги Э. Межелайтис писал: «Это не беллетристика. Это подлинный документ, где конспективно изложены жизнь человека и его великое упорство, трагизм, героизм. И, наконец, это документальное обвинение тем, кто ответственен за убийство невинных людей, за зверства.»

М. Рольникайте четырнадцатилетней девочкой была заточена в концентрационный лагерь. Ее записи впоследствии и стали романом «Я должна рассказать». Кроме романа в книгу вошли рассказы — раздумья автора об ответственности послевоенного поколения за судьбу мира.

**Р $\frac{4702200000-274}{083(02)-88}$ 406—87** **ББК 84 Е7**

16—М. Рольникайте